# היימלאנד

## ליטעראַר׳שער זאַמלבוך

אָ ג י ז
מעלוכע-פֿאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע 1943

פּערעץ מאַרקיש

# דעם יידישן שלאַכטמאַן

1

איך ווייס: דו האָסט געקושט די ביקס אין יענעם טאָג,
וואָס האָט אַף וואָגשאָלן געלייגט פון פאָלק דאָס לעבן,
און מיט א יעדן שאָס, ווי מיט א דונערדיקן גלאָק,
האָסטו געבענטשט דאָס לאַנד, וואָס האָט זי דיר געגעבן.

האָסט א דערקלערונג מאַכן פייערלעך געהאַט
מיט פייער און מיט בלוט דורכן אופשטייג און דורכן ווייען —
דו! דער ייִד! דער בירגער! דער סאָלדאַט!
דו! דער ייִד! דער רויטאַרמייער!

געהאַט האָסט א דערקלערונג מאַכן מיט דער ביקס,
אַזאַ, וואָס ניט פאַרוועלקן וועט זי ווי די שטערן —
דו ביסט געווען, וועסט זיין, דו ביסט
קעגן דער פינצטערניש און קנעכטשאַפט דער פאַרשווערער!

דו האָסט אמאָל פון בערג געבאָטן צען דערקלערט,
אַז ס'זאָל מיט זיי דאָס האַרץ פון וועלט זיך פּיטערן און פעסטען.
פאַרפאָלגטע, טראָגן מיר זיי שטאָלץ איבער דער ערד
דורכן אַלע אַרבע מיסעס בעסדן —

פון פאָלק צו פאָלק — מיט דערגער אַף די הענט,
פון לאַנד צו לאַנד — מיט וואָגל-ווינט געפּאָרט דאָרט.
מיר מעלדן זיי אויך דאַן, ווען אונדזער מויל איז שוין פאַרברענט!
מיר מעלדן זיי אויך דאַן, ווען אונדזער האַלדז איז שוין געשאָכטן!

אַצינדער טראָגט זיך דיין דערקלערונג צו דעם קאַט,
אַזאַ, וואָס נאָר מיט ביקס אין האַנט דערקלערן קאָן מען.
ס'באַוועגט זיך באַרג און טאָל, עס מורמלט גראָז און בלאַט,
און בלוט אַף אַלע וועגן שרייט: — נעקאָמע!

איך ווייס: דו האָסט געקושט די ביקס אין יענעם טאָג,
וואָס האָט דיך אויג אַף אויג געשטעלט מיטן באַגרעבער,
און מיט א יעדן שאָס, ווי מיט א דונערדיקן גלאָק,
האָסטו געבענטשט דאָס לאַנד, וואָס האָט זי דיר געגעבן.

2

אלצײנס — צי שמעלצסט זיך אײַן אין רודער פון א טאנק,
געגורט מיט גרימצאָרן און גענעמדיקע בלײַען,
און טראָגסט זיך שטאָלץ איבערן טויט ווי דער געדאנק
אונטער דעם בליץ-געפליעסק פון דונער און פון פײַער,

צי אין געפלאצטן הימל מיט גערויש און דראנג
איבער זעניטן-וואלד פון פלאַם דיך טראָגן פליגל.
נאָר אין דײַן יעדער שאָס איך הער אזא געזאנג,
וואָס איז נאָך הייליקער און זיסער פון דער מאמעס וויגליד.

צי אפן מיטן פעלד — אין וויכערדיקן האנט-געפעכט,
צי באם הארמאט — דאָס פײַער איבער שטרעקעס ריכטנד,
געמסט ווי א רײַטער א באריער נאָך א באריער
און שוויס ביז בלוט פון דײַן צעגליט געזיכט גייט,

צי אינעם קוילנווארפער אײַנגעגלידערט ביסט,
צי דורך גראנאטן בליצט איבערן פעלד דײַן קראפט-שײַן,
נאָר פון דײַן יעדן זאלפ איבערן הארצן זיך צעפליסט
אזא פארפלייצנדיקע באָרכי נאפשי!

די שפראך פון דיכטער און נעוויִים אף דער ערד,
דער רויש פון טײַכן, דער געמורמל פון די ביימער,
זיך הייליקן זיי קומען בא דער לויכטנדיקער שווערד,
מיט וועלכער דו באצאָלסט פאר פאָלק און היימלאנד!

די שפראך פון ווינט, די שטילקײַט פון די בערג,
פון רעגנבויגן די קאָלירן און די פארבן —
זיך שלײַפן קומען זיי צום בלענד פון דײַן געווער,
מיט וועלכן דו בראָקסט די הענקער און פארדארבער,

פונקט ווי געשליפן זיך אמאָל זיי האָבן בא איר ליכט,
די שארף פארשפרעכנדיק, בארוישט און האסטיק,
דאן, ווען געשטורעמט און געבראָקט דו האָסט מיט איר
פון פינצטערניש די דאָגמע און סכאָלאסטיק!

3

פון ניט פארוועלקנדיקן אוראלט איך פארנעם,
ווי א צאוואָע, דעם גערויש פון שלאכטן. איך פארגעס ניט,
ווי שימען און ווי לייווי האָבן אויסגעקוילעט שכעם
פאר לעסטערן, פאר שענדן זייער שוועסטער.

אצינדערט איז קיינ צאָל אפ צײלנ ניט פאראנ,
קיינ וואָרט אצינד אפ ווײנענ איז ניטאָ מער.
זאָל ווי א בארג זיכ איצט אראָפּלאָזנ דײַנ האנט,
זאָל דרײַ מאָל, ווי דער אומגליק, גרויס זײַנ די נעקאָמע!

דער גלאנצ פונ זײער בלוט איז זיסער פונ באגינ,
קיינ פרייד אזא אינערגעצ איז ניטאָ מער —
אָט שטייט ער קעגנ דיר, דער דײַטש, פּונקט ווי א יאשטשער גרינ, —
רײַס זיכ ארײַנ אינ גאָרגל, אינ זײַנ טאָמענ,

אונ ביזנ לעצטנ אָטעם ניט פארגעס
פונ זויג-קינדער געשלײַדערטע, פונ מאמעס די געהוילנ,
די ערד די ווײנענדיקע פונ דער שטאָט אָדעס
אונ דאָס געוויינ פונעם פארבלוטיקטנ לוקיאנאָווקער בעסוילעם.

איבער געשאָכטענע קעהילעס, איבער אָרעמקײַט צעפּליקטס
יאָרהונדערטער זיכ קויקלענ, פּונקט ווי רייפנ.
וועסט, יידישער סאָלדאט, זיכ ניט צעשיידנ מיט דער ביקס,
ווי ס'האָבנ דײַנע זיידעס ניט צעשיידט זיכ מיטנ סייפער.

דו וועסט זי ניט ארויסלאָזנ פונ האנט אצינד,
ס'וועט אינ דײַנ צאָרנ איבערברענענ יעדער פעסטונג.
— א שטאָט פאר יעטווידנ געשאָכטנ קינד!
— א שטאָט — פאר יעטווידער געשענדטער שוועסטער!

גיי, רויטארמייער יידישער, נעקאָמע נעמ,
זאָל זיכ ניט אויסשעפּנ פונ הארצ דײַנעמ דער צאָרנ,
ביז ס'וועט בערלינ ניט זײַנ צעבראָקט ווי שכעמ,
ביז ס'וועט דאָס בלוט ניט זײַנ באצאָלט פונ דײַנע קוואָרימ!

4

איכ ווייס ניט — גרוי צי שווארצ
איז דער קאָליר פונ דײַנע אויגנ,
ווארשײַנלעכער פונ אלצ זײַנענ זיי שארפ
אונ דורכדרינגלעכ, ווי פײַלנ פונ די בויגנס.

איכ ווייס ניט — בלאָנד צי שווארצ
אונ צי געקרײַזלט איז דײַנ קאָפּ באוואקסנ.
ווארשײַנלעכער פונ אלצ
איז ער פארפעסטיקט מיט געדאנק אפ דײַנע אקסל,

אונ דענקט מיט פײַער אונ מיט פלאמ
אונ איז מיט מונטערקײַט מיט שלאכטיקער באלאָדנ,

אַלצײנס, צי שווימסטו אױפֿן דעק פֿון יאַם,
צי טראָגסטו זיך אין וואָלקנס, ווי אַן אָדלער,

מיט שראַמען שלאַכטיקע דורכויס באַקריצט,
מעסלעסן קײַלעכיקע נאָכאַנאַנד — קיין רו ניט.
ווי זיס איז ער, דער שווינדלדיקער בליץ,
וואָס ווײַזט דעם וועג צו שאַרבנס דײַטשישע דײַן דונער,

און רײַסט זיי אויף, און שטאָפּט זיי אָן מיט קויט,
און גיט זיי שלאָפּגעטראַנק צום לעצטן אײַן נאָך.
אָ, סאַראַ טײַנער ס'איז, ווען ס'קומט אין זיי דער טויט
דורך הענט דורך אויסגעווייטע, טע דורך דײַנע,

אין פֿאַרב אין אײנציקער פֿון גליק געגאַרטס,
פֿון פּאָנעם, פֿלאַטערדיקע איבער שלאַכטן,
זע איך דײַן הײס, דײַן ברענענדיק, דײַן ייִדיש האַרץ,
דײַן דאָרשט צום זײַן, און צו דעם ניט-זײַן — דײַן פֿאַראַכטונג!

איך ווייס ניט דעם קאָליר פֿון האַס.
איך ווייס זײַן קראַפֿט, און פֿון זײַן קראַפֿט די פֿאָלגן.
איך ווייס: ס'וועט זײַן אַ יאָנטעוו אויך אין אונדזער גאַס,
און אין דער קייט דער גאָלדענער וועט אײַנשליסן דאָס פֿאָלק דיך!

5

איך ווייס: דו האָסט קיין ברויט ניט אָנגערירט אין יענעם טאָג,
ווען ס'האָט דער קאַט דאָס פֿאָלק צום אויסראָטן געמאָלדן.
גאָר ניט קיין טאָנעס ס'איז געווען און ניט קיין פּלאָג,
געמאָלדן מ'האָט עס ניט צום ערשטן מאָל דיר...

דאָס וואַסער אויסגעטריקנט אין באַקלאַזשקע האָט,
געריסן קריִע אויפֿן לײַב האָסטו פֿון צאַר און ווייטאָק,
ווען זקײנים האָט דער קאַט געיאָגט אין מאָרד און שפּאָט,
ווען איבער קינדער האָט די האַק געטאָן זיך אַ צעגיי דאָרט.

נאָר ניט אַראָפּגעלאָזט אין פּײַן האָט זיך דײַן קאָפּ,
דײַן ביקס, פּונקט ווי אַ רײניקײַט, האָט זיך אין ד'רהייך געהויבן!
צוויי טויזנט גאָלעס-יאָר זײַנען פֿון דיר אַראָפּ,
און פֿינף און צוואַנציק פֿרילינגס צערטלען דיך מיט צויבער,

אַז ווי אַ לייב אין שלאַכטן גייִן זאָלסט גראַד,
דײַן גײַסט זאָל שטאָלץ קעגן דעם הענקער זײַן פֿאַרמאָסטן.
— דו האָסט באַשטעטיקט דײַן באַרוף בײַ סטאַלינגראַד!
— דו האָסט דײַן רעכט באַשטעטיקט אונטער מאָסקווע!

פאָרויס אונטער דער פאָן — דער ברידערלעכער רוס,
מיט דיר דער אוקראַינער גייט צוזאמענ
אונ דער ווײַסרוס, אונ נאָך, אונ אַלעמענ איז גלײַך באוווּסט,
אז נאָר איינ היימלאנד איז פאראנ, ווי ס'איז פאראנ איינ מאמע!

אונ שטארבנדיק אפּ שלאכטפעלד, בענטשנ ווערט די שווערד,
אונ מיט א קוש זיך צולייגנ צו דער באפרײַטער שוועל דאָ.
איך מיט דײַנ לײַב ז'פארקנאָטנ רוסלאנדס ערד,
איך מיט דײַנ בלוט זײַנענ באגאָסנ אידע פעלדער!

איז נעמ פונ הארצ מײַנעמ דאָס טיפסטע קאָל,
עס שיידט זיך גיט מיט טריט מיט דײַנע בא די ראנדנ!
דיך איג דער קייט דער גאָלדענער ווערט אײַנשליסנ דאָס פאָלק,
א שטערנ אָנטאָנ ווערט א גאָלדענעם דאָס לאנד דיר!



# קיין טראָט צוריק

(פּערעץ מאַרקיש — קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע „סטאַלינגראַד")

I

די ערד — אַן אָפּגעריסענע — האָט זיך אַנטבלויזט,
אַן איבערצייטיקער — פאַרדעקט האָט זי דער דעמער.
פון פראָנט דורכוויסיקן טאָג-איין טאָג-אויס
זיינען יעדיעס אומרויק געגאַן אין קרעמעל.
געגאַן זיי זיינען גראָד אין האַרץ אַריין צו דעם,
אַף וועמען ס'איז געווענדט דער בליק פון וועלט פון גאָרער.
געזעצט זיי האָבן זיך אַף אים ווי פייגל אַף אַ דעמב
און זיך אַריינגעגרויזשט אין אים מיט פיין מיט קלאָרער.
אַף וואָגשאָלן געוויגן האָט ער יעדן שפּאַן
פון הוילער ערד, פון אָפּגעטראָטענער און טריבער,
און האָט געזען, ווי ס'נעענטערט זיך אַ יענער ראַנד,
וואָס אויך דער טויט אַליין וועט קיינמאָל ניט אַריבער.
פאַרטויבט די רוימען האָט אַ האַרבסטיקער געהויד,
מיט גאָלד, ווי בלוט, געקלונגען האָבן בלעטער;
און צוגעגאַנגען איז פון גורל די מינוט:
— קיין רעגע — פריער, קיין רעגע — שפּעטער!

מיט לייב-און-לעבן — אין עם אופשטייג פון אוראַל,
ביז אָפּגעווענדט דאָס אויג פון די קאַווקאַזער הויכן,
און טראָגנדיק די וואַך אַף ראַנדן איבעראַל
צעווישן אַש, און בראַך, און סרייפעדיקע רויכן,
אין זאָרג פאַר יעדער קלייניקייט געשפּאַנט,
דאָס בלוט דאָס טריפנדע פון געגנטן פאַרהאַמענד,
האָט ער אָן אויפהער אויסגעהערט דאָס האַרץ פון לאַנד,
געשריבן אַ באַפעל פּונקט ווי אַזאַ קאַרדיאָגראַמע —
פון וויפל הונדערט טעג אין כוואַליקן צעוויג,
אין שטורעם פון צעשטערונג און פון פיינט,
געשפּרייט האָט זיך אין ווונדן פאַר זיין בליק
דאָס אויסגעבלוטיקטע ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע,

אין קייטן אָנגעטאָנענע און מיט א זאק
פארדעקט דאָס בלוטנדיקע פּאָנעם.
געקליידט אין טרויער האָט געקוקט אף אים דער טשאטירדאג,
און מיט געוויין געראפן האָט דער שטילער דאָן אים...

געשטאנען פאר זיין בליק דער רוסישער סאָלדאט,
דער אויסגעוואקסענער אין פייער און געוויטער,
וואָס קיינמאָל האָט קיין לאסט אף אים צו זאָגן ניט געהאט
און וואָס קיין בארג און יאַם האָבן ניט אָפּגעשטעלט די טריט אים.
ער האָט געזען אים שווימען ביזן האלדז אין שניי,
ס׳פארווינטיקטע געזיכט און דעם שינעל דעם גרויען.
אין מוירעדיקע נעכט פון ווינט און פון זאווײ
אן אָנגעפּעלצטן מיט געדולד און קויעך,
געזען האָט ער אים פון זיין ווייטן אָנהייב אָן,
א ריינעם, ווי דער שניי דער ניט-גערירטער, —
ווי ס׳שטייט פאר אים אין פעלד נאפּאָלעאָן,
באוווּנדערנד זיין קלוגשאפט און זיין ווירדע.
ס׳איז זיכערקייט אין הארץ בא אים געווען,
פארקוקנדיק זיך אף דעם פּראָסטן רוסלענדישן גיבער;
צו אים האָט זיך זיין בליק אצינד געווענדט,
צו אים אצינדער דעם באפעל האָט ער געשריבן.

אָט איז ער — אף דעם עקסטן ראנד, —
און די הארמאָשקע דורך דער פּלייצע אפן רימען;
ער שיידט זיך ניט מיט איר אין שלאכט — באנאנד,
די אויגן — דורכגעטריבענע און בלויע ווי דער הימל.
אָט איז זיין בלאנקענדיקער ביטל צו דעם טויט,
זיין ניט-געצוימטע לוסט און ליבע צו דעם לעבן,
ער טיילט דאָרט מיט א פריינט דעם לעצטן ביסן ברויט,
דעם קאָפּ פאר אים ער גרייט איז אָפּצוגעבן.
געזען האָט ער אין אים פון פאָלק דעם שטאם,
וואָס אזוי שווער איז אים צעווייגן און צעטאָרען.
נאָר אין געשלעג זיין מוט איז טיפער פונעם יאַם,
און פון די שטורעם-ווינטן שטארקער איז זיין צאָרן,
און גרויזאמקייט אין בליק בא אים איצט ברענט,
בא אָט דעם פּראָסטן רוסלענדישן גיבער.
צו אים האָט זיך דער פירער איצט געווענדט,
צו אים אצינדער דעם באפעל האָט ער געשריבן.

און כאָר זיין בליק געשטאנען איז דער קאָמאנדיר,
דער דאָר דער נייער היימלענדישע ריטער,
דער אופגעוואקסענער אין בלענדנדיקער ליכט
און אינעם טרויער פון פארלוסטן א געשטאָלטער און צעבליטער.

ער האָט געזען אין אים די פינף און צוואַנציק יאָר,
דעם גרויסן פּרווו, וואָס ס'ליגט אַף אים די וואָר אום;
דער טראָט איז פעסט, דער גײַסט איז קלאָר
אין שטאָלצן אָפּשטאַם פון קוטוזאָוו און סוואָראָוו.
ער טראָגט אין בליק דעם ווײ פון לאַנד,
און פונעם פאָלק דעם גורל — אינעם האַרצן;
די צוקונפט האָט דערלאַנגט די שווערד אים אין דער האַנט,
ער דענקען זאָל דורך איר און אומגעוואַקלט האַרט זײַן.
באַגײַסטערונג האָט אין זײַן אָפּגעצערט געזיכט געבליצט,
און אָפּפער ליכטיקער, און הייסע ליבע.
צו אים האָט זיך געווענדט דער פּידער איצט,
צו אים אַצינדער דעם באַפעל האָט ער געשריבן.

א יעדער וואָרט איז אָפּגעגאָסן מיט בלוט,
א יעדער בוכשטאַב האָט געטריפט מיט ווייטעק:
געשריבן האָט ער דעם באַפעל מיט צאָרן און מיט וווט
פאַר זיבעציק מיליאָן פּאַרקאָוועטע אין קייטן.
אין סרייפּעדיקן אַש — אַף לינקס און רעכטס —
געטאַנצט די האַק האָט איבער רוקנס מיט געלעכטער.
עס האָט צו אים געטראָגן זיך דער שטומער קרעכץ
פון אופגעהאַנגענע, געקרייצטע זין און טעכטער.
— קיין טראָט צוריק! — האָט זיך אין יעדער וואָרט געהערט.
— ניט צולאָזן דעם טויט! פאַרשליסן אים די וועגן!
ניט נאָר דאָס לאַנד דער פײַנט מאַכט כאָרעוו מיט דער שווערד,
דאָס האַרץ פון פאָלק ער רײַסט שוין מיט די נעגל.
געשריבן האָט ער דעם באַפעל, פאַרנעמענדיק ס'געוויין
פון גאָר דער ערד, פאַרזונקענער אין טרויער,
און אַף א ביקס אים אופגעהויבן אין דר'הייך פאַר דער אַרמיי,
איר די נעשאָמע פונעם פאָלק געטאָן האָט א פאַרטרוי ער.

באַרעכנט ביז צום גרונט געווען איז אַלץ,
אין טרײַער זאָרג פאַרהיטנדיק די קריגער,
ווי ס'רעכנט אויס דער יעגער די דיסטאַנץ
בא דעם פאַטאַלן שפּרונג פון לאָקערדיקן טיגער,
אַז קומען אומפאַרמײַדלעך זאָל דער קלאַפּ
אַן אומדערוואַרטער, א געקרעפּטיקטער אײַנדרײַען,
ווען א צעיושעטע מיט בלוטדורשטיקן סאַפּ
וועט שוין אין דער פאַרצוקונג זיכער זײַן די כײַע.
דאָס איז געווען דער לעצטער טראָט צוריק,
ווי אַן אַרײַנאָטעם — אַף ברייטער זיך פאַרמעסטן.
און אופגעגאַנגען איז דעמלט פאַר זײַן בליק
אין איר אומשטערבלעכקײַט די וואָלגער פעסטונג.

**און מיט א שטריכ איז זיכ אדורכגעגאנ זײַנ האנט**
**דורכ א זיגזאג א בלויענ אפ דער מאפע:**
**— אָט דאָ, בא דעמ ניט-צוטריטלעכנ ראנד**
**איז דער געבורט פונ ערשטנ שטאפל!**

## II

**א שווארצער וואלד הארמאטנ אפנ סטעפ,**
טאבונענ שווארצע לויערדיקע טאנקענ,
די ערד צעקײַענדיק מיט גרילציקנ געהעפ,
האָבנ מיט פײַער אפ דער וואָלגע זיכ פאראנקערט
פונ דאָרפ צו דאָרפ — מיט סרייפעס אינ דער ברייט,
קיינ ביימעלע קיינ איינציקס ניט געמיטנ,
א האלבער הימל האָט זיי כמארעדיק באגלייט
מיט שווארצע „יונקערסנ”, מיט שווארצע „מעסערשמיטנ” —
פונ צענ פארקנעכטיקטע מעדינעס דאָס געווער.
פונ זייטנ דרײַ — מיט פײַערדיקע קלאמערס,
שוינ אפנ גאָרגל טרעטנדיק, פארטויבט אונ שווער
אראָפּגעלאָזט זיי האָבנ זיכ ווי האמערס.
אונ דרײַ מאָל הונדערט טויזנט מאנ,
וואָס האָבנ זיכ געקייפּלט יעדעס מאָל דאָרט,
זײַנענ פארשיקערט-שטאָלצ אונ האָפערדיק געגאנ
אראָפּוואַרפנ דאָס רויטע כאַיל אינ דער וואָלגע.

געוויגנ בא דעמ וואָלגע-טײַכ האָט זיכ גערמאניעס רומ.
האלב-רונדיק אָנגעוואלגערט, פעסט אונ אומגעוואקלט,
מיט גיר פארזויגנדיק דעמ סטעפיקנ ארומ,
אונטערגעפירט האָט זי מיט גײַווע דעמ סאכאקל
פונ לענדער צענ, דערוואָרגענע אינ יאָכ,
פונ קרוינשטעט, אופגעפרעסענע אינ פלאקער.
אנ אָנגעשיקערטע מיט כורבנ אונ מיט בראָכ,
אונטערגעפירט האָט זי דעמ טײַוולשנ סאכאקל
פונ גאנצע געגנטנ, פארוואנדלטע אינ אש,
פונ קייטנ, אָנגעטאָנענע אפ גאנצע קאָנטינענטנ.
אונ קוויקנדיק זיכ מיט הארמאטנ-ראש,
האָט זי צו סטאלינגראד א זיכערע גענעענט דאָרט.
פונדאנענ בלויז — פונ סטאלינס שטאָט
וועט זי דער גאנצער וועלט די געלע לאטע אָנטאָנ.
אונ פונ געוועלטיקײַט אומברעגיקער זיכ האָט
גערויכערט ארומ איר אזא פארבלענדנדיקער פלאָנטער.

און ניט געזענ האָט זי, ווי ס'איז מיט א באזוכ
צו איר דער טויט געגאנ אראָפּנעמענ א מאָס שוינ.

געבלעטערט האָט זי דעם בעסאַלמענ-בוכ
פונ איר צעבליטער בלוטיקער האַכנאָסע
אונ אויסגערעכנט — פונקט אונ אַקוראַט —
דאָס בלוט, די קוואָרים אינ די גרוילנ,
א ציילעמ אַפ א זײַט, א ציילעמ אַפ א בלאַט:
אָט ליגט טשעכאָסלאָוואַקיע אונ דאָס דערשטיקטע פוילנ.
ווי ציפער רוימישע — די טליִעס דורכ אַפ דורכ...
צי ס'איז א ווינט, צי פונ די ביינער א געהאַווע?
עס רודערט זיכ אינ דעמ בעסאַלמענ-בוכ
דאָס שטאָלצע פראַנקרײַכ, גריכלאַנד, יוגאָסלאַוויע...
אונ — זײַט נאָכ זײַט, אונ — בלאַט נאָכ בלאַט
גיט איינע צו דער אַנדערער א ריס זיכ.
אונ איצט ווי מיט א רויטנ שטעמפּל — סטאַלינגראַד —
וועט זי דעמ בלוטיקנ בעסאַלמענ-בוכ פאַרשליסנ.

באַטרונקענ האָט מיט זיכערקײַט איר בליק
פונ סטאַלינגראַדער וועגט דאָס דונערדיקע קנאַקנ, —
אונ פײַערנדיק אַפ פאָרויס דעמ לעצטנ זיג,
אונטערגעפירט האָט זי דעמ בלוטיקנ סאַכאַקל
פונ פיר יאָר קריג אונ צענ יאָר מאָרד,
פונ טײַכנ בלוט, געקרוינטע מיט איר נאָמענ,
אונ שטאָלצ געמאָלדנ, אַז צומ שלוס-אַקאָרד
שוינ זײַנענ קיינע שטערונגענ ניטאָ מער;
אַז דאָס איז שוינ דער לעצטער באַסטיאָנ;
אַז נאָכ א טאָג אונ העכסטנס צוויי — וועט ער צו איר געהערנ
אונ זיכ פאַרוואַנדלענ אינ א שטאַפּל צו איר טראָנ,
פונ וועלכנ זי דער וועלט איר הערשונג וועט דערקלערנ.
געזונ האָט זי די ברענענדיקע שטאָט פונ איבעראַל
אונ זיכ אינ איר, באַהאַנגענ מיט טריִומפנ.
אונ אינ בלאָקנאָט פאַרצייכנט האָט א דײַטשער גענעראַל
דעמ טאָג, די שאָ פונ סטאַלינגראַדער צומפאַל.

געיאָגט האָט דאַנ צו אימ זיכ א שטאַפעט
מיט פײַערלעכנ אופרעג אונ היספּײַלעס
אונ אינ די הענט אימ אָפגעגעבנ א פאַקעט:
„געהיימ. דעמ שעפ פונ דאָרעמ-פראָנט פאָנ פּאַולוס".
ער האָט אימ אופגעמאַכט מיט נײַגיר אונ מיט רייצ,
געלייענט דאָס פאַפיר געמאָסטנ אונ געמיטלעכ,
אַז מיט א בלאַט א דעמבענער צומ שוואַרצנ קרייצ
באַערט פאַר סטאַלינגראַדער שלאַכט אימ היטלער.
ער איז געוועזנ צופרידנ אונ גערירט,
א שוועב האָבנ געטאָנ צו אימ זײַנע דערפאָלגנ.

ער וואָלט נאָר גערנ ראַפּאָרטירט דעמ פירער — פריער
וועגנ דעמ לעצטנ רויטארמייער בא דער וואָלגע!
געלייענט דאָס פּאַפּיר האָט ער נאָכ לאַנג,
ער האָט אפ דעמ, די שטאַבנ ביי̆טנדיק, פונ לאַנג געוואַרט שוינ.
עפּשער איז דאַנ געקומענ אימ אפנ געדאַנק,
אז ערגעצ נאָענט וואַרט אימ שוינ דער קאָוועד פונ פעלדמאַרשאַל?!

ער האָט איבערגעלייגט בא זיכ אינ קאָפּ
זיי̆נע טריומפנ — פיבערדיק אונ בלענדיק.
ווי אינ א געטלעכנ קאַליידאָסקאָפּ
געשווינדלט האָבנ שטעט פאַרדאָרבענע אונ לענדער.
ער האָט זיי — איינס נאָכ איינס — געבראַכט,
אליינ דעמ פירער, אָפּגעגעבנ אינ דער האַנט זיי,
ווי איצטער — פאַר דער לעצטער סטאַלינגראַדער שלאַכט
גיט אימ די ערשטע בלאַט דער פירער צו זיי̆נ קראַנצ צו.
ער האָט געזענ פּאַריז, ווי ס'ליגט פאַר זיי̆נע פיס,
דעמ כאָרכל ט'ער געהערט פונ דער דערשטיקטער וואַרשע,
פאַר אלצ האָט אימ אצינד פונ ווייט באַגריסט
אונ אימ באַדאַנקט זיינ לייטזעליקער האַר שוינ.
ער האָט זיכ צוגעמאָסטנ אינ געדאַנק די בלאַט,
דעמ פירערס בליק געזענ האָט ער אפ זיכ פאַלנ,
כאָטש א געהיימענ כעזשבנ האָט ער דאָכ געהאַט,
געהערנדיק נאָכ צו די קייזערלעכע גענעראַלנ.

עס האָט זיכ א פאַרצי געטאָנ זיי̆נ לויזע ברעמ,
אונ אָפּגעגעבנ האָט ער אינ רעשוס זיכ פונ דערמאָנונג:
ער האָט דערזענ דעמ אָפּגעהאַקטנ קאָפּ פונ זיי̆נ קאָלעגע רעמ,
וואָס איז אראָפּ אָנ רומ פאַר זיכ אונ פאַר גערמאַניע.
פאַרמאָסטנ האָט די האַק זיכ דאַנ אפ זיי̆נעמ אויכ,
אונ פאָרזיכט איז באַלאַנגט געווענ אינ אימ אליינ נאָר;
ווי קונציק האָט ער אימ אינ נעפּל אונ אינ רויכ
ארויסגעכאַפּט פונ פירערס שטשירענדיקע ציינער!
אונ ארויסגעהיט אימ פאַר די אַקסל אונ די פיס,
מיט וועלכע צו דעמ העכסטנ גליק אצינד ער שפּאַנט דאָ.
געהאַנדלט ריכטיק האָט ער דאַנ געוויס:
מיט אלצדינג האַנדלענדיק — דעמ קאָפּ נאָר ניט פאַרהאַנדלענ!
עס איז געווענ א דורכגעטראַכטער גאַנג פונ א סטראַטעג:
ארומרינגלענ מיט קונצ אליינ די צייט שוינ,
אז ס'זאָל דער שיקזאַל ברענגענ אימ אזעלכע טעג,
קיינ סטאַלינגראַד א דעמבנ-בלאַט דערלאַנגענ זאָל אימ דייטשלאַנד!

ער האָט אין ערד-שטיבל פארזאמלט זײַנע פרײַנט
און דעם פאקעט פון פיורער פײַערלעך באוויזן,
דערקלערט האָט ער באַם פײַער פון בורגאָנער ווײַן
די פאָרשטייער פון צווײ און צוואנציק אָפּגעקליבענע דיוויזיעס,
געגלאנצט זײַן שטים האָט מיט פארנעם און לוסט,
נאָר הויך ניט אופגעהויבן האָט דעם טאָן ער:
— דער דראנג נאָך אָסטן גייט צו שלוס,
פארווירקלעכט ווערט דער טרוים פון די טעווטאָנער!
געקלונגען האָבן זײַנע רייד מיט גײַווע און מיט פלעט,
געגאנגען פון זיי א גראָדער שטאָלענער געשטעפּ איז:
— מיט שארבנס רוסישע וועט זײַן געבעט
דער וועג קיין מאָסקווע דורך די סטאלינגראדער סטעפּעס!
ס'האָט יעדערער זײַן שווערד געטאָן א נעם,
מיט שטאָלץ איז דר'הייב דערלאנגט א ריס זיי:
און ערגעץ האָט באגינט דער רוסלענדישער קלעם
ארום די צוויי און צוואנציק דײַטשישע דיוויזיעס.

נאָר די פארשיקערונג פון דראנג איז ניט פארבײַ
בא די צעבושעוועטע מענגעס דײַטשיש כאַיל.
און אלץ געבראָכן האָט מיט בלײַ
און אלץ געשלײַדערט האָט מיט פײַער.
באלאגערט איז געווען דער ברעג,
מיט שטאמען שטאָלענע פארגראטעט.
עס האָט אין סטעפּ קיין אָרט שוין ניט געקלעקט
פאר אומצאָליקע טשערעדעס הארמאטן.
זיך אויסגעמישט האָט פלאץ מיט פלאץ,
און פלאכן איבער פלאכן — א צעפּלי זיך,
די ערד האָט פון געקנאל געפּלאצט,
די כמארעס האָבן זיך פון פלאם געריסן;
אנטבלויזט דעם קאָפּ, די אויגן — ווײַט און קלאָר,
מיט ליכט אין צײַטן פלאמיק זיך צעוואקסן,
האָט סטאלינגראד אין בלוט געטראָגן דעם קאי'אָר
אף זײַנע שטאָלצע, ברענענדיקע אקסל.

פארקלאמערט מיט א רונדן פײַערדיקן פלויט
די שטאָט באַם טײַך זיי האָבן שוין געהאט דאָ
און זיבן טויערן געעפנט פארן טויט.
דורך זיבן גרענעצן געשטראָמט האָבן הארמאטן,
קאָלאָנעס צוגן, מענגעס נאָכאנאנד
ביז בלוט אין דר'ערד ארײַנגעקריצט זיך.
געקרעכצט האָבן די סטעפּעס פון קובאן,
מיט רויך געוואָרגן האָבן זיך קאזאקישע סטאניצעס,

געכוואליעט האָט זיכ אפּנ סטעפּ א יאמ
פּ׳נ פּאנצער-וואָגנס, לאסט-וואָגנס אונ מאָטאָציקלענ.
אונ דעמ טריומפ אינעמ עפּיר מיט טאראראמ
האָבנ די רופּאָרנ געמייקעט אונ געציקלט
אונ אויסגעקרייט פונ זיג פונ זיכערנ דעמ רומ,
פונ אָנגריפ לעצטנ, אונ ענדגילטיקנ, אונ שטאָלצנ.
זעקסמײַלערדיקע מינענוואָרפער — רונד ארומ
געריסנ האָבנ זיכ ווי ניט אינ שלאכט, נאָר אפ א מאָלצײַט.

די הענט א ווארעמ טאָג אָנ ברענענדיקער ערד
אונטער די שווארצע ניבעלונגענ-שטערנ
געגאנגענ זײַנענ אויכ רומענישע אונ אונגארישע קנעכט
אונ די געפּאטשטע גאלאגאנסקע בערסאליערנ,
די ביינער אָפּהריזענ ווי הינט מיט פלײַס
אונ אויסהריזענ אפ זיי מעלוכעדיקע ווענזלענ;
ס׳איז שאפונג ניט געווענ אינ זייער גײַסט,
פיל מער צומ הארצ איז רויב געווענ זיי, —
האָבנ זיי אָנשטאָפּנ געלאָזט זיכ מיט טערמיט,
זיכ אָנקליידנ אינ בונטע קריגערישע פאָרמענ,
אז טיילנ זאָלנ זיי מיט שטאָלצ אינ גרוב די סאמע מ״ט,
אונ אויסער דעמ — קיינ האָר מער!
ס׳האָט דײַטשלאנדס מאָלצײַט ניט געגעבנ זיי קיינ רו,
פונ גיר געלאָזט זיי האָבנ זיכ פארפאָלגנ,
זיי זײַנענ אויכ געגאנגענ קיינ סטאלינגראד נאָכ רומ,
די דײַטשע קייטנ טייוולענ אינ דער וואָלגע.

III

ס׳האָבנ די דראָטנ זיכ געגעבנ א צעשויבער,
א שטומער קרעכצ איז בלאָנדזשענדיק אדורכ,
צוערשט דאָס פײַער האָט א לעק געטאָנ די שויבנ,
פונקט ווי מיט בלוטנדיקע צונגענ זיי פארזוכט
אונ זיי באגיטיקט צו פארדארבונג גרויזאמ,
אונ, ווי אינ היגערפלעט, פארגאנגענ זיכ אינ רויכ.
עס האָט א הויז געטאָנ א וואקל צו א הויז זיכ
אונ א פארוואָרפ געטאָנ זיכ פלאקערדיק אינ דר׳הייכ,
א גאנצע גאס שוינ קאָרטשעט זיכ אינ ווייטעק,
פונ פלאמ א מאבל שפּארט מיט צעפּאלאָכ,
אָט גיט א וואלגער מיט געדונער זיכ א צווייטע,
צפּ איר — א דריטע א צעפּלאקערטע, אונ — נאָכ!
צוויי טויזנט לופט-שיפנ זיכ רונד האָבנ צעשאָטנ,
מיט שאָל אונ בלײַ דערלאנגט האָבנ א בראָכ.

און אויפגעהויבן ביזן הימל האָט די שטאָט דאָרט
איר שײַן, געזאַמלטע פּאָר פינף און צוואַנציק יאָר.

ווי טויט־פאַרורטײלטע געשטאַנען זײַנען הײַזער
באַנאַנד געשלאָסענע — א רײ נעבן א רײ —
און שטאָלץ געקוקט אף די פּראָזשעקטאָרס ווי אף ווײַזערס,
וואָס האָבן טויב־שטומע אין הימל זיך געדרייט
און אף די שטערן די פאַרטויבטע פון געדונער
געצייכנט טיפ, אקשאָנעסדיק און גראָד
ווי די באַגריפן און פאַרשטאַנד זײַנען אַנטרונען.
דאָרט צו זײַן פּרווו האָט זיך געמאָלדן סטאַלינגראַד.
ניט אף צו אויפוועקן די שטאָל־גיסער און שמעלצער
האָבן סירענעס זיך צעיאָמערט אומדערוואַרט.
איבער דער שטאָט מיט דאַש אדורכגעטראָגן שנעל זיך
האָט דער געהענעם, אויפגעריגעוועט דעם טראַכט;
צוויי טויזנט לופט־שיפן געגאַנגען זײַנען גרויזאַם
מיט שוואַרצן פײַער, מיט פוגאַסן און טערמיט,
די שטאָט ארויסרײַסן ענדגילטיק און דורכויסיק
און זי צעטרעטן מיט די אומברענגיקע טריט.

איבער דער שטאָט געהילכט האָט דער געברום,
צעוויכערט זיך דער אופרײַס דאָרט פונסנײַ האָט.
און א באַזויפענער מיט סרייפעס אף ארום,
האָט זיך דער פײַנט געשפּיגלט אינעם פײַער.
איבער פאַרבראָכענע געבײַדעס מיט פאַרשוועכ,
איבער פאַרוויסטע פּלעצער — מיט געהוילן
געדרייט זיך נידעריק די שפּאַרבערס האָבן פרעכ
ווי שיקער וואָלטן זיי געטאַנצט אף א בעסוילעם.
באַר מיטאַמאָל — פון אונטער בראָכ און אונטער אש
האָט זיך די שטאָט פונסנײַ א הייב געטאָן דאָרט,
פונקט ווי אף אַרבעט זיך א לאָז געטאָן אָן ראַש
דורכ גאַסן אָפּגעמעקטע, טויטע, ניט־דערקאָנטע...
אין האַרץ געטראָגן יעדער איינציקער האָט בראַנד,
אין בליק — די וואָלגע האָט א יעטווידער געהאַט דאָרט;
און יעדער בראָכשטיק — א ניט־צוטריטלעכער ראַנד,
און יעדער אויסגעהיטע וואַנט — א באַריקאַדע!

סקעלעטן שטיינער׳ע, זיך ווערנד קעגן יעדן ריס דאָרט,
פון פענצטער אויסגעהוסט האָבן דאָס שרײַענדיקע גלאָז;
פאַרוואַנדלען ניט געלאָזט געשטאַלט האָט זיך אין וויסטקײַט,
ווי ס׳האָט די וויסטקײַט זיך געשטאַלטן ניט געלאָזט,
באַר יעדער דורכגאַנג שוין ניט מער דאָרט ווי א הייל איז,

און יעדער הויז איז שוינ ניט מער ווי א צעבויט.
געוויס געטראכט האָבנ די לופטיקע געווייִלעס,
אז מער קיינ שטאָט איז שוינ ניטאָ, אז זי איז טויט.
מיט קרעכצ א גאָרנ פונ א גאָרנ שוינ צעלייט זיכ,
אונ מיט געהילכ רייַסט אָפּ א וואנט זיכ פונ א וואנט,
א דרייַ מעסלעסנ נאכאנאנד ווי א פארפלייצונג
געגאנ א מאבל איז פונ פייַער אונ פונ בראנד.
אונ אפנ פערטנ — אופגעוואכט די שטאָט אפסנייַ האָט
פונ אונטער בראָכ, פונ אונטער אש, פונ אונטער קלעפּ;
אונ דורכ די זינ אירע געמאָלדנ די געטרייַע:
— זי איז פאראנ! אנ אויסגעלייַטערטע, זי לעבט!

אונ פייַער טראָגט ווי א געבאָט זיכ איבער וויַיטנ,
אונ ווי א גרויזאמער באפעל גיט יעדער פייַל א פאל:
— א פעכטונג זייַנ זאָל יעטווידע געבייַדע!
— א שלאכטפעלד זייַנ זאָל יעטווידער קווארטאל!
עס רופט מיט פארשטאָט איבער זיכ א פאָרשטאָט,
אונ שטיינער רייַסנ זיכ פונ אונטער טיל אונ טעל:
— א פעכטונג זייַנ זאָל יעדער בראָכשטיק!
אונ יעדער שטיינ זאָל זייַנ א ציטאדעל!
פאראָרדנונגענ דעמ גאנג פונ צייַט פארלויפנ:
— אדורכגיינ ווו א דורכלויכט איז פאראנ!
— א שלאכט זאָל זייַנ פאר יעדער הויפנ!
אונ א געשלעג זאָל זייַנ פאר יעדער שפאנ!
מיט ברויז געגורט זייַנענ די ברענענדיקע גאָרנס,
צו דר'ערד גיבנ די ווענט א פאל מיט וווט.
אונ שווארצ ז'די שטאָט פונ דייַטשישע פּעגאָרימ,
אונ שווארצ דער סטעפּ פונ זייער הינטיש בלוט!

אינ פיבער אונ אינ פלאמ — מעסלעסנ נאָכ מעסלעסנ, —
פארפלייצט פונ מאבלדיקנ פייַער אינ דער שלאכט,
קאָנ דאָכ די ערד די הוילע ניט פארגעסנ
די טעג, ווענ דאָ געשמידט האָט זיכ די פראכט
פונ לאנד, בארופענעמ צו זייַנ די מאמע,
צו זייַנ די פעלקער-היימ די ערשטע אינ דער ריי,
ווענ אויסגעפּאָכעט האָבנ כאָכמעדיק די האמערס
די גלאָקנ-ליד פונ פרידנ אונ פונ פרייד,
ווענ ווילשטאנד זיכ געשמאָלצנ האָט אינ טיגלענ,
ווענ בראָכע זיכ געגאָסנ האָט פונ בארג אונ טאָל,
אונ אופגעאנגענ שטעט זייַנענ באפליגלט
אפּ זייַנ מעראגלימ פונ דער צייַט — געוואגט אונ שטאָלצ,
אפּ זייַנ דער פרייַהייַטס בליִענדיקע טעמפּלענ,

אפ זײַנ די צעכנ פונ דער צוקונפט-שמידערײַ, —
אונ זיי ניט אויסרײַסנ די כײַע וועט די טעמפּע,
אונ זיי ניט אומברענגענ קיינ מאבל וועט פונ בלײַ.

נאָר בלעטערנ די צײַט איז ניט פאראנענ ווענ דאָ.
איבערנ קאָפּ פארטאָגנ אינ פײַער אונ אינ פלאם
אפ אויסלייזנ די פרײַהײַט די געשענדטע
אונ אויסברענענ באַם שלאנג אינ מויל דעם סאם,
וואָס צו די וואסערנ פונ וואָלגע שוינ גענענט דאָ
מיט כורבנ, מיט פארניכטונג אונ מיט רויך,
איז אופגעפליגלט ס'לאנד — אפ טויט אונ אפ פארלענדונג!
דורכ סרייפעס מײַליקע אפ ווײַט זיכ לויכט
זײַנ עמעס, וואָס פאר דוירעס אופגעגאנ איז,
ווי ס'גייט פונ דר'ערד אופ צו דער זונ די רײַפע זאנג,
זײַנ ווילנ, דער געשטאָלטער אינ די פײַנענ,
וואָס ווייסט ניט פונ קיינ אײַנברוכ אינעם דראנג,
זײַנ מוט, גערעכטיקײַט אונ ליבע,
זײַנ שטאנדהאפט אונ זײַנ ווידערשטאנד אינ שלאכט.
אונ דעם הארמאטנ-רויש שטײַגט גלאָקעדיק אריבער
דאָס צאָרנדיקע קלאפּנ פונ זײַנ הארצ!

צום איינס-אפ-איינס איז גרייט געווענ די שטאָט,
צו ווידערשטאנד האָט זי א שטאָלצע זיכ פארטײַעט,
ארום איר — אָנגעזאפּט א יעדער שפּאנ זיכ האָט
מיט בראנד, מיט בלײַ, מיט שטאָלצ אונ פײַער,
אינ יארוסנ אינ פלאמיקע געוועלבט,
ביז צו די רויכיקע, די סאזשעדיקע וואָלקנס.
נאָר פארנ טויט ווי א ניט-צוטריטלעכע שוועל
געלעגנ איז פארטיפט אינ זיכ די וואָלגע.
געקראָכנ איז צו איר א ריזיקע מאשינ
פונ זײַטנ דרײַ מיט ברענענדיקע פאסנ,
אונ ווי טראנסמיסיעס טײַוולשע געשווינד
האָבנ זיכ פײַפנדיק געיאָגט פוגאסנ,
אונ דורכגעפלאָכטנ זיכ געוועער האָט מיט געוועער,
אונ אײַנגעשרויפט א טייל זיכ אינ א טייל האָט
אינ לופט, אונטער דער ערד אונ אפ דער ערד.
נאָר ס'איז דער ווידערשטאנד געווענ באשווירנ — הייליק!

## IV

מעסלעסנ קײַלעכיקע, וואָכנ נאָכאנאנד, דורכויס,
זיכ ניט צעשיידנד מיט דעם ראנד אונ מיט די ווײַטנ,
די שוצ געהאלטנ האָט מיט פלאם אונ ברויז

דער ענ-ער פאָלק, געשטאַלטיקט פונדאָסנײַ דאָרט.
אַז אים איז אויכ פאַרטרויט צו אויסשטײנ סטאַלינגראַד,
דורכ סטאַלינגראַד — פונ לאַנד די לעצטע טירנ —
פאַרגעסנ האָט קײנ אײנציקער סאָלדאַט,
געוווּסט ביז ווײ אַ יעדער קאָמאַנדיר האָט.
געוועזנ די וואָלגע גרייט איז צו געשלעג,
זיכ ווי אַ שווערד געשלײַפט האָט זי איז האַס אינ הײסנ.
אונ אַפ איר ברײטנ ראַכוועסדיקנ ברעג
געשווירנ האָט די צווײ-אונ-זעכציקסטע אַרמײ זיכ:
אויב עס וועט אויסקומענ דאָ אויסמישנ די ערד
מיט בלוט אונ בײנער פונ די זינ אירע די טרײַע,
אַז פונ קײנ פרעמדלענדער ניט זײַנ זאָל זי פאַרשוועכט,
איז זײַנענ גרייט די קאָמאַנדירנ אונ דאָס כאַיל.

זײ האָבנ זיכ געגרייט אַקשאָנעסדיק צום שלאַכט.
זי האָט אינ זײ ביז ווײ געיוירט אונ זיכ געצײַטיקט,
אַז אײנמאָל אינ אַ שפּעט-האַרבסטיקער בלינדער נאַכט
זאָל זי זיכ אופלײזנ בא סטאַלינגראַדער שײַטערס.
געיִבט זײ האָבנ מיט געווער כאַדאָשים-לאַנג,
ווי מיט דאָס קלוג געצײַג פונ אָנגריפ אונ באַשיצונג.
אונ אָנגעגאָסנ זיכ מיט בלוט האָט דער פאַרלאַנג
וואָס גיכער לאָזנ אַפ דעם הײסנ שניט זיכ.
געשלײַפט דער האַס אונ דער געדאַנק האָט זיכ באַצווײט,
געשלײַפט די שווערד האָט זיכ אָנ אופהער, רעגלמעסיק
אינ מײַלנ-ווײַטע איבערגענג דורכ שנײ,
אָנ אָפּרו — מאַרשנ, גאַנצענע מעסלעסנ
אינ שטורעמס נאַכטישע אַפ הוילע בערג
דורכ זאַווערוכעס בלענדיקע געבלאָנקעט.
עס איז זײ גאָר געוועזנ פלאָגעדיק אונ שווער
דאָס לאַנגע וואַרטנ אַפ נעקאָמעדיקנ אָנגריפ.

זײ האָבנ זיכ געגרייט אַקשאָנעסדיק אונ שווער
אינ פײַנ פונ שײדנ זיכ, אינ ווײטעק פונ פאַרלוסטנ.
גאָר שטאַרקער נאָכ געוועזנ איז דאָס געווער
פונ הויכער פליכט אונ לויטערנ באַוווּסטזײַנ,
געווער פונ אײנהײַט, אויסגעשמידט אינ פלאַם,
געווער פונ האַס אונ פונ געדולד, אינ האַרצ פאַרטײַעט,
וואָס ווײסט ניט פונ קײנ ברעג אונ פונ קײנ צאַם,
ווי ס׳ווײסט עס ניט די ליבע אונ די פרײַהײַט.
מ׳האָט פײַערלעכ געלײענט דעם באַפעל
צו זײ, די אופגערופענע אַפ וווּנדער,
אַז בא דער לײַבלעכער, בא סטאַלינגראַדער שוועל

זיי האלטן שטאָלץ די שוץ פונעם יאָרהונדערט,
די שוץ פון דער גערעכטיקייט און גאָלדענעם געדאנק,
וואָס ס'האָט מיט אים פון וועלט דאָס הארץ געקלונגען,
און אים האָט ניט געקאָנט צעשמעטערן קיין טאנק,
און אים האָט ניט געקאָנט פארטיליקן קיין „יונקערס".

דער אָנגריף האָט געריַיסט אין מוט, געצייַטיקט זיך אין ווייַ
אין ערד-שטיבל בא קאנעצדיקן פלעמל.
דורך שטרעקעס ווייַטע — דאָ אין דער טראנשיי —
גענערט האָט ער זיך מיט דעם ליכט פון קרעמל,
דאָרט, וווּ, באוועגט פון הויכן פאָרשנדיקן גייַסט,
געזוכט מ'האָט נייַס און אָפּגעלעבטס געבראָכן
באהאַפטן זייַן דער וווּנדער זאָל פון דרייסט
מיט וווּנדער פון געדאנק. און טעג און וואָכן
געוויגן, דורכגעדרונגען ביז צום גרונט,
דער קלאַפּ זאָל פלעטנדיק און גרויזאם פאלן.
אזוי האָט, ווי אן אָדלער-שטערנשאפט, אין רום
זיך אויסגעפיקט א יונגע קיטע געגעראלן,
זיי האָבן דורכגעזאפט מיט פינף און צוואנציק יאָר באגיין
דעם פייַנט, וואָס אפן לאנד געוועגן צעזייט איז,
און פאַטערלעך שטודירט מיט די סאָלדאטן ווי מיט זין,
און זיי געפירט צו רום צו שטאָלצן פון די זיידעס.

פון קרעמל, ווי פון דעם קאָמאנדנעם פונקט
פון פראָנטן אויסגעצויגענע דורך אלע ראנדן,
געטראָגן בליצנדיק האָט זיך מיט שווונג
דעם פירערס זיבן מאָל געוויגענע קאָמאנדע.
ניט גרינג, — האָט ער געוווּסט, — זיך געבן וועט דער זיג,
און אין דעם גאנצן וווּקס זיך אופשטעלן איז פרי נאָך,
ער האָט מיט ווייַ כאיאָלעס אָפּגעפירט צוריק,
מיט קלוגשאפט זיי געשאפן מעכטיקע טראמפּלינען.
זיך דורכגעגאנגען איבער זייַן הארץ איז אפן דאָן דער קריג,
און אָפּגעגאנגען מיט בלוט עס איז פאר יעדער אָפּגערויבטער לאַנקע.
נאָך אין דעם דורכגעטראכטן אָפּטרעטן צוריק
האָט ער פארלייגט ווי דינאמיט דעם צוקינפטיקן אָנגריף.
ער האָט אים אויסגעוואָרעמט, בלוטנדיק מיט פייַנט,
ער האָט אים אויסגעטראָגן ווי די האָפענונג פון פעלקער,
פארניכטנדיק און גרויזאם זאָל ער זייַן
און אין די דוירעס קיינמאָל ניט פארוועלקן.

ער האָט דעם אָנגריף אויסגעפורעמט אין געשמעלץ
פון ווייַ און מוט, אין ווינטיקע געוואָיען,

פאַרקנאָטנ איז אינ אים געוועזנ זאָיעס קאָל דאָס העלס
אונ פונ די אכט אונ צוואנציק ריזנ די צאוואָע,
דאָס אש פונ כאָרעווע פארברענטע שטעט,
דאָס בלוט ס'פארגאָסענע אפ אלע וועגנ.
געקנאָטנ האָט ער אים פונ דעם קאזבעק
ביז צו די באלטישע פארשנייטע ברעגנ.
קיינ שטורעמווינט האָט ניט פארפירט זײַנ טראָט,
געהערשט זײַנ גײַסט האָט הויכ אונ אומגעוואקלט,
געהויכט אפ אים אנ אופגעוועקטע האָט
גאָר די פארגאנגענהײַט די טיפע ביז ספארטאקנ.
אונ ס'האָט די צוקונפט אופגעכאסמעט אים א נײַע בלאט,
אונ פעלקער בענטשנדיק געווינטשט האָבנ דערפאָלג אים.
צוויי טויזנט יאָר האָט יעטווידער סאָלדאט
פארטיידיקט בא די ברענענדיקע ברעגנ פונ דער וואָלגע.

אינ אָנגעגליטער רו פונ שעפער באַם געבוי
האָט ער קיינ מידקײַט ניט געלאָזט דעם מויעכ זײַנעם פילנ,
ווי ס'פילט קיינ מידקײַט ניט אינ ווּקס דער בוים,
ווענ ברויזנדיק אינ אים די זאפטנ זיכ צעשפּילנ.
מיט מאָס אונ וואָג — אפ דורכ אונ דורכ —
צום איינס־אפ־איינס מיט דעם פארדארב איז ער געגענעג.
אונ ניט פארזענ האָט ער די קראפט פונ דער נאטור
אונ אויכ די כאָכמע פונ דער צײַט האָט ניט פארזענ ער.
קיינ אויג ניט צוגעמאכט א קײַלעכיק מעסלעס,
מיט לאסטנ אָנגעלאָדנ אָנ א שיר דאָרט, —
דאָס לאנד אפ זיכ — ווי הערקולעס,
געגורט מיט אײַזערנע געזעצנ פונ געשיכטע,
איז ער געגאנגענ — דורכדרינגלעכ אונ גראָד
זיכ פאר דעם גוירל פונעם פאָלק צו זײַנ מענאדער;
צוויי טויזנט יאָר האָט יעטווידער סאָלדאט
פארטיידיקט בא דער שוועל דער סטאלינגראדער.

ער האָט דעם שטורעם גרויזאם־שטיל געשפּינט,
אינ אויסגעטראָגנ האָט אינ ברויזנדיקנ ווי ער.
דעם צאָרנ פונעם לאנד געבראכט האָט אים דער ווינט,
ס'געביינ געקומענ איז צו אים פונ די פארפײַניקטע ארמייער;
מיט שטערנס אויסגעברענטע אפ דער הויט,
מיט אויסגעשטאָכענע פארשטרײַכטע אויגנ
געקומענ זײַנענ זיי אדורכגעלעכערטע פונ שרויט,
מיט שטריק אפ העלדזער שלייפעדיק פארצויגנ,
נאָר ניט ארויסגעלאָזט די ביקסנ פונ די הענט
אונ ניט ארויסגעלאָזט דעם צאָרנ פונ די הערצער.

צו מײַרעוו האָבן שאָטנס גרויזאַם זיך געווענדט,
זיי וועלן טויטערהייט זיך נויקעמ פאַר דער ערד זײַן,
עס האָבן קוואָרימ אופגעהויבן זיך איבעראַנײַס,
געמאָלדן האָט אין פלאַמ אַליין זיך דער באַגינען,
ס'זאָל זיך באַטייליקן אין שטורעמ זייער גײַסט,
ס'זאָל זיך באַטייליקן אין שטורעמ זייער סינע.

ניט איינ מאָל דורכגיין האָבן פרעמדלענדער געוואָלט דאָ,
און שוין ניט איינ מאָל דאָ אוועקגעלייגט די קעפּ.
דאָ איז די רוסישע, די מוטערלעכע וואָלגע,
דאָ איז אַפ שלאַכטן אופגעוועקט דער סטעפּ!
ס'וועט קיינמאָל ניט אַדורך דער אָל דאָ,
ניט דורך די קנעכטשאַפט קיינמאָל וועט אַהער.
דאָ איז די רוסישע, די מוטערלעכע וואָלגע.
אַפ אירע כוואַליעס זיך געשליפן דאָס געווער
האָט סטענקאַ ראַזין. זײַנע שיפלעך די געמאָלטע
שווימען איצט צו פאַר די מאַטראָסן צו דעמ ברעג.
דאָ איז די רוסישע, די מוטערלעכע וואָלגע,
דאָ האָט די פרײַהײַט זיך געקרוינט אינעמ געשלעג!
נאָך ניט געשטילט איז קיראָווס פײַערדיקער קאָל דאָ,
מיט יעדער כוואַליע פונדאַסנײַ גייט אופ זײַן קלאַנג.
דאָ איז די רוסישע, די מוטערלעכע וואָלגע,
און פאַרגעדענקען וועט דער סוינע עס אַפ לאַנג!

זי לאָזט זיך ניט, די שטאָט, פאַרשלייפן און פאַרצוקן.
זיך אָנטאָן לאָזט זי ניט דעמ שוואַרצן אָל.
זי זעט אין וואָלגע אין פאַרבלוטיקטער איר צוקונפט
דורך זעונגען צעבליטע פון אַמאָל...
זיי קומען צו איר רוישיק ווי אַ כוואַליע נאָך אַ כוואַליע,
און ס'טוען זיך פון איר ניט אָפּ די טעג,
ווען מ'האָט געקרוינט זי מיט דעמ נאָמען סטאַלין
פאַר ניט געבויגנקײַט און האַרטקײַט אין געשלעג,
פאַר שלאַכטן ניט פאַרוועלקטע און באַוווּסטע
אַנטקעגן פערצן לענדער אַפאַמאָל, —
ווען אופגעגאַנגען דער גוירל איז פון רוסלאַנד
אַפ דעמ צעוויייטן אומגעבראַכטן אָל.
נאָך פוילן קאַסקעס מיט די קעפּ אַפ יעדן בראָכשטיק,
ווי גרינע פּרעש — מאַצייווערדיק באַרוט.
ס'וועט נאָך אַ וואָלגע דורך באַ אירע פּאָרשטעט
מיט אומווירדיק, מיט ברודיק דײַטשיש בלוט.

## V

דער הימל — הוילער ריס פון פײַערדיקן מאבל,
איבערגעקערט פון היץ און פיבער איז דער רוים;
אין פלאם איז דײַטשלאנד בא דער וואָלגע מאפל
איר לעצטן „בליץ", איר לעצטן טרוים.
פון דער צעבראָקטער ערד געטאָן האָבן א לאָז זיך
באפליגלטע מיט שטורעם-צאָרנדיקן גרייַפ
שווארציאמיקע געוואגטע, מונטערע מאטראָסן
אין האנט-געפעכט אונטער א ווינטיקן געפײַפ.
זיי האָבן נאָר באוויזן אָנטאָן די בושלאטן,
מיט די מאטראָסקעס רונדע צודעקן די קעפ,
די לענטעס אפן סטעפ דאָרט טאָן זאָלן א פלאטער.
און איז דען ניט קיין יאם דער ברייטער סטעפ?
איז יעדער הויז דען ניט קיין שיפ פון אן עסקאדרע,
איז יעדער זאלפ דען ניט קיין גלאָק פונעם באגין,
וואָס רופט אפ אויסשטאנד און אפ מוט אפ סטאלינגראדער
א יעדן שטיין, א יעדן בוים, א יעדן ווינט?

איז גייט די שלאכט. און פון באגינען ביז באגינען.
עס מונטערט אוף זיך דאָרט ווײַסרוסלאנד אין איר פלאַז,
אין איר זיך ברענען דורך די קייטן אוקראַינעס
און צו געשלעג דערוואכן בערג פון יאם צו יאם.
— צי זײַנען דען קיין כוואליעס ניט די לײַבלעכע רוינען
פון ברענענדיקן שטאָלצן סטאלינגראד?
א ריס געטאָן זיך האָבן פעכאָטינער
מיט א פארטויבנדיק-גווארדייִשן „הורא"
פון די ווארשטאטן, פון די צעכן, פון די ארקעס,
פונקט ווי מיט העכער צוואנציק יאָר צוריק,
געגורט מיט קוילן-לענטעס שטײַפ די מארינארקעס,
מיט א באפעל פון פירער אינעם בליק:
— קיין טראָט פונדאנען אפ צוריק!
אין הערצער פלאמיקע — דער אורטייל פאר דעם סוינע,
און אפ אים אויספילן — די ביקס אין האנט.
קיין שטורעם קאָן דעם וועג זיי ניט פארצוימען,
און ניט קיין פײַערדיקער אָפגרונט בא דעם ראנד!

און ס'גייט די שלאכט אן אופגעהויכטע ביז צום הימל,
אין העליש פײַער הייבט זיך אוף א יעדער גאס,
עס וואכן אוף אין איר די ווײַנגערטנער די קרימער,
און אפ א שטורעם לאָזט ארויס זיך דער קאווקאז.
ווי זײַנע בערג, טוט זיך דאָרט קיינער ניט קיין וואקל,

ווי זײַנע בליצן, בלאַנק איז יעדער שווערד.
א ריס געטאָן זיך האָבן די קאַזאַקן
פון די סטאַניצעס מיט א ווינטיקן געפּעכט,
און פון דער ווײַט — די אַרטילעריע ווי אַפּ פּויקן,
און פּייגל מעכטיקע, באַליבטע באַ דער הויך,
געטראָגן האָבן זיך ווי פליִענדיקע „טראַיקעס",
איז דען קיין שליטוועגס ניט די וואָלקנס און דער רויך?
און זוניק בליאַסקען בליציקע באַגנעטן,
געבענטשט פון אלע פעלקער זײַנען זיי.
איז קעפּ מע שאַטקעוועט, מע שאַרבנט און מע פלעט דאָרט,
מיט מײַסים דײַטשישע אין סטעפּ גייט דער פּאַרזיי.

## VI

א מײַסים-וועג צעשפּרייט איבערן טויטן טאָל איז
דורכ גרײַזן סטעפּ, באַשאָטענעם מיט אַש,
ווי א פּאַרקישעפּטער פּאַראָם, באַלאָדן מיט כאַיאָלעס,
פון שטילקײַט וואָרגנדער באַראַשט,
פון סטעפּ באַלאַגערט און פּאַרזויגן; —
א מײַסים-וועג פּאַרוויגט און וויסט...
מע קוקט מיט אָפענע, ניט-זעעוודיקע אויגן,
מע שטרעקט ערגעץ ניט-ריִרעוודיק די פיס,
די קעפּ — פּאַרנויגט און שרעקעוודיק צעשויבערט
ווי אונטער ווײַטע, דונערדיקע קלעפּ, —
די שטילקײַט זאָל זיי ניט פּאַרטויבן,
צעפּלעטן זאָל זיי ניט דער סטעפּ...
ער שלאָפט, דער וועג. עס וועקט דאָרט דער בוריאַן אים,
מיט שאָרכ פון ווינט דערמאָנט ער און פּאַרטרויט:
א יעדער מעס — א שטיק פּאַרזונקענע גערמאַניע!
א יעדער מעס — אַפּ קעסט איז באַ דעם טויט!

די שטאָט פון רום פּאַרצוקן און צעטיילן
מיט קעסל-פּויקן, רויב-זעק אָן א צאָל,
גלײַכ ווי געפּאַנצערטע געשפּענסטער פון די היילן,
באַזויפּענע מיט פײַער און מיט שטאָל,
געגאַן ווי אַפּ אַן אונטערהאַלט זיי זײַנען,
געגאַן ווי אַפּ א קנאַסמאָל מיטן טויט,
אַפּ בלוט, ווי ביר, קיין מאַנגל זאָל ניט זײַן נאָר,
אין שעכטהײַזער געגרייט זאָל זײַן דאָס ברויט,
געאײַלט זיי האָבן פריילעכ זיך צום מאָלצײַט
מיט פעסט מיט גיריקער געגאַרטלט אין דער גרעב,
און ווי אַפּ מילשטיינער געגעבן א צעמאָל זיך

אינ סאמע מיט פונ שיקערנ געהעפ,
אינ סאמע מיט פונ צעפאלאָכ פונ הייסנ,
אינ סאמע מיט פונ העפקערדיקנ קאָנ,
אונ ס׳ציט דער וועג זיכ — א פאראד מיט מייסימ —
פארקישעפט אפנ סטעפ פונ וואָלגע ביז דעמ דאָנ!

ער דירט זיכ ניט. ער קאָנ אינערגעצ ניט דערשווימענ.
א שאָטנ פאלט פונ אימ — דאָ לינקס, דאָ רעכטס —
אונ קראָענ לאָזנ זיכ צו אימ ווי פּיליגרימענ
מיט אזא יוסטנ נאכעסדיקנ קרעכצ...
אפ אימ א נעבל גלאָזיק אָנגעטאָנ איז,
ער שווינדלט פונ דער וויַיט ווי אופגעהאקטע טרעפ,
אונ ס׳וואלגערנ אפ אימ זיכ דיַיטשע באטאליאָנענ
צעוואָרפנ — ווער וווהינ — די טויטע קעפ,
מיט הענט מיט שווארצע אָנגעכאפט די פוסטקיַיט
אונ מיַילער אָפענע — פארשטאָפּט מיט קויט,
ווי גרינע יאשטשערקעס, פארטריבענע קיינ רוסלאנד
א לעצטנ טרונק טאָנ בא די קאָריטעס פונ טויט.
ס׳פארטראָגט א ווינט פונ ערגעצ זיי א בלאט דאָרט,
אונ ס׳בלאָזט פארבייַליפנד א צווייטער זי אוועק,
דאָס זיַינענ זיי, די איבער־דיַיטשישע סאָלדאטנ,
מיט קויט אונ בלוט ארייַנברוקירט אינ וועג.

זיי בייַסנ טויטערהייט די גרינע קאסקעס,
אונ קאָנענ ניט אראָפּשלינגענ פונ רויב דעמ רומ,
דערנעבנ וואלגערנ די פאנצערס זיכ צעטראסקעט,
פונ לעצטנ בראָכ אונ טויטנ־קראמפּ פארקרומט,
צי מינענ זיי זיכ טויטערהייט עפּעס דערמאָנענ,
די אויסמושטירטע טויטע געסט אינמיטנ וועג?
אינ מיַילער וויגנ זיכ די שפּינענ פונ גערמאניע
אונ שארבנס קנייטשנ זיכ אפ גרינע רעק.
א מייסימ־צוג צומ לעצטנ קייווערדיקנ האפנ
מיט פאנצער־בראָכ מיט שטאָלענעמ זיכ רייַסט:
— נו, וויפל האָט אייַכ אינ פארדארבעניש באשאפנ
דער שווארצער, דער פארניכטנדיקער גייַסט
אפ אָפּגעגארטנ פאָלקס געשמידטע בייַנער
אינ לאנד, פארצויגענעמ מיט שטריק פונ שטאָל,
אז אויסבעטנ דעמ סטעפּ זאָלט איר מיט זיכ אלייַנ נאָר,
דעמ וואָלגער ברעג, דעמ בארג אונ טאָל?

עס ברענט דער סטעפּ. עס קאָנענ זיכ די טויטע ניט פארטייַענ.
די נאכט פארהילט דאָרט זייער טויטע שאנד.

נאָר ס'דרײַסט פון זיי די דעק אראָפּ דאָס פײַער
און עפנט אופּ זיי ווי א דענקמאָל אפן ראנד,
א דענקמאָל פון א ברוינער, בלוטדורשטיקער האָרדע
אינמיטן סטעפּ זיך טוט א הויב
מיט טויטן גיר נאָך הערשונג און נאָך מאָרדן,
מיט טויטן גיר נאָך הערשונג און נאָך רויב.
ס'באלויכט די ברענענדיקע שטאָט זיי פון דער נאָענט,
און שאָטנס לייגן זיך פון זיי אפּ ווײַט
די קראָען קומען צו די טויטע אפּ א כײַע-שאָע.
און ערגעץ אָן א צוים — צעוויכערט און פארשײַט
זיך טראָגט א פערד. ס'גיט אלע ווײַל א דריי זיך
און אין דערשרעק ווי פאר א צאם סע שטעלט זיך אָפּ.
עס רירט זיך ניט דער טויטער טאָל פון מייסים.
און מיט די קאָפּיטעס אין קאסקעס בלאָטיקע ער קלאפּט:

— ווער איז דאָ? ווער האָט דאָ אין וועג פארזונקענ?
ער קוקט פון ראנד צו ראנד זיך אום.
עס גלאנצן אפּ אים אויגן שטארע דורך דעם טונקל
און מײַלער אָפּענע און פינצטערע פארקרומט,
ווי אָנטאָן צוימענ זיי באדארפט האָט דאָ
דער טויט אליין, פון זיי פארשווײַגט.
עס זוימט ביז העלדזער זיי פארדארטע בלאָטע,
ווי שווארצע דורכגעקוילטע בערד.
די הענט — געשטרעקט אפּ מער זיי ניט קיין ריר טאָן,
און איינס אפּ אנדערן פארלייגט די קעפּ.
און איבער זיי — א נעפּל פון נעווילע א געדיכטער,
און אונטער זיי — דער ברענענדיקער סטעפּ.
— ווער איז? ווער איז דאָ און פונוואנען?
און ס'קלינגען קאסקעס אָפּ אין קאָפּיטעס כּאַרטראַיט:
א יעדער מעס — א שטיק פארזונקענע גערמאניע!
א יעדער מעס — אפּ קעסט איז בא דעם טויט!



## דער ניסטער

# העשל אנשעלעס

(וועגנ איינעמ א פאל אינעמ איצטיקנ אָקופּירטנ פוילנ)

I

העשל אנשעלעס איז געווענ גרויס באוווּסט בא דער אינטעליגענץ פונ שטאָט— בא זשורנאַליסטנ, ליטעראַטנ אאַ. מ'פלעג צו אימ אָפט קומענ פרעגנ מעווינעס שוינ אפ פאַרטיקער מעלאָכע, און ווענ מ'האָט פירגענומענ אנ ארבעט, וועלכע האָט געפאָדערט גענוי וויסנ אינ א געוויסנ געביט, אינ וועלכנ מע האָט אליינ אונטערגעהונקענ, פלעג מענ בא אימ פאָרויס שעפנ יעדיעס, ווי אינ א הילפ=בוך, אינ אנ ענציקלאָפעדיע.

ער איז געווענ פיל באַלאָדנ כאָטש נאָכ יונג פונ א יאָר פינפ=זעקס און צוואַנציק, אָבער שוינ אזוי ווײַט באלערנט און באַלעזנ, אז ער האָט אויסגעזענ אויכ א ביסל איבערגעלאָדנ. דער קאָפ, באַמ קאַרק, עטוואָס אראָפגעבויגנ, דאָס פאָנעמ מער אָפגעצויגענער און בלאַסער ווי ס'פאַסט אפילע פאַר אזא, וואָס פארנעמט זיכ בלויז מיט לערנ=זאַכנ, די האָר פונ קאָפ שוינ היפש שיטערלעכ, די שלייפנ אײַנגעפאַלנ און די הויט פונ די הענט אזוי דינ און דורכזיכטיק, ווי דאָס לײַב פונ א יונג אויפעלע, ווענ מ'בלאָזט דעמ צווישנ די פעדערלעכ.

מ'דאַרפ זאָגנ, אז א שטיק שווערע יערושע האָט זיכ אימ אויכ נאָכגעשלעפט. ערשטנס, זײַנ מוטער, וואָס נאָכ ליגנדיק מיט אימ אינ קימפעט, האָט מענ באַמערקט, ווי ס'איז אפ איר פלוצלינג אָנגעפאַלנ א שווײַגניש און זי האָט אופגעהערט ענטפערנ אפ די ווינטשעוואַניעס, אפ די מאַזלטאָווימ, וואָס אייגענע און באַקאַנטע זײַנענ נאָענט מיט זיי צו איר בעט אונטערגעקומענ. זי האָט זיכ גלײַכגילטיק באַצויגנ צומ קינד, צומ זויגלינג, ניט ווי אַנדערע מוטערס. האָט מענ איר צוגעבראַכט דאָס קינד צומ בעט צומ אָנזויגנ, האָט זי דעמ די ברוסט געגעבנ, ניט — ניט, אליינ האָט זי זיכ ניט דערמאָנט און אָפט פלעג זי אפילע בעשאַסנ זויגנ אליינ אינ דעמ פארגעסנ און זיכ עפעס ווילד פאַרטראַכטנ.

דאָס שווײַגנ האָט אויכ נאָכנ קימפעט פונ איר ניט אָפגעלאָזט. פארקערט, האָט זיכ נאָכ מער געשטאַרקט און דערגרייכט אזא מאָס=מאַדרייגע, אז מע האָט אָנגעהויבנ מוירע האָבנ איר דאָס קינד צו פאַרטרויענ, זי זאָל זיכ אַמאָל אזוי ניט פארגעסנ, אז זי זאָל דאָס גאָר פונ די הענט ארויסלאָזנ.

א סוואָרע, אז איינמאָל האָט דאָס טאַקע מיט איר געטראָפנ, און דעמלט האָט מענ זיכ גענומענ אייצענ מיט דאָקטוירימ, און אז יענע האָבנ זי גוט באַטראַכט און עטלעכע מאָל איינער מיטנ אַנדערנ אפ קאָנסיליומס זיכ דורכגעשמועסט, אזוי זײַנענ זיי צומ אויספיר געקומענ, אז דאָס קינד דאַרפ מענ זענ בא איר אוועק=

נעמענ, ווײַל אינ אזא שטאנד איז זי ניט פײַיק אירע מוטער=פליכטנ אויסצופילנ אונ אז זי אלײנ דארפ מענ אָפּגעבנ אינ א געהעריקנ שפּיטאָל צום הײלנ.

אזוי האָט מענ געטאָנ, אונ ס'איז ניט אוועק קײנ סאכ צײַט, אז איר לאגע האָט זיכ פארערגערט, זי איז אלצ מער אינ זיכ פארזונקענ, זיכ אָפּגעזאָגט פונ עסנ, טרינקענ אונ ניט דערלאָזט מע זאָל זי אפילע מיט גוואלד האָדעווענ. אונ דיר סאָפּ איז געווענ גאָר א שלעכטער. אינ אײנעמ א טאָג, ווענ די שפּיטאָל=באדינער האָבנ ניט באמערקט אונ פונ איר אוועקגעקוקט, האָט זי געקריגנ עפּעס א שארפע זאכ, א מעסער צי א גאָפּל, מיט וועלכנ זי האָט זיכ געפּרוווט דעמ האלדז דורכשטעכנ. אונ אז מע האָט זי יענצ מאָל אָפּגעראטעוועט אונ איר אויסגעהײלט די וונד, האָט זי זיכ פארטײעט אפּ א צײַט אונ קלוימערשט ניט געוואָלט קײנ שארפע זאכנ אינ די הענט נעמענ אונ אפילע אפּ זײ ניט קוקנ, ביז א צווײטער גינסטיקער פאל האָט זיכ איר געמאכט, אונ דאָס מאָל האָט זי מיט זיכ ענדגילטיק פארענדיקט: זי האָט זיכ דעמ האלדז ביז טיפ אונ אפּ טויט דורכגעשניטנ.

דאָס — די מוטער. דער פאָטער, וואָס האָט, זעט אויס, זי שטארק ליב געהאט, האָט זיכ די זאכ אזוי שטארק צום הארצנ גענומענ, אז ער האָט געהאלטנ אויכ זײַנ לעבנ פאר פארענדיקט. ער איז אומגעגאנגענ א לאנגע צײַט צעמישט, זיכ ניט געלאָזט טרײסטנ, ניט אויסרעדנ... אונ ווענ, ווי דער שטײגער, האָבנ שפּעטער צו אימ אינ שטוב זיכ גענומענ ארײַנשטעלנ שאדכאָנימ מיט פארשײדענע פאָרשלאָגנ, ווי מע קומט אלעמאָל צו א יונגנ אלמענ, האָט ער ניט נאָר זײ ניט געוואָלט אויסהערנ ביזנ סאָפּ, נאָר שוינ בא די ערשטע ווערטער אפּ זײ אָנגעשריגנ אונ זײ פּאָשעט דורכגעטריבנ. די שאדכאָנימ האָבנ צוערשט בלויז מיט די אקסלענ אוועקגעמאכט, מײנענדיק, אז ס'איז צײַטווײַליק, ווײַל דער צאר איז נאָכ פריש; אָבער אז זײ האָבנ נאָכ א מאָל אונ נאָכ א מאָל געפּרוווט ארײַנקומענ, אונ יענער האָט ווידער אונ נאָכ מיט מער בײזער אפּ זײ זיכ צעשריגנ, האָבנ זײ געזענ, אז ס'איז ערנסט, ס'איז ניט געמאכט אונ ניט בלויז לעפּאָנעמ, אונ זײ האָבנ אָנגעהויבנ זשאלעווענ שיכ אונ מער זיכ צו אימ ניט געוויזנ.

ער, דער פאָטער, האָט זיכ אויכ פונ געשעפט אָפּגעוואָרפנ. שטאמענדיק אלײנ פונ פײַנע עלטערנ, וועלכע האָבנ אימ באזאָרגט מיט היפּש נאדנ סײַ פונ זײער צאד, סײַ אויכ פונ קאלעס צאד, אונ וואָס דאָס האָט מעגלעכ געמאכט, ער זאָל באלד נאָכ דער כאסענע זיכ א נעמ טאָנ צום גרויס=האנדל, מיט אויסזיכטנ אפּ גאָר גרויסע רעוואָכימ, ווי ס'טוענ אלע רײַכע זײַנגלײַכנ נאָכ דער כאסענע, האָט איצט, נאָכ דעמ, ווי דער אומגליק האָט אימ געטראָפנ, זיכ באזײַטיקט אונ ארויסגענומענ פונ דעמ... ער איז געוואָרנ היימזיצער אונ ניט געוואָלט אויסהערנ קײנ מוסער ניט פונ זײַנע עלטערנ אונ ניט אויכ פונ אנדערע אײגענע, אז — „וואָסי?.. ס'טרעפט... ער איז נאָכ יונג אונ מע דארפ זיכ זען אינ די הענט נעמענ"... זיכ ניט געלאָזט. ער האָט זיכ אינגאנצנ אָפּגעגעבנ דעמ קינד, וועלכנ ער האָט א מוטער פארביטנ. אונ וואָס געהער געשעפט אונ שטוב=באלעבאטישקײַט, האָט ער זיכ פארלאָזט, ערשטנס, אפּ זײַנ מעשאָרעס, אפּ אײנעמ, דעמלט נאָכ א יונגנ, פארשוינ, מיטנ נאָמענ שאמײַ, וואָס ער האָט זיכ דערוואָרבנ אפּ געטרײַשאפט, ווי אויכ אפּ דער אמ אונ אפּ דער דינסט, וואָס אײנע האָט מיטנ קינד געהאט צו טאָנ, אונ די צווײטע — מיט דער שטוב.

די געשעפטנ האָט ער ליקווידירט. אונ פארנ צונויפגעזאמלטנ געלט פונ נאָכ דער

ליקווידאציע האָט ער זיכ געקויפט א גרויס הויז אפ אנ אָנגעזועענער גאס אפ פארנאָסע, און אָנגעפירט מיטנ הויז, אכטונג געבנ אפ דעם אופמאָנענ דירע=געלט, רעמאָנט א א. — האָט געגומענ אפ זיכ זײַנ לייב=מעשאָרעס שאמײַ, וואָס ער איז אימ געווענ אי באדינער, אי קאסירער, אי קימאט באלעבאָס אפ אלצ, ווײַל קיינ אייגנ לעבנ האָט ער ניט געהאט אונ קיינ אייגענע פאמיליע האָט ער זיכ ניט גערענקט אײַנצושאפנ.

דאָס—דעמלט, ווענ דער פאָטער נאָכ יונג געווענ אונ ווענ דער אומגליק האָט אימ גע־טראָפנ. אונ איצט, ווענ מיר דערציילנ דאָ, איז ער שוינ עלטער מיט אריבער א פערטל יאָרהונדערט. ער גייט זיכ ארומ שטענדיק אינ כאלאט אונ אינ די שטעקשיכ אינ שטוב. צו די געשעפטנ האָט ער זיכ אלצ ניט אומגעקערט, כאסענע האָבנ — אויכ ניט. ער איז נאָכ אלצ באלעבאָס פונ יענעמ גרויסנ הויז אפ דער אָנגעזועענער גאס, ווי אמאָל. ער האלט זיכ נאָכ אלצ מיט זײַנ מעשאָרעס שאמיי, וועלכער האָט זיכ, נאטירלעכ, אויכ ווי דער באלעבאָס געעלטערט אונ וואָס האָט זיכ אזוי אײַנגעלעבט מיט יענעמ, אז ער טראָגט אויכ די זעלבע קליידער, וואָס יענער, אמאָל — וואָס פונ יענעמ פאלט אראָפ, אונ אמאָל אויכ נײַע, פונ א מער ביליקערנ שטאָפ אָבער אינ זעלבנ שניט, וואָס דער באלעבאָס, געגייט. ער עסט מיט אימ צוזאמענ, גייט מיט אימ אינייגעמ אינ באָד אונ אינ פרײַע שאָענ שפילנ זיי ביידע א שטילנ שאָכ באשטענדיק.

אויכ די שטוב האָט זיכ מיט גאָרניט ניט געענדערט. די פינפ=צימער=וווינונג אפנ צווייטנ שטאָק פונ אייגענעמ הויז איז, ווי פריער, אויכ איצט רײַכלעכ אויסגעשטאט. א ביסל נאָר די ווייכלעכע מעבל אָפגעבליאקעוועט, א ביסל אויכ די פאָרהאנגענ פונ אמאָל אָפגעפאָרנ אינ פארבנ. אָבער אלצ איבעריקע, ווי געווענ. אונ דאָס איינציקע, וואָס האָט יאָ עטוואָס געענדערט דאָס פאָנעמ פונ דער שטוב, איז דעמ באלעבאָס' אונ־טערגעוואקסענער זונ, וואָס צו זײַנ באנוצ איז איצט אָפגעגעבנ געוואָרנ דעמ באלעבאָס' אמאָליקער קאבינעט, וועלכנ ער, דער זונ, האָט בא אלע פיר ווענט באשטעלט מיט אָנ־געגלאָזטע ביכער=שאפעס ביז דער סטעליע ארופ אויבנ אונ וואָס אהינ קומענ איצט אָפט מיט באזוכ מענטשנ, מיט וועלכע ניט דער באלעבאָס אונ ניט אויכ שאמיי זײַנ מעשאָרעס פארגינענ זיכ ניט קיינ מינדסטע קענטשאפט צו פארפירנ, האלטנדיק זיכ פונ ווײַט אונ האנאָע האָבנדיק פונ זונס, העשלס, קענטשאפט.

זיי קוקנ מיט שטאָלצ אונ איבערגעמערישקײַט, וויאזוי די באזוכער טרעטנ אלעמאָל מיט דערעכערעצ העשלס שוועל אריבער, דענקענדיק, אפאָנעמ, זיכ צו דערוויסנ אונ צו קריגנ בא אימ דאָס, וואָס בא אנדערע איז דאָס ניט צו דענקענ... ס'גרויסט זיכ מיט זײַנ זונ ניט נאָר דער פאָטער, בעשאס ער זעט, וויאזוי די באזוכער קלאפנ אָנ אינ דער טיר פונ זײַנ זונ אײדל, נאָר אויכ שאמײַ, וואָס אויכ בא אימ איז העשל פאר א שטיק זונ פארעכנט אונ וואָס אלע מאָל, ווענ ער זעט דעמ באלעבאָס אינ זײַנ איבערגעמערישער אונ עטוואָס בארימערישער געדולע, האלט ער אימ אונטער אונ בארעכטיקט אימ זײַנ שטאָלצ מיט א זאָג=געבנ דערבײַ: העשעניו, באלעבאָס, איז קיינ אייגאָרע א מענטש, וואָס אנדערע, מאשמאָעס, דארפנ צו אימ אָנקומענ...

דאָס — פונ איינ זײַט — גאכעס. פונ דער אנדערער זײַט אָבער ערגערט זיי זייער, ווענ זיי באמערקנ, אז העשל האלט זיכ אלצ מער אלטבאָכעריש אינ דער פלייצע בייגנ אונ אז דאָס בלאס אויסזענ פונ זײַנ פריער יוגנט אָנ האָט, מיט זײַנ עלטער, פונ אימ ניט אָפגעלאָזט, זיכ ניט אויסגענומענ, נאָר פארקערט, זיכ מער געשטארקט אונ אזא שטענדיקער גאסט אפ זײַנ פאָנעמ געבליבנ, אז ווענ דער פאָטער טוט אָפט פארשטעל־

מערהײט א קוק אפֿ העשלען, אזוי דערזעט ער מיט דערשרעק די גוואַלדיקע ענלעכקײט פֿון אים צו זײַן מוטער אין יענער צײַט, װען זי איז מיט איר אין קימפּעט געלעגן און װען די געװיסע טרויעריקע שװײַגעניש איז זי באַפֿאַלן.

דאָס האָט דעם טאַטער און שאַמיי פֿיל אנגסט פֿאַרשאַפֿט. זיי האָבן זיך אָבער גע־טרייסט דערמיט, װאָס העשל איז א הײם־זיצער און א גרויס־געלערנטער, און פֿאַר אזא איז אײַנגעטימלעך און ס'פּאַסט זיך אויך אין קערפּער עטװאָס אָפּגעשטאַנען צו זײַן און אין געזונט געמינערט... און נישקאָשע — האָבן זיי זיך געזאָגט, — ס'װעט נאָך קומען א צײַט, װען העשל װעט מער מיט דער װעלט אין באַריר קומען און דעמלט װעט זיך אים אויך זײַן געזונט ענדערן צום מער געװוּנטשענעם. — הא, װי מײנט ער, שאַמײַ? — פֿלעג דער באַלעבאָס, װען זײַן זאָרג װעגן זײַן זון פֿלעג אים באַפֿאַלן, צו זײַן באַדינער זיך װענדן און בא אים א פֿרעג טאָן.

— יאָ, באַלעבאָס, — פֿלעג יענער דעם באַלעבאָס אונטערהאַלטן און אים שטיצן אין זײַן טרייסט. אָבער ביידע פֿלעגן דאָך בא זייער ניט־אַרויסגערעדטער און שטיל־אויפֿגעהאַלטענער מאָרעשכוירע בלײַבן, און באַזונדערס דער באַלעבאָס, װעמען ס'איז שױן א שטיק צײַט נאָך א שװערער שטיין אפֿן האַרצן געלעגן, טראַכטנדיק װעגן גורל פֿון זײַן זון.

דאָס איז פֿון דעמלט, װען העשל איז אײַנמאָל עפּעס קראַנק געװאָרן און א דאָקטער האָט אים באַזוכט. און װען דער דאָקטער האָט אים אָפּבאַטראַכט, האָט ער זיך פּלוצים גענומען דערפֿרעגן װעגן זײַן מוטער, פֿון װאָס זי איז געשטאָרבן. און אז ער האָט זיך דערװוּסט, האָט ער נאָכאַמאָל א גאָר־גאָר באַאָבאַכטנדיקן בליק געװאָרפֿן אפֿ העשלען. און בעשאַס דער טאַטער האָט אים פֿון דער טיר און פֿון דער שװעל אַראָפּבאַגלײט און װידער און נאָכאַמאָל װעגן זונס איצטיקער קרענק זיך געהאַלטן אין דערפֿרעגן, אזוי האָט אים דער דאָקטער דעמלט א זאָג געטאָן:—דאָס איצטיקע איז גאָרניט. ס'ע װעט פֿאַריבערגיין, נאָר דעריקער װאָלט מען דעם זון באַדאַרפֿט זען היטן פֿון דערשיטערונגען.

— װאָס הייסט? — האָט דער טאַטער א פֿרעג געטאָן, װעלנדיק אופֿקלערן און זיך דערװיסן דעם גענויעם מיין פֿון דאָקטערס װערטער.

— דאָס הייסט, קיינע איבעראַשונגען, קיין דערשרעק, פֿון װעלכן מ'פֿאַרלירט זיך אַמאָל און מ'קאָן דערנאָך שװער צוריק צו זיך קומען.

דער טאַטער האָט דאָס פֿאַרגעדענקט און פֿלעגט אָפֿט ניט שלאָפֿן פֿאַר מאָרעשכוירע, און אַלעמאָל פֿלעג ער װעלן מיט העשלען װעגן דעם איבעררײדן, אז יענער, העשל, הייסט עס, זאָל זיך זען היטן, מאַכמעס דער דאָקטער האָט דעמלט און דעמלט דערפֿאַר און דערפֿאַר געװאָרנט, אָבער ער האָט ניט געװוּסט, װי־אזוי צוצוטרעטן צו העשלען מיט אזעלכע רייד, ניט געװוּסט פֿון װאָס אָנצוהייבן און צי װעט אים יענער, העשל, גאָר פֿאַרשטיין. און העשל אליין האָט, װײַזט אויס, ניט פֿאַרשטאַנען, און דאָס איז שױן פֿאַר העשלען גאָר ניט גוט געװען — א סימען, אז ער װייסט ניט, װי ער האַלט, װייסט ניט, װאָס ס'ליגט און ס'װאַרט בא זײַן טיר און שװעל אפֿ אים, און אויב אזוי, קאָן אים דער אומגליק אַמאָל טרעפֿן אומגעריכט, װען א געװיסע סיבע זאָל דאָ אויפֿקומען און זיך װײַזן — אזא, װאָס איז מעסוגל אַרויסצורופֿן בא אזױנע, װי ער, אן אומגליק.

יאָ, נאָר דערװײַל אָבער האָבן זיך קיינע סיבעס ניט געמאַכט. דערװײַל איז העשלס לעבן בא זײַן טאַטער אין הויז געפֿלאָסן, װי געװײנלעך, אין די אַמאָליקע דורכגע־

לייגטע ברעגעס, אנ ענדערונג. צו דעמ פאטער, וואס איז פארבליבנ אנ אלמענ, אונ צו שאמיי, וואס איז א באכער פארזעסנ, איז מיט העשלס אונטערוואקסנ צוגעקומענ נאכ איינער, וואס לויט אלע סימאנימ וועט אויכ ער פארזיצנ—מיט איינעמ בילעק נאר, וואס העשל האט זיכ פארקנאסט צו זיינ קאבינעט, וואס דער פאטער האט אימ צו זיינ באנוצ אפגעטרעטנ אונ וואס ער, העשל, האט אימ באשטעלט מיט הויכ-אנגעגלאזטע ביכער-שאפעס ארומ אלע פיר ווענט ביז דער סטעליע ארופ אויבנ, אונ וואס אלעמאל האט מענ אימ דארט געקאנט טרעפנ בא לייענענ א בוכ — אמאל אנ אלטנ, וואס די בלעטער זיינענ פארגעלט אונ שמעקנ מיט צייט-עלטערלעכנ שימל, אונ אמאל א נייעמ, א ערשט צעשניטענעמ, פונ וועלכנ די פארב פונ דרוק אונ פונ פריש פאפיר פילט זיכ ארויס.

העשל וואלט, עלטער ווערנדיק ווי זיינ פאטער, שוינ גאנצע טעג אינ כאלאט אונ אינ שטעקשיכ אומגעגאנ, אונ צום שפילנ שאכ, וואס דער פאטער האט אפט געשפילט מיט שאמיי, וואלט א דריטער — העשל, צוגעקומענ, וואס וואלט אמאל געשטאנענ הינטער די פלייצעס פונ איינעמ א שפילער, אונ אמאל הינטער די פלייצעס פונ א צווייטנ, זיכ ניט אריינמישנדיק אונ קיינמאל קיינעמ אפילע קיינ אייצעס ניט געבנדיק.

מעגלעכ, אז ווענ ס'טרעפט מער ווייטער גארניט, וואלט ער, אפ אזא אויפנ, אויכ זיינ שווער שטיקל ירושע איבערגעקומענ אונ דאס מעגלעכ-קרענקלעכע אינ אימ וואלט אזוי איינגעשלאפנ, ניט האבנדיק קיינ סיבע צומ אופוואכנ, ווי די זוימענ פונ געוויקסנ אמאל, ווענ זיי האבנ ניט די געהעריקע באדינגונגענ — באדנ, זונ אונ פייכט-קייט, צו זייער וווקס.

אבער מיטאמאל האט יא עפעס געטראפנ — אונ דאס איז די מילכאמע, וואס האט אויסגעבראכנ אינ 1939 אונ בא וועלכער מיר אלע אונ די גאנצע וועלט זיינענ איצט איידעס.

## II

אז דאס פאשיסטישע כאיל איז אריינ אינ שטאט, ווו העשל אנשעלעס האט געווינט, איז איידער זייער מאכט האט איינגעפירט די נייע ארדענונג, איידער זי האט באוויזנ די יידנ פונ זייערע הייזער ארויסזעצנ אונ זיי באפוילנ אריבערפארנ אינ יענע ערטער, וואס זי האט באשטימט פאר זיי — אינ די געטא-קווארטאלנ, — האט זי דערווייל צעשיקט קווארטירערנ איבער דער שטאט, אויסצוזוכנ ווינונגענ פאר אירע מיליטערישע אונ ציווילע פארשטייער, פאר אפיצערנ, באאמטע אא. — ניט אויסגעשלאסנ אויכ אינ די יידישע ווינונגענ.

אז מ'איז צוגעקומענ צו העשלס פאטערס הויז, וואס אפ דער אנגעזעענער גאס, האט איינער א שאכנ, צי מיט א בייזנ מינ, צי ניט מיט קיינ בייזנ, א ווייז געטאנ אפנ באלעבאס' ווינונג אליינ, ווי אפנ סאמע באקוועמסטנ אונ פאסיקסטנ פאר אזוינע לייט, וועמענ מ'דענקט דא איינצוקווארטירנ.

העשלס פאטערס ווינונג איז געפעלנ. אונ באלד טאקע האט זיכ אפ דער פאראד-טיר, אינ אונטערשטנ שטאק, איינער אנ אפיצער באוויזנ, שוינ מיט געפעק, גרייט צו פארנעמענ, וואס מע וועט אימ אנווייזנ. א וויילע נאר האט ער דאס געפעק אונטנ געלאזט, אז דער סטרוזש, אדער אנדערע, זאלנ דערופ אכטונג געבנ, אונ אליינ האט ער ארופ אויבנ געשטייגט, אינ צווייטנ שטאק, זענ, וואס מ'האט פאר אימ אויסגעפונענ.

די ווינונג איז אימ געפעלנ. באזונדערס העשלס קאבינעט, ווו ער האט געדענקט

זיכ באַזעצנ. אונ באַלד האָט ער א באַפויל געגעבנ, אז אליינ די באַלעבאַטים זאָלנ מיט אימ אראָפּ אונטנ גיינ, אימ העלפנ דאָס געפּעק ארופּברענגענ.

ס'האָט זיכ, נאַטירלעכ, באַלד געוואָלט לאָזנ די דינסט. אָבער דער אָפיצער, דער קוואַרטיראַנט, האָט מיט דער האַנט אוועקגעמאַכט: נײַנ, די דינסט טאָרפ ער ניט! — איכ, — איז שאַמײַ דער מעשקאָרעס אונטערגעשפּרונגענ, זיכ גלײַכ ארויסגעשטעלט אונ געוואָלט די דינסט פאַרבײַטנ. — נײַנ, אויכ דיכ ניט, — האָט דער אָפיצער אויכ שאַמײַס ווילנ אונ באַדינגרייטקײַט אָפּגעוואָרפנ אונ ניט דערלאָזט. דעמאָלט האָט זיכ ארויסגערופנ דער באַלעבאָס אליינ, העשלס פאָטער, מיטנ אָפיצער אראָפּצוגיינ, אָבער אויכ אימ האָט יענער מיט א האַנט ווי באַזײַטיקט: נײַנ, דער, — האָט ער געזאָגט אָנווײַזנדיק אפ העשלענ, וואָס איז געשטאַנענ בא א זײַט, עטוואָס מער בלאַס, ווי אלעמאָל, צוזעענדיק דעמ אָפיצערס קאָמאַנדע אונ ניט פאַרשטייענדיק, פאַרוואָס אלעמענ האָט ער אָפּגעוואָרפנ אונ אימ, בלויז אימ, האָט ער אויסדערוויילט צו אָט דער טראָגמעלאָכע.

— פאַניע... הער אָפיצער... — האָט זיכ דערווײַל העשלס פאָטער צומ אָפיצער מיט טאַכנונימ געווענדט, — ס'איז מײַנ אײנציקער זונ. ווי ער זעט, דער הער אָפיצער, פונ די ביכער אינ זײַנ קאָבינעט — א געלערנטער, — אונ דערצו, ווי ער זעט אויכ, א שוואַכער אינ געזונט. איז צו וואָס גראָד דער זונ, ווענ אלע אנדערע זײַנענ גרייט דעמ הער אָפיצער באַדינענ אונ אימ די געפעליקײַט טאָנ מיט גרויס פאַרגעניגנ.

— אכ אזוי, א געלערנטער? — האָט דער אָפיצער א קוק געטאָנ אפ העשלענ, ווי אפ א וואַנצ אָדער אנדער נישטיקײַט, — נישקאָשע, זאָל ער זיכ צוגעווינענ. ער וועט זיכ געווינענ נאָכ צו ערגערס.

— שנעל! — האָט ער א באַפויל געטאָנ, ווי צו א ליאַדע שיק=ײַנגל, צו העשלענ אונ מיט א האַנט אימ אָנגעוויזנ, ער זאָל גיינ פאָרויס, אראָפּ אונטנ, אָנ טײַנעס.

ס'האָט, נאַטירלעכ, ניט געהאָלפנ. ס'האָבנ זיכ בלויז נאָכ דעמ, ווי העשל מיטנ אָפיצער האָבנ זיכ פונ דער טיר ארויסגעלאָזט, אויכ אלע איבעריקע אינ שטוב, ווי גײלעמער, זיי זיכ נאָכגעלאָזט — סײַ דער פאָטער, סײַ שאַמײַ דער מעשאָרעס, סײַ אויכ די דינסט, פונ הינטנ גייענדיק — ניט דערפאַר, האָט מענ געזענ, וואָס זיי ווענ דאָרט צוניצ קומענ אונ מיט עפּעס העשלענ קאָנענ העלפנ, נאָר גלאַט אזוי, ווײַל א בלינדלעכער קויעכ האָט זיי אונטערגעטריבנ אונ זייערע פיס געמאַכט שפּאַנענ.

דער אָפיצער האָט, אראָפּקומענדיק, העשלענ אפ דעמ געפּעק אָנגעוויזנ. דאָס זײַנענ געווענ צוויי טשעמאָדאַנעס. אײנער א גרעסערער אונ מער שווערער, אונ דער צווייטער א מער לײַכטער. העשל האָט זיכ אָנגעבויגנ אונ געוואָלט ביידע אינ ביידע הענט נעמענ, נאָר דאָ האָט דער אָפיצער א באַפעל געטאָנ: — נײַנ! דעמ — האָט ער אפנ שווערערנ אָנגעוויזנ — אינ די הענט, אונ יענעמ, דעמ לײַכטערנ — מיט די ציינ.

— וואָס? — האָט העשל, שוינ א שטיק פריטשמעליעטער פונ פריער, איצט, די לעצטע ווערטער דערהערנדיק, אפנ אָפיצער א קוק געטאָנ, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס יענער מיינט, אונ מיינענדיק, אז ער האָט ניט גוט געהערט.

— יאָ, ייד... דעמ — מיט די ציינ.

א ווײַלע זײַנענ אלע בײַוועזנדיקע ווי פאַרגליווערט געוואָרנ. דער פאָטער האָט זיכ באַלד פונ אָרט געוואָלט א לאָז טאָנ, דעמ אָפיצער צו די פיס צופאַלנ, בא אימ אויסבעטנ, ער זאָל צוריק נעמענ זײַנ באַפעל. אויכ שאַמײַ האָט, דאַכט זיכ, געוואָלט טאָנ

דאָס זעלבע. דאָס זעלבע — אויכ די דינסט. אָבער דעמלט האָט דער אָפיצער אזא געשריי געטאָנ „שנעלער!“, ווענדנדיק זיכ צו העשלענ, אז יענע אלע האָבנ פארשטאנענ, אז קיינע טאכנונימ אונ צו דער ערד פאלנ וועלנ דאָ ניט העלפנ, אונ אז ווער ס'האָט אויגנ אונ קאָנ צוקוקנ, וואָס דאָ וועט דארפנ פאָרקומענ, זאָל ער קוקנ. אונ ווער ס'איז דאָס ניט אימשטאנד, דער זאָל דעמ קאָפּ אָפּקערעווענ אונ אוועקקוקנ.

העשל אליינ האָט גאָרניט ניט געזאָגט. ניט קוקנדיק ניט אפנ פאָטער אונ ניט אפנ באדינער, וועלכע האָבנ האלב טויט אויסגעזענ, אונ אויכ ניט אפ דער דינסט, וואָס האָט זיכ מיטנ פארטעכ די טרערנ געווישט, האָט ער זיכ צומ געפעק אָנגעבויגנ, דעמ שווערנ טשעמאָדאנ מיט דער האנט גענומענ אונ צומ צווייטנ, בעיינ'ברייטע, מיטנ פּאָנעמ זיכ דערנענט... א ווײַלע נאָכ האָט מענ געזענ, ווי דער רוקנ קווענקלט זיכ אימ, זיכ אכאָפּ אונ אויפהייבנדיק, נאָר באלד האָט זיכ אויכ זײַנ רוקנ אויפגעהערט קווענקלענ... אָבער ווי די יאָרנ... אָנגעבויגנ צומ געפעק האָט זיכ איינער א מענטש מיטנ נאָמענ העשל, אונ אויפגעשטעלט, דעמ טשעמאָדאנ שוינ אינ די ציינ טראָגנדיק, האָט זיכ אויפגעשטעלט אנ אנדערער, א צווייטער שוינ, קאָנ מענ זאָגנ, ניט קיינ מענטש, אלנפאלס, ניט ער.

ווער ס'וואָלט דעמלט אפ העשלענ א מער אויפמערקזאמנ קוק געטאָנ, וואָלט געזענ, ווי מיטאמאָל האָט זיכ אימ דער בליק געענדערט. זײַנע אויגנ, אלעמאָל פונ עטוואָס גראָוולעכנ קאָליר, זײַנענ איצט ווי גאָר ווײַס געוואָרנ, גלײַכ דער מאמעס מילכ וואָלט אימ אינ זיי געקומענ... ער האָט, אזוי גייענדיק, אינ איינ האנט דעמ שווערנ טשעמאָדאנ געטראָגנ אונ דעמ צווייטנ, דעמ גרינגערנ, אינ די ציינ. א שטילע לעווײַע פונ אָפיצער אונ פונ די אייגענע איז אימ נאָכגעגאנגענ. דער אָפיצער, וואָס איז, ווײַזט אויס, געווינט געווענ צו אזעלכס, אונ אויכ, ווי ס'ווײַזט אויס, ניט אזא, וואָס זאָל זיכ מאכנ מאכשאָוועס אונ פייניק זײַנ אָפּצומעסטנ די גרייס פונ דער דערנידערונג אונ באלײַדיקונג, וואָס ער דערלאנגט א מענטשנ, צווינגענדיק אימ צו אזא סאָרט דינסט — איז נאָכגעגאנגענ, ווי מ'גייט נאָכ א געוויינלעכנ געפעק-טרעגער, וועלכער טראָגט דיר אָפּ אפּ א געוויינלעכנ אויפנ דײַנ געפעק — קאלט, גלײַכגילטיק, גלײַכ ס'געשעט גאָרניט. אונ העשלס אייגענע, דער פאָטער, שאמעס דער באדינער אונ די דינסט, וואָס האָט געהאלטנ די גאנצע צײַט אינ איינ ווישנ זיכ די טרערנ מיטנ פארטעכ, זײַנענ נאָכגעגאנגענ, ווי מ'גייט נאָכ א מעס, ווענ קיינ ווערטער אינ מויל זײַנענ ניטאָ, ווענ דער בראָכ איז דיר אזוי גרויס, אז דו ווייסט ניט, צי דער קאָפּ איז דײַנער אונ צי דײַנע אייגענע פיס נאָר טראָגנ דיכ.

נאָר דאָס אלץ איז נאָכ געווענ גאָרניט אנטקעגנ דעמ, וואָס שפּעטער, ווענ מ'איז אינ שטוב ארײַנגעקומענ אונ העשלענ ביז אינ זײַנ קאבינעט ארײַנבאגלייט, איז געשענ. ארײַנקומענדיק אינ קאבינעט, איז העשל מיטנ געפעק שטיינ געבליבנ, ווי ניט האָבנדיק קיינ קויעכ אָדער קיינ ווילנ אימ ארויסצולאָזנ, אונ אז דער אָפיצער האָט זיכ אָנ ווערטער צו אימ א ווענד געטאָנ: — נו, — דאָס הייסט, לאָז אראָפּ, — איז ער ווײַטער אזוי געשטאנענ.

די דינסט האָט דעמלט צו אימ א גיי געטאָנ אונ דעמ שווערנ פאק פונ די הענט ארויסגענומענ, אונ דער צווייטער, וועלכנ ער האָט אינ מויל געהאט, איז אימ אויכ ווײַטער געבליבנ אינ מויל, ביז די דינסט איז ווידער צו אימ ניט צו אונ אויכ דעמ צווייטנ בא אימ אוועקגענומענ. העשל איז אָבער אויכ ווײַטער מיט אנ אָפנ מויל גע-

שטאנענ — אָפנ אפ אזויפיל, אפ וויפל דאָס הענטל פונ טשעמאָדאנ האָט פריער בא אימ אינ מויל פלאצ פארנומענ.

— מײנ זונ — האָט דער פאָטער, דערזעענדיק זײנ פארגליווערטנ אומגליק פאר די אויגנ, צו העשלענ א גיי געבנדיק, אויסגעשריגנ. באלד אָבער האָט ער זיכ צוריקגעכאפט, א קוק געבנדיק אפנ אָפיצער, וועלכער האָט זיכ שוינ אינ קאבינעט באלעבאָס געפילט אונ זיכ געוואָלט נעמענ צו זײנ באלעבאטישקײט, זיכ מאכנ באקוועמלעכ, אונ אָט די פרעמדע מענטשנ, דאָס מײנט מענ, דער באלעבאָס, זײנ זונ אונ די איבעריקע, האָבנ אימ געשטערט.

— העשעניו! — האָט אויכ דער געטרײער מעשאָרעס צומ באלעבאָס׳ זונ א גיי געטאָנ, אימ וועלנדיק דערוועקנ אונ צו זײנ פריערדיקנ שטאנד אימ אומקערנ.

— מארש! — האָט א געשריי געטאָנ דער אָפיצער, אונ העשל האָט זיכ ווײטער פונ אָרט ניט גערירט אונ דעמ אָפיצערס אויסגעשריי האָט אפ אימ קײנ אײנדרוק ניט געמאכט, ער זאָל אימ וועלנ אויספאָלגנ. ער איז אויכ ווײטער אזוי געשטאַנענ מיטנ געעפנטנ מויל פארגליווערט, ביז דער באלעבאָס אונ דער מעשאָרעס האָבנ, ווייגענדיקע, זיכ איצט צו זײנע ביידע זײטנ אוועקגעשטעלט, אימ פאר די הענט אָנגענומענ אונ אימ ארויסגעפירט פונ קאבינעט.

— ווײ דעמ טאטנ! — האָט העשלס פאָטער, ארײנפירנדיק העשלענ אינ צווייטנ צימער אונ זעענדיק, אז יענער, העשל, בלײבט אויכ דאָ, ווי דאָרט, אינעמ ערשטנ, אינ קאבינעט, א שווײגנדיקער אונ מיטנ אָפענעמ מויל שטיינ, אויסגעשריגנ:

— העשעניו, וואָס איז מיט דיר? — האָט דער מעשאָרעס, דעמ באלעבאָס אונטערהעלפנדיק, זיכ צעוויינט אונ איז גלײכ נאָכ א דאָקטער אוועקגעלאָפנ.

ער האָט געבראכט א היימישנ — אזא, וואָס פלעג אלעמאָל דאָס הויז באזוכנ. יענער האָט באטראכט, געקוקט אונ א שווײגנדיקע אומבאהאָלפנקײט האָט זיכ אפ זײנ פּאָנעמ אָנגערוקט, ווײל העשל איז שוינ ניט געווענ העשל אונ דער דאָקטער האָט שוינ ניט געהאט מיט וואָס זײנע אייגענע צו טרייסטנ.

אויס!... פונ דעמלט אָנ האָט העשל שוינ ניט געוווּסט, וואָס ארומ אימ טוט זיכ. ניט געוווּסט, אז אינ א שיינעמ טאָג, באלד נאָכ דעמ, ווי דער אָפיצער האָט זיכ צו זײנ פאָטער אינ וווינונג אריבערגעצויגנ, איז געקומענ א באפעל, אז זיי, די אייגנטימער פונ הויז, דאַרפנ זיכ פונ דאָרט ארויסציִענ. מע האָט עס געטאָנ אונ מ׳איז גאָר אינ א געמײנער דירע, ערגעצ אינ א פינצטערלעכנ, אָפּגעלעגענעמ קווארטאל, אָנגעקומענ.

העשל האָט אויכ ניט געוווּסט, אז ער האַלט די גאנצע צײט דאָס מויל אָפנ, אונ אז דער פאָטער אָדער שאמש דער באדינער האָדעווענ אימ, ווי מע האָדעוועט א קינד אָדער א ציטערנדיקנ זאָקנ, וואָס נייטיקט זיכ אינ א צווייטנס הילפ. ער האָט ניט באמערקט, ווי מע פירט אימ אָפט שפאצירנ אינ יענעמ קווארטאל, וווהינ פיל, ווי זיי, זײנענ אריבערגעקומענ אויסגעלײדיקטע, אָנ געלט, אָנ אויסשטאטונג אונ באגומענע ביז די מאלבושימ; אָבער דאָכ איז דער אומגליק פונ זײנ פאָטער פיל גרעסער, ווי בא אנדערע, אונ יעדעס מאָל, ווענ מע האָט געזענ דעמ פאָטער אָדער זײנ מעשאָרעס פירנ אימ, העשלענ, אפנ שפאציר, אזוי פלעגנ מענ זיכ פארהאלטנ, קוקנ, ווי יענער, העשל, האלט דאָס מויל אָפנ, גלײכ ער איז מיט אָט דעמ פעלער אזוי געבוירנ.

— ווײ די יאָרנ, — האָט מענ אימ באדויערט, — אפ וואָס מע איז איבערגעקומענ, אז ווער־וועמענ האָט דאָ באדאַרפט דאָס געפעק טראָגנ.

— אונ וויאזוי...

— אוודע איז פאר אזא מענטשנ אזא ביזויענ ניט צום אריבערטראָגנ.

— זאָל מענ זיי שוינ ארויסטראָגנ,—האָט מענ זיך שטילערהייט אינ פאָלק געווינטשנ — אפנ אומריינעמ אָרט, ווי קעצ אונ הינט אונ אלע אנדערע פגירעס.

העשל האָט ניט באמערקט, ווי דער פאָטער איז פאר א קורצער צײַט אײַנגעבויגנ אונ געבראָכנ געוואָרנ, ארויסגעיאָגט פונ זײַנ היימ, אינ דער פרעמד, אונ דערצו נאָך מיט א קראנקנ זונ אפ דער עלטער.

אויך שאמעי איז שטארק אראָפּ. ער האָט נאָך דעמ, ווי ער מיטנ באלעבאָס, מיטנ זונ, זײַנענ פונ זייער אײַנגעזעסענער היימ ארויסגעריסנ געוואָרנ, ווי אלע, אָנ מיטלענ, אָנ מַלבושימ, אונ דערצו נאָך ווילד דערנידעריקט, מיטנ ספּעציעלנ שאנד=צייכנ — מיט דער גרויסער לאטע, וואָס ייִדנ האָבנ, לויטנ באפעל, געמוזט טראָגנ אפנ ארבל, אָדער אפנ רוקנ, אָדער אפ בײדע; נאָכדעמ, אז שאמעי דער מעשאָרעס, וואָס איז צו זײַנ באלעבאָס' שטוב שטארק צוגעבונדנ געווענ, ווי צו זײַנ אייגענער, האָט איצט דערזענ דעמ באלעבאָס אינ אזא צאָרע, האָט ער אפ זיך גענומענ פירנ די געמיינע אונ געקירצטע באלעבאטישקײַט, אפ וויפל דעמ באלעבאָס' לעצט=געבליבענע מעזומאָניס האָבנ אימ געקלעקט. ער האָט אויך גענומענ אפ זיך העשלענ נאָכצוקוקנ, ווענ דער באלעבאָס, מיד אונ פונ דערשלאָגנקײַט שוינ אָפּט קרענקלעך, פלעגט צו בעט ליגנ.

שאמעי איז אויך אראָפּ. ער פלעגט שוינ אָפּט ווי א אויװערבאָטל ריידנ צו זיך אליינ, ניט הערנדיק, וואָס ער זאָגט, אונ אמאָל פלעגט ער, שפּאצירנדיק מיט העשלענ, א רייד טאָנ צו יענעמ ווי צו א פארשטאנדיקנ. — אוי, העשעניו, — פלעגט ער זאָגנ, — וואָס דיך אונ אונדז האָט דאָ געטראָפנ... גאָט דער דערבארעמדיקער וואָלט זיך שוינ געמעגט ארומקוקנ.

העשל האָט דאָס אלצ ניט באנומענ. ניט באנומענ אויך, ווענ אייניקע זײַנע אמאָליקע באקאנטע אונ פארערער, וואָס אויך זיי האָבנ זייערע היימענ אָנגעווירנ, אונ אויך זיי האָבנ, ווי העשל אונ העשלס מישפּאָכע, אהער, אינעמ אָפּגעלעגענעמ, פינצטערנ, קווארטאל ארײַנגעטראָפנ — פלעגנ אימ באזוכנ אונ מיט גרויס באדויערונג אימ קומענ געווירע ווערנ, אונ אָט די באזוכער פלעגנ פאר אימ אינ פּאָנעמ רעדנ ווענג אימ אונ זײַנ געזונט=צושטאנד, ווי ווענג א פרעמדנ, אָנ זײַנ אָנטייל.

ס'פלעגט אימ ניט אָנגײנ, ניט ארנ... ער איז נאָך אלצ געבליבנ אינ זעלבנ שטאנד, ווי באלד נאָך דעמ, ווענ דער אומגליק האָט אימ געטראָפנ, ווענ ער האָט אָפּגעטראָגנ אונ געבראכט דאָס געוויסע געפעק, ווי א הונט טראָגט נאָך זײַנ באלעבאָס א זאך אינ די ציינ — מיט א אָפנ מויל, אונ אינגאנצנ ער, ווי ניט קיינ היגער, מיט א פארגליווערטנ בליק אינ זײַנע אלעמאָל גראָו=קאָלירקע אויגנ, וועלכע האָבנ איצט באקומענ די מארע, ווי בא א זויג=קינד, ווענ דער מאמעס מילך קומט אינ זיי.

עמעס, זעלטנ=זעלטנ פלעגט זיך אויך אינ דער בליק ענדערנ צום בעסערנ, צום מער באוווסטזיניקנ. אָבער באלד איז ער אימ גלאָזיק=שטײַפ געוואָרנ אונ די מילכיקע צעשווומענקײַט האָט באקומענ אזא דראָענדיקנ אויסדרוק, אז מע האָט זיך געקאָנט שרעקנ, אז אָט=אָט גייט ער איבער פונ שטילשטאנד צו אופגעריסענער ווילדעניש, וואָס איז אפ אלצ פייִק.

דאָס איז פאָרגעקומענ אלעמאָל דעמאלט, ווענ שפּאצירנדיק אינ יענעמ קווארטאל, וועלכער איז באשטימט געווענ פאר א ווינ=אָרט בלויז פאר ייִדנ, פלעגט ער באגעגעננ

א מענטשנ פונ דער פרעמד=אָנגעקומענער מאכט — א מיליטער=מאנ, א אָפיצער אינ דער זעלבער קליידונג אונ פונ זעלבנ קאָליר, וועלכע ס'האָט געטראָגנ יענער, וועלכער האָט מיט אימ די געוויסע שפיל אָפגעשפילט אונ וואָס נאָכ איר האָט אימ געטראָפנ, וואָס געטראָפנ.

ווענ ער פלעג אזא אָ אינ דער געוויסער אוניפאָרמ באגעגענענ, אזוי פלעג ער זיכ פלוצימ א שטעל טאָנ, א ציי אויס טאָנ, גלײַכ ער האָט עפעס אינ קערפער ארײַנבאקומענ אזוינס, וואָס האָט אימ שטרענג אָנגעשטאָלט. ער פלעג זיכ פארהאלטנ אונ אָפשטעלנ אינמיטנ גיינ, אונ יעדעס מאָל האָט ער דעמלט יענעמ אינ דער האנט געקוקט, צי טראָגט ניט יענער עפעס א זאכ, וואָס באלד וועט ער זי אימ הייסנ איבערנעמענ אונ אימ צוהעלפנ טראָגנ — אונ ניט נאָר אינ דער האנט, נאָר אינ מויל, ווי דעמלט... העשל פלעג דעמלט דאָס מויל עטוואָס ברייטער עפענענ.

דאָס האָט זיכ געמאכט זעלטנ, ווײַל יענע מיליטער=לײַט האָבנ דאָ, אינעמ אָפגעלעגענעמ קווארטאל, ניט צו טאָנ געהאט. דאָס אָרט — א פארשריגנס, אונ מאכמעס דער ענגשאפט, צונויפגעדריקטקײַט אונ איבערפולקײַט פונ דער באפעלקערונג איז דאָ אויכ ניט איבעריק רייג געווענ, אז יענע, אז אָנגעזעענע מיליטער=לײַט זאָלנ אהער קומענ זייער לײדיקע צײַט פארברענגענ, אָדער ווענ אמאָל דאָרט שפאצירנ גיינ. אונ דאָכ פלעג אמאָל אזא איינער יאָ אהינ פארבלאָנדזשענ. אונ קומענ אהער פלעג ער בלויז צוליב איינ זאכ, בלויז צוליב איינ ציל, צוליב רעציכע, דאָס הייסט צוליב כאפנ א קוק, וויאזוי זייער פײַנע מאכט האָט דאָ די פײַנע מעלאָכע אוועקגעלייגט, שאפנדיק די קוטיקע אָרעמקײַט פאר די, וואָס זי האָט זיי אוועקגעשטעלט אויסער נאָרמע אונ פונ יענער זײַט פונ יעדנ ארט געזעץ.

ס'האָט זיכ געמאכט, אז העשל האָט איינמאָל, אזוי שפאצירנדיק פארטראָגנ אינ זײַנ קרענק, אינ דער באגלייטונג פונ זײַנ אָפגעקומענעמ אונ דערשלאָגענעמ פאָטער, אינ דער באגלייטונג אויכ פונ שאמיי, וואָס איז בא זײַנ צווייטער זײַט געגאנגענ, — האָט זיכ פלוצימ אָנגעשלאָגנ אָפ א גרופע מיליטער=לײַט, א דרײַלינג, וואָס איז אימ פונ דער אנטקעגנזײַטיקער ריכטונג אינ פאָנעמ אָנגעקומענ.

ס'האָט זיכ ווײַטער געמאכט, אז איינער פונ די מיליטער=לײַט, געקליידט אינ דער זעלבער גרינער אוניפאָרמ, ווי אָט יענער, וועלכער האָט העשלענ מיט זײַנ געפעק טראָגנ באערט, האָט איצט אויכ עפעס געטראָגנ, — ניט קיינ גרויסע זאכ, וואָס ס'זאָל אימ שווער זײַנ, ווײַל דעמלט וואָלט ער געוויס איינעמ א קווארטאל=אײַנוווינער „אײַנגעלאדנ“, ער זאָל דאָס אימ נאָכטראָגנ, ווי ס'פירנ זיכ אלעמאָל אזוינע „לײַט“ אינ אזוינע קווארטאלנ. ניינ, ניט קיינ שווערס, נאָר א געוויינלעכ האנט=פעקלע.

אונ דאָ האָבנ פלוצימ העשלס פאָטער פונ איינ זײַט, ווי אויכ שאמײַ, וואָס איז פונ העשלס צווייטער זײַט געגאנגענ, באמערקט, ווי העשל האָט זיכ מיטאמאָל א לאָז געטאָנ צו יענע דרײַ אנטקעגנדיקע; אונ איידער העשלס פאָטער אונ אויכ שאמײַ האָבנ זיכ באוויזנ אומצוקוקנ, אזוי איז העשל שוינ צו צו יענעמ, וועלכער האָט דאָס פעקלע אינ האנט געטראָגנ, זיכ צו אימ מיטנ פאָנעמ אונ מויל א בייג געטאָנ, ווי וועלנדיק דאָס בא יענעמ אוועקנעמענ... אונ אז יענער האָט זיכ געווערט, זיכ אויכ א ביסל דערשראָקנ, זעענדיק מיט וועמענ ער האָט דאָ צו טאָנ, אונ אויכ אינ קאעמ ווערנדיק, וואָס ער, אָט דער דולער, הייסט עס, האָט די האָזע געהאט אימ נאָר אינמיטנ וועג אָפשטעלנ אונ פארהאלטנ זײַנ שפאציר אימ שטערנ, אונ ער האָט

אים געוואָלט אָפּשטויסן, — אזוי האָט מען פּלוצלינג דערהערט א ווילד געשריי פון יענעם, ווי פון א מענטשן, וואָס מע וואָלט אים מיטאמאָל הייסן פּעך אפן קאָפּ א גאָס געטאָן; און איידער יענעמס באַגלייטער, ווי אויך העשלס פאָטער און שאמען האָבן זיך באוויזן אומצוקוקן, אזוי האָט מען דערזען העשלען א צוריק אופגעשטעלטן פון פריערדיקן אָנבייגן זיך צו יענעמס האנט. זיין מויל איז אים געווען פארבלוטיקט און אין מויל האָט אים געשטעקט א זאך, וואָס ער האָט עס צו שטארק און ווי צו טייער מיט די ציין צוגעהאַלטן.

אין יענער רגע האָט העשלס פאָנעם געלויכטן אי אופגעלעבט, אי פול מיט באַזיגיקטער הנאָה, גלייך ער וואָלט דאָ אָקאָרשט ארויס א זיגער און א גרויסבאַפרידיקטער פון א אָפּגעטאָנענער טאט, אפ וועלכער ער האָט זיך אליין ניט גערעכט, צי איז ער אפ איר, אפ אָט דער טאט, גאָר פייניק.

העשל האָט אין מויל א שטיק אָפּגעביסענעם פינגער פונעם מיליטער-מאנס האנט אין די ציין פארקלאמערט געהאט, און א איבערגרויס גליק, האָט מען געזען, האָט אים ווי געטראָפן, וואָס פאר דער גאנצער צייט, זינט זיין אומגליק איז אים געשען, האָט ער איצט מיט פולער הנאָה דאָס מויל צוגעמאכט, — גיין, ניט צוגעמאכט, נאָר צוגעשלאָסן, — ניין, ניט צוגעשלאָסן, נאָר אזוי פארכאסמעט, אז מע האָט וויד׳ער געזען, אז אלע טייערקייטן פון דער וועלט וועלן אים ניט צווינגען דאָס צוריק עפענען און דאָס ארייגבאקומענע, דאָס אָפּגעביסענע, ארויסצולאָזן.

באלד זיינען יענע צוויי, וואָס האָבן דעם געשעדיקטן מיליטער-מאן באַגלייט, פון דער ערשטער איבערראשונג, פון דער פלוצלינגדיקייט פון אָנפאל און פון זייער באַוואָרס אויסגעשריי, צו זיך געקומען און זיך באלד פארן געווער געכאפּט. זיי האָבן איינער פון איין זייט, און דער צווייטער פון דער צווייטער —גענומען שיסן אין העשלען פון די רעוואָלווערן, וועלכע זיי האָבן אייליק פון די קאבורעס ארויסגעכאפּט— אין קאָפּ, אין דער ברוסט, אין שלייף, און ווידער אין קאָפּ, און העשל איז באלד אנידערגעפאלן, ווי א סנאָפּ.

ס׳איז באלד אן אָנגעלויפן געוואָרן פון פּאָליציי און מאכט-לייט, וואָס האָבן דאָ דערזען א איבערפאל אפ א זייעריקן, און באלד וואָלט שוין דער גאנצער קוואַרטאַל אין סאַקאָנע געשטאנען פאר מיטגעפיל צום איבערפאלער, און א ווילדע גזירע וואָלט דאָ אויסגעבראָכן אפ אלע. די גזירע איז אָבער דערווייל אָפּגעלייגט געוואָרן: די מאכט האָט צייט אויך שפּעטער זיך אָפּצורעכענען.

מ׳האָט באלד דעם מעס וווהין מ׳דארף אָפּגעפירט ביז דער געהעריער אויספאָרשונג. מ׳האָט אפילו דעם פאָטער און שאמען ניט צוגעלאָזט זייער איינענעם צו באַגלייטן און צו זאָגן א פארענטפערנדיק וואָרט פאר אים.

מע האָט העשלען לאנג דערנאָך אויך צום באגראָבן אפן יידישן בייסוילעם ניט ארויסגעגעבן. ווען מע האָט דעם מעס לעסאָף ארויסגעקריגן, האָט מען אים גענומען טאָן דאָס רעכט, ווי מ׳פּוט מיט אלע מייסים: אים ארומוואשן און גרייט מאכן... נאָר אז מע האָט זיך גענומען צו זיין מויל, געוואָלט דאָס עפענען און ארויסבאקומען, וואָס ער האָט פון בים ארייגעכאפּט, — דעם מיליטער-מאנס פינגער-גליד — האָט מען דאָס בעשומויפן ניט געקאָנט: דאָס מויל איז אים אזוי ענג געווען פארקלאמערט, אז מע האָט מיט קיינע קויכעס אים די קינלען ניט געקאָנט אופרייסן.

א סוואָרע, אז אזוי טאקע האָט מען אים באגראָבן, מיטן ביינדל, ניט קאָנענדיק דאָס בא אים ארויסבאקומען.



## עזראָ פינינבערג

# פונ סאמע פײַער

### 1. מיטנ פאָלק

איך שפאנ אדורכ די ברייטע אונ די טיפע קאנטנ
מיט יונגינקע, מיט שמייכלענדיקע לייטענאנטנ
אונ מיט מאַיאָרנ — מיט באַיאָרטע מענער.
אונ אז אינמיטנ גאנג, אינמיטנ וועג —
— ווער בינ איך — גיבנ זיי בא מיר א פרעג —
— א דיכטער?
— Это ценно... Это очень ценно...

אונ אז פּאָשעטע אונ פּראָסטע לײַט,
וואָס גייענ דורכ די וועלדער קעגנ ווילדנ דײַטש,
ארבעטער פונ ווײַטסטע שטעט,
פויערימ פונ פאָלק, אינ וועלכנ כ׳דינ,
פרעגנ מיכ, פונוואנ אונ ווער אונ וואָס איך בינ —
גיבנ זיי מיט אויגנ מיכ א גלעט,
ווי פּאָשעטע אונ פּראָסטע מענטשנ קענענ:
— א פּאָעט?
— Это ценно... Это очень ценно...

אונ אז אינ שלאכט אפ שליאכ מיכײַלאָווער דער פּראָסט מיכ פלעט
אונ רויטא׳ מייער — גוטע זינ פונ מײַנ מעדינע —
אינ שנײ א גויסעס מיכ געפינענ, —
זיי טראָגנ מיכ ארויס פונ פײַער,
ווי ברידער, ווי געטרײַע:
זיי טראָגנ דורכ מיכ אפ די אקסלענ דורכ א מינענפעלד,
זיי ברענגענ מיכ אפ אקסלענ אינ א פויערישׁ געצעלט
אונ גיבנ מיכ די ווײַנענדיקע פרויענ איבער,
אונ זאָגנ שטרענג, מיט טרויער אונ מיט ליבע:
— זעט!
גיט אכטונג, היט אימ אָפּ!
א פּאָעט...
— Это важно... Это очень ценно...

אונ גיבנ כאווריש א לאשטשע מיר דעמ קאָפּ,
אונ גיינ אוועק צוריק אינ טיפער נאכט
אינ שלאכט,
צו גאָר די ראכוועסנ, וואָס ברענענ.

א שליטנ פליט. מיט רעדנער צוגעדעקט, כ׳ליג שטומ.
דער סוינע מיכ באפאלט מיט קנאלנדיקע פייער פונ גענעמ.
נאָר ס׳נעמענ הענט מיכ גוטע, ווארעמע ארומ,
אונ עמעצ שעפטשעט שטיל,
אונ עמעצ שעפטשעט מילד:
— א דיכטער...
עס איז ווערטפול...
— Это ценно... Это очень ценно..

---

## 2. איינציקע — איינע

דאָס בלוט האָט פארגאָסנ די פעלדער, די שטיינער,
די גערטנער, די זונ אונ די לויטערסטע כיינענ.
אינ הארצנ פארוווּנדעט — איכ עטעמ נאָכ, גיי נאָכ,
אונ דו ביסט מיינ איינציקע — איינע.

מיינ ליבע! מיט אויגנ, וואָס קיינמאָל ניט וויינענ,
דו זאָגסט: „איכ בינ גראָ שוינ, איכ בינ שוינ א זקיינע".
איכ קוש דיינע אויגנ: — אוי, טייערע, ניינ נאָכ,
דו ביסט דאָכ מיינ איינציקע — איינע.

מיינ ליבשאפט איז רייכ נאָכ, מיינ ליבשאפט איז מאכטפול.
פארצאָרנט, פארבלוטיקט אונ וויי־פול, אונ נאכטפול,
כ׳בינ אומ פונעמ גרוב אפנ שנייקנ שלאכטפעלד:
— דו ביסט דאָכ מיינ איינציקע — איינע! —

א נעס איז געשענ: ניט געטייט האָט די קויל מיכ,
עס האָט מיכ די שווערד פונעמ פיינט ניט געקוילעט.
דער ווינט האָט געבראכט מיכ: — דו ביסט דאָכ מיינ ווילע,
דו ביסט דאָכ מיינ איינציקע — איינע! —

געוואכט האָט מיינ היטער, א נעס האָט געטראָפנ:
ניט דורכגעשפיזט האָט מיכ דער פראָסטיקער צאָפנ,
איכ בינ אינ די הורבעס ניט איינגעשלאָפנ,
דו ביסט דאָכ מיינ איינציקע — איינע!

הער: דו ביסט אצינדערט נאָכ מערער מיר טייער.
אויב טריי ביסט געווענ — דו זיי נאָכ געטרייער.

איך בין דיר געשאָנקען פון ריזיקן פײַער,
דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע.

עס ברענט אונדזער פאָלק אין די שטעטלשע שטיבער.
מע ווארגט אונדזער פאָלק אין די הינטישע גריבער.
אינמיטן דער סרייפע דו ביסט מיר נאָך ליבער,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

מע שטיקט אונדזער וועלט אין די הינטישע יארן.
עס לעבט אונדזער וועלט אונטער שווארצסטע געפארן.
ס׳קומט יעדער פרימאָרגן מיט צאָרן, מיט צאר אָן,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

באטאָג און באנאכט אפן שלאכטפעלד מײַן כאיל,
און טויזנטער פאלן, און ס׳קומען אוף נײַע,
און איך בין מיט זיי אינעם ריזיקן פײַער,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

און, מעגלעך, דו האָסט מיך אצינדערט באגעגנט
אינמיטן דער ראנגלעניש נאָר אף א רעגע,
כ׳וועל מאָרגן אוועקגיין אפסנײַ אין געשלעגן,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

וועסט? ביידע געעלטערט, זעסט? ביידע — פארמאָגערט.
נאָר אלץ ניט געבייגן, נאָר אלץ ניט דערשלאָגן.
מיט בלוט פונעם דיכטערשן הארצן איך זאָג דיר:
דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע.

מיר האָבן באהעפט זיך אַ כופע-קידושן
אף זוניקן לעבן, אף גליקלעכער רו-שײַן.
פון שלאכטפעלד געקומען כ׳בין שטיל, דיך א קוש געטאָן,
מײַן טײַערע, איינציקע — איינע.

די שווערד האָט פארטיליקט מיליאָנען געביינען.
דאָס בלוט האָט פארגאָסן די קינדער די ריינע.
אין הארצן פארוווּנדעט, איך עטעם נאָך, גיי נאָך,
און דו ביסט מײַן איינציקע — איינע.

נאָך אלץ ניט דערשלאָגן, נאָך אלץ ניט צעבראָכן,
מיר וועלן אדורכגיין מיט שווערסטע פון יאָכן,
מיר דארפן דערלעבן צום גרעסטן ניצאָכן,
מײַן טײַערע, איינציקע — איינע.

---

## 3. צו א פרײַנט

...א דיכטער און א קינד,
ארײַנגעשלײַדערט אין א פײַערדיקן ווינט,
א דיכטער און א קינד
אונטער דער שווארצסטער, ווילדסטער כמארע —
האָב איך ניט פארדינט
א וואָרט א כאוועריש, א וואָרט א ווארעמס?

נאָר זאָל זײַן אזוי, מײַן פרײַנט מײַן טײַערער.
איך פארגיב.
איר זענט מיר זייער טײַער,
און איך האָב אײַך ליב.

איר זענט מיסטאמע שטארק פארנומענ.
איר זענט פארטאָג
אין די איניאָנים
פון דער בלוטנדיקער אומע.

ווו איך שטיי
און ווו איך גיי —
גייט מיר נאָך דאָס בלוט,
גייט מיר נאָך דער וויי.

דער קוילנוואָרפער צינדט און שינדט
און ברענט און שנײַדט
אלע פרי אין שטעט אין יידישע
צו טויזנט לײַט.

אפן בארג מיט אש,
אפ די כאָרעווע ווענט
די מאמע ליגט געקוילעט,
די טאָכטער ווערט געשענדט.

ס׳טרעט דער באגנעט דורך שטעט
און טויזנטער צעשמעכט.
און דער טאנק
די שטיבלעך מיט די אײַנוווינער צעברעכט.
און מיליאָנען שטילערהייט
דער כאלעפ שעכט, שעכט.
און מיליאָנען שפאנען
מיטן געלן שמאטקעלע פון קנעכט.

א ווײַטן גוואַלד איך הער
אין שטילקײַט פֿון די נעכט.
עס איז דער זומע מײַנער
ביטער, פֿינצטער, שלעכט.

דאָס בלוט מיך פּײַניקט און פֿאַרפֿאָלגט.
כ׳זאָג אַלע טאָג דאָס וואָרט, וואָס כ׳האָב געטראָפֿן בײַ שטשעדרינען:
„ווען איך באַטראַכט די לייד פֿון אָט-דעם פֿאָלק,
הייב איך אָן אַראָפּגיין פֿונעם זינען".

כ׳הער אַלע נאַכט דאָס קרעכצעניש
פֿון לײַב צעדראָשנס און צעמאָלטס...

און איר, מײַן פֿרײַנט מײַן טײַערער,
איר זענט דאָך אונדזער שטאָלץ.
איר זענט דאָך אונדזער שיינער,
אונדזער גרויסער,
אונדזער הייסער
מיילי-ץ-יושער.

איר זענט אַצינד פֿאַרנומען שטאַרק.
איר טראָגט אויף פּלייצע אײַערער אַ שווערן באַרג.
ס׳איז פֿון מײַן זײַט, זעט אויס,
געווען אַ האָזע
אײַך צו מאַטריען זײַן
מיט מײַן בריוו אין פּראָזע.

אַנטשולדיקט מיר, פֿאַרגיט
אַ יענע פּראָזע און אָט-די-אָ ליד.

איך לעב, מײַן פֿרײַנט מײַן טײַערער,
איך לעב.
כ׳בין ניט דערוואָרגן, ניט געשאָכטן,
ניט געקעפּט.

איך קום פֿון קריג —
אַ שווער-פֿאַרווונדעטער סאָלדאַט,
מיט הענט מיט אָפּגעפֿרוירענע
באַם האַלדזן אַ האַרמאַט.
דאָס בלוט פֿון קיעוו און פֿון מינסק,
פֿון לענינגראַד, פֿון סטאַלינגראַד,
אָט נאָך אַ ווײַל —
דאָס בלוט דעם מויעך מיר פֿאַרפּלייצט.

כ'וועל בלײַבן ליגן
אַפּ דער גרויסער ערד געקרייצט.

— מאמע-ערד!
כ'האָב דיר געזונגען גוט.
כ'האָב גליק פאר דיר באגערט.
איז מיר דער טויט דער פינצטערער באשערט,
דער טויט אַן זינען און אָן זין? —

נאָר ניין, מײַן פרײַנט מײַן טײַערער,
אָ, ניין.
כ'האָב פון די עלטער-עלטער-זיידעס
קראפט און מוט געיארשנט.
איך גלייב, איך מיין:
כ'וועל נאָך אדורכגייען מיט זיגערישע מארשן
דורך סמאָלענסק, דורך ביאליסטאָק, דורך ווארשע
ביז צו די טויערן, ביז צו די פּלעצער פון בערלין.



## ל. קוויטקאָ

# „אַ מאַמע בינ איכ?“

זי האָט זיכ געבעטנ אזוי גערעבעטנ בא מיר: „מאַמע, לאָמיר אוועקפאָרנ... מאַמע, מיר קענענ אוועקפאָרנ גלײַכ מיט אנדערע, מאַמע...“

אַ מאַמע בינ איכ? — אַ שטיק האָלצ, אַפּ שפּענער צעקנאַק אונ אינ פײַער ארײַנ... סע כאַפּט מיכ אַמאָל אָנ: איכ זע זי, מײַנ ליזענ, אינ יענער נאַכט, — זאָג איכ אײַכ, סע פאַלנ פונ מיר שטיקער. איכ וויל זיכ אַ מײַסע אָנטאָנ, איכ וויל אנטלויפנ פונ זיכ ווי פונ אַ מערדער. פּונקט יאָר אַ קינד! איר לויטערקײַט — בלוט אונ מילכ. „מאַמע, לאָמיר אוועקפאָרנ...“ — האָט זי מיכ געבעטנ. דאָס הארצ האָט איר געזאָגט. אונ איכ בינ געווענ טויב אונ בלינד. כ'האָב אַלצ אָפּגעלייגט. די אַפּטייק, ווו כ'בינ געווענ פארמאַצעווט, האָט באַדינט רויטארמייִשע טײַלנ. דער פּראָוויזאָר פּאַווליוק האָט מיכ פארזיכערט, אז מירנ נאָכ באַוויַזנ אוועק.

דערנאָכ, אז ס'איז שוינ געווענ פארפאלנ, די קוילערס האָבנ שוינ פארכאַפּט די שטאָט, האָט דאָס קינד זיכ ווידער געבעטנ, כ'זאָל זי אָפּלאָזנ צו די פּארטיזאַנער. נאָר דער וויכטער, פינצטערער נאַר, די מאַמע, האָט זיכ ווידער פאַראַקשנט: נײַנ אונ אייִנמאָל נײַנ. כ'האָב מוירע געהאַט פאַר איר געזונט, טאָמער וועט איר דאָרט פארשאַטנ. אונ זי האָט אזוי געבערנט — „צו די פּארטיזאַנער...“ ווי זי וואָלט געפילט, וואָס עס דערווארט זי. נעכײַ וואָלט דאָס קינד געווענ אָנגעשפּיגנ דער נאַרישער מאַמענ אינ פּאָנעם ארײַנ אונ אַנטלויפנ! אזוינס, ווי מיר איז געשענ, קאָנ מענ דענ אויסהאַלטנ?..

מע האָט גענומענ מיכ מיטנ קינד. מע האָט אונדז געבראַכט אינ ראַיאָנקלוב. אינ זאַל זײַנענ געווענ אַ סאַכ מענטשנ, קליינ אונ גרויס, אונ אינ די צימערנ ארומ זײַנענ געווענ דײַטשנ. בא אונדז אינ שטאָט איז געווענ אַ פּאָרפאָלק דאָקטוירים. זיי האָבנ געהאַט אַ שעמ פאַר די בעסטע ספּעציאַליסטנ אַפּ אויגנ-קרענק. נאָכ מער זײַנענ זיי באַקאַנט געווענ איבער דער דאָקטערנס שיינקײַט. טאַקע עמעס אַ יעפּאַסטויאַר, מע האָט זי גערעכנט פאַר דער שענסטער פרוי אינ שטאָט. איז זי אויכ דאָ מיט אונדז, זי מיט איר קינד, אויכ אזא שיינס ווי די מאַמע. דעמ דאָקטער האָבנ די דײַטשנ נאָכ אינ ערשטנ טאָג פונ זייער ארײַנ אינ שטאָט געכאַפּט אונ אופגעהאַנגענ.

צו אונדז אינ זאַל קומענ פונ מאָל צו מאָל דײַטשנ אָפּפאָטאָגראַפירנ אונדז, צי אזוי צווישנ אונדז דורכשפּאַצירנ זיכ מיט אַ גומענעמ שטעקעלע אינ דער האַנט. אייִנער, אַ לאַנגער, איז באַטאָג ארײַנ, דערזענ די דאָקטערנ אונ איז צוגעזאָטנ געווארנ צו דער ערד, זיכ געלאָזט צו איר, עפּעס געפרעגט, — זי האָט ניט געענטפערט. דער דײַטש איז אוועק פונ זאַל אונ באַלד צוריקגעקומענ, זיכ גענומענ נאָכ איר „אוכאַזשעווענ“. ער האָט געקוקט אַפנ אוילעמ אונ עפּעס געזוכט מיט די

אויגנ, געפונענ א יונגע פרוי, האָט ער זיך צו איר א יאָג געטאָנ, מיט דער פויסט זי א זעץ געטאָנ אינ ברוסט:

— צי אראָפ דאָס קאָפּטל, — האָט ער געברומט.

די פרוי האָט געהײַעט. ערשט ווענ ער האָט ארויסגעכאפט דעמ רעוואָלווער, האָט זי אויסגעטאָנ דאָס קאָפּטל. ער האָט עס גענומענ, צוגעטראָגנ צו דער דאָק-טערנ אונ עס אוועקגעלייגט פאר איר. דערנאָך איז ער צו צו א צווייטער אונ אויך אָפ אזא אויפנ אראָפגעשלעפט פונ איר דאָס קלייד. אויך דאָס האָט ער אויס-געשפרייט פאר דער דאָקטערנ. אזוי האָט ער פאר איר פארשאפנ א פאק מא-טאָנעס. די דאָקטערנ האָט געשוויגנ. א שרעקלעכער שמייכל האָט אויסגעקרימט איר פּאָנעמ, ווענ דער „אוכאזשאָר" איז צוגעגאנגענ.

ווענ עס איז שוינ מער ניט געווענ פונ וועמענ אראָפצוציענ ווערטפולע מאַלבושים צו קויפנ דאָס הארצ פונ דער שיינהײַט, אונ די דאָקטערנ האָט זיך אלצ ניט געוואָרפנ אימ אפנ האלדז, איז געזעסנ פארשטיינערט אונ האָט פעסט געדריקט צו זיך דאָס קינד, — האָט זיך דער דײַטשישער ריטער געלאָזט איבערנ זאַל, געזוכט מיט וואָס נאָך זי צו פארוויילנ. ער האָט זיך אָפגעשטעלט לעבנ אנ אלטנ מענטשנ מיט א הויכנ שטערנ אונ גרויזער באָרד, אימ אָנגעכאפט בא דער זיקנע אונ געזעצט מיטנ אלטנס קאָפ אינ וואנט. דאָס האָט ארויסגערופנ א ווײַ-געשריי באמ אוילעמ, דער דײַטש האָט געלאכט. די דאָקטערנ איז געזעסנ, פאר-גראָבנ דעמ קאָפ אינ קינד. דאָ האָט דער דײַטש גענומענ שלאָגנ אפ לינקס אונ רעכטס, ווער ס'איז אימ געווענ אפנ וועג צו דער אויסדערוויילטער. איידער ער האָט זיך צו איר דערקליבנ, האָט זי זיך ארופגעכאפט אפנ פענצטער, עס אופגעפראלט אונ זיך ארויסגעוואָרפנ, — דאָס איז געווענ א הויכער צווייטער שטאָק. זי האָט געמיינט, זי וועט אנטלויפנ אונ דערנאָך דאָס קינד ארויסרײַסנ, — נאָר זי האָט זיך נאָר רוק-אונ-לענד צעבראָכנ. די דײַטשנ האָבנ זי א האלב טויטע ערגעצ פאר-שלעפט אונ מער האָבנ מיר זי ניט געזענ. דאָס אומגליקלעכע קינד איז ווי אראָפ פונ זינענ, ס'האָט זיך נאָר געריסנ צומ פענצטער. דעמ קינדס געשרייענ האָבנ דעמ קאָפ געבויערט. ווענ מע האָט אונדז אפ מאָרגנ פארטריבנ אינ געטאָ, האָבנ מיר עס מיטגענומענ מיט זיך.

ס'איז שוינ געווענ רעכטער אָסיען, מיט רעגנס אונ קעלטנ. אונ וואָס איז די געטאָ? אנ אָפענער פלאצ מיט א הויכער וואנט פונ שטעכיקנ דראָט. סע שטייט דאָרט יאָ א בינינ, — א געוועזענע פאפיראָסנ-פאבריק, — נאָר ער איז אינגאנצנ צעבאָמבירט, אויסגעהוילט פונ אינווייניק, עס הענגענ שטיקלעך ווענט, שטיקלעך טירנ אונ פענצטער, שטיקלעך פאָלנ. נאָר די אינווייניקסטע טרעפ פונ אלע דרײַ גאָרנס זײַנענ געבליבנ גאנצ.

אפ דעמ אָפענעמ פלאצ אונ אויך אפ די כורוועס ליגנ, שטעקנ אײַנגעגורעט מויזנטער מענטשנ, אויסגעווייקטע פונ רעגנ, אײַנגעשרומפנ פונ קעלט. ערשט צו-ריק מיט עטלעכע טעג האָבנ זיי אויסגעזענ ווי מענטשנ, יעדער מיט זײַנ פּאָנעמ אונ ווירדע, אונ איצט איז עס איינ געבראָכענע, ווויסט אויסגעוואלגערטע מאסע, מיט אײַנגעפאלענע פענעמער, מיט דולע, פארצווייפלטע אויגנ. סע ליגנ דאָ אזוינע, וואָס גויסעסנ, אונ אזוינע, וואָס זײַנענ שוינ טויט.

איכ מיט מײַנ טאָכטער האָבנ זיכ קוימ מיט צאָרעס דורכגעשטופּט צו דער בורווע, גערעכנט, אז דאָרט איז מענ מער באשיצט פונעמ רעגנ. קײנ דאכ איז דאָ ניטאָ, אונ דאָכ איז אָנגעשטיקעוועט מיט מענטשנ. די טרעפּ פונ אלע דרײַ גאָרנס זײַנענ מאמעש באקלעפּט. אפ די שטיקער פּאָלנ, אפ די שוועלנ פונ טירנ, אפ די ראמענ פונ די פענצטער האָבנ זיכ אײַנגעמאָסטעט מענטשנ — האלדז=אונ=נאקנ צו צעברעכנ. מאמעש מע הענגט אפ א האָר. נאָר די שרעקלעכסטע פּארי!עשטקײַט קאָנ טרײַבנ דאָ צו באהאלטנ זיכ. א ליאדע מינוט קאָנ אײנער זיכ אָפּרײַסנ אונ נאָכשלעפּנ אלע אנדערע אינ דער גרוב פונ גלאָז אונ שטײגער. אונ דאָכ שטופּט מענ זיכ אהער.

פיר — פינפ מאָל אינ טאָג קומט ארײַנ אינ געטאָ א גרופּע דײַטשנ. זײ קלײַבנ אלע מאָל אויס נײַע פיר צענדליק מענטשנ, די ייִנגערע אונ קרעפּטיקערע, אונ פירנ זײ אוועק. אלע ווייסנ, אז מער וועט מענ זײ ניט זענ.

אלע פארנאכט קומט ארײַנ דער נאטשאלניק פונ געטאָ אונ גיט צו וויסנ דעמ אוילעמ, אז דאָס איז אונדזער לעצטע נאכט. מאָרגנ גאנצפרי וועט פארענדיקט דאָס אויסגראָבנ דעמ ריזיקנ קײווער אונ אלעמענ וועט מענ אהינ אָפּפירנ.

אײנמאָל א פארנאכט האָבנ די דײַטשנ צוריק געבראכט אינ געטאָ צוויי, וואָס האָבנ געגראָבנ דעמ קײווער. ערשט דרײַ טעג, אז מע האָט זײ פונדאנענ אהינ גענומענ, — נאָר זײ זענענ שוינ ניט אויס ווי קײנ מענטשנ. דער אוילעמ האָט זײ ארומגערינגלט אונ באשאָטנ מיט פראגנ. די אויגנ בא די צוויי לויפנ אומ מעשוגענערווײַז, די מיסע=מעשוגע=פּענעמער טרייסלענ זיכ. אײנער פונ זײ עפנט אלע מאָל דאָס מויל ווי צומ ריידנ, נאָר קײנ וואָרט קומט ניט ארויס. לעסאָפ איז ער אנידערגעפאלנ. דער צווייטער האָט זיכ צעשריִענ ניט מיט זײַנ קאָל אונ געוואָרפנ זיכ אפנ אוילעמ. מע האָט זיכ אינ שרעק פונ אימ אָפּגערוקט. אלע האָבנ פארשטאנענ, אז דאָס איז אונדזער לעצטע נאכט.

א געוויינ, א שלוכצנ פונ טויזנטער האָט זיכ אויפגעהויבנ, א שרעקלעכ געהויל פונ א האמוינ, וואָס מע שטופּט אימ אינ אָפּגרונט. דער דאָקטערנס קינד איז געלעגנ אפ די קני בא עפּעס א פרעמדער פרוי. די מארע פונ טויט איז דעמ געלעגנ אפנ פּענעמל. די פרוי האָט עס געוויגט, איבערגעבויגנ איבער דעמ ווי א מאמע.

דאָ אינ אונדזער בורווע האָט זיכ א קלײנינקער ייִד מיט א גרויסער באָרד אויפגעכאפּט מעשוגענערווײַז, מאמעש אפ די גלײַכע ווענט געקראָכנ אונ ארופ אפנ פענצטער פונ דריטנ שטאָק, זיכ אויפגעשטעלט, אָנגעכאפּט זיכ אינ דער האלבער ראמ, וואָס אָנ שויבנ אונ אפ אײנ קרוק, — א האָר צומ אראָפּפאלנ. ער האָט זיכ אויסגעצויגנ, דער מענטש, אונ געקוקט אינ דער ווײַטקײַט, דאָרט איז די זונ פארגאנגענ. מיטאמאָל צעשרײַט ער זיכ אונ טאנצט אונטער אפ זײַנ סאקאָנעדיק אָרט:

— ייִדנ, אונדזערע גײענ! די רויטע ארמײ! ייִדנ, פאלט ניט אראָפּ בא זיכ!

מענטשנ האָבנ זיכ אויפגעכאפּט, אָנגעצונדענע מיט האָפענונג, זיכ אויסגעקערעוועט צו יענער זײַט:

— ווו? ווו?

אײניקע האָבנ גענומענ קלעטערנ איבער די קעפּ אינ דער הייכ. א מיידל האָט זיכ דערקליבנ צו יענעמ אפנ פענצטער. ער האָט איר געוואָלט מאכנ אָרט לעבנ זיכ, — האָט ער זיכ אָפּגעריסנ, אינ אײנ רעגע איז ער געלעגנ אונטנ, אפנ

בראָכווארג, אָנ א סימענ פונ לעבנ. נאָר קיינעמ איז ער ניט אָנגעגאנגענ, מע האָט זיכ אויסגעקוקט די אויגנ אינ אלע זײַטנ און קיינעמ ניט און גאָרניט ניט געזענ. דער אוילעמ איז ווידער אײַנגעבראָכנ געוואָרנ.

סע האָט זיכ אָנגערוקט א קאלטע נאכט. א ליכטיקע איז זי געווענ, די לעצטע נאכט. פונ געוויינ און יעסורימ זײַנענ אויסגעגאנגענ די טרערנ אינ די אויגנ און אלע האָבנ דאָס קאָל פארלוירנ. הייזעריק האָט מענ גערעדט, מיט אײַנגעריסענע העלדזער.

איינער א יידענע איז אײַנגעפאלנ זיכ געזעגענענ מיט אירע קינדער און נאָענטע, וואָס זײַנענ ניט מיט איר. זי האָט ארויסגענומענ פאָטאָס און זיי צעלייגט ארומ זיכ. דאָס זײַנענ געווענ רויטארמייער און קאָמאנדירנ, סטאכאנאָוועצעס און מעדוועסטער. זי האָט זיי אָנגערופנ בײַ די נעמענ און ווו און וואָס זיי זײַנענ. זי האָט אָנגעהויבנ צו זיי צו ריידנ מיט אזא שטיל געוויינ, אז דאָס הארצ איז צעגאנגענ, געבעטנ זיכ אָנעמענ פאר דער מאמענ, זיכ געקלאָגט פאר זיי ווי א קינד, דערציילט, וואָס די מערדער טוענ, און געמאָנט באצאָלונג, נעקאָמע.

דאָס האָט אלעמענ שרעקלעכ אויפגערודערט. מיר האָבנ אלע גענומענ זיכ געזעגענענ מיט די אייגענע, וואָס זײַנענ ניט מיט אונדז. איכ מיט מײַנ ליזען האָבנ אפנ קאָל אָנגערופנ אלע אונדזערע אייגענע און גערעדט מיט זיי, ווי זיי וואָלטנ דאָ געווענ און געהערט.

דאָס געזעגענענ זיכ האָט זיכ געצויגנ שפּעט אינ דער נאכט ארײַנ. אויסגעשעפּטע, איז מענ ארײַנגעפאלנ ווער אינ כאלאָשעס, ווער אינ א מיסע-מעשונעשלאָפ. מײַנ ליזע האָט געוויינט פונ שלאָפ, איר קאָפּ — בײַ מיר אפ די קני.

באנאכט האָט איינער אנ אלטער זיכ אויפגעכאפּט און גענומענ וועקנ דעמ אוילעמ מיט א קאָל ווי פונ יענער-וועלט:

— לאָמיר אויסקלײַבנ די שענסטע יידישע טאָכטער און ווי אמאָל עסטער האמאלקע זאָלנ מיר זי שיקנ צומ נאטשאלניק פונ די קוילערס, ווײַל מאכנ זײַנ הארצ צו אונדז...

ווער-ניט-ווער האָט נאָר א בייזנ מרוקע געטאָנ, א ביטערנ זיפצ, איינע האָט א מעשוגענעמ לאכ געטאָנ און ווידער איז מענ אינ זיכ אײַנגעזונקענ. ליזע האָט ניט אויפגעהערט וויינענ פונ שלאָפ, וועקנ זי האָב איכ קיינ הארצ ניט געהאט. אזוי בינ איכ געזעסנ איבער איר אינ ווײַסטע אנגסטנ.

פארטאָג האָט זי זיכ אויפגעכאפּט, מײַנ ליזע, א ליכטיקע, א רירעוודיקע. זי האָט צעבונדנ אונדזער פּעקל און גענומענ צעלייגנ די מיטגענומענע קליידלעכ. זי האָט זיכ אָנגעהויבנ אָנטאָנ א קליידל אפ א קליידל. א לאָכ אינ הארצ איז מיר געוואָרנ: דאָס קינד איז אראָפּ פונ זינענ? זי איז צוגעקומענ צו מיר און מיכ ארומגענומענ, אירע ליכטיקע אויגנ אָנגעשטעלט אפ מיר. ניינ, זי איז באמ זינענ.

זי איז צוגעגאנגענ און אויפגעוועקט נאָכ אנדערע מיידלעכ און יונגע פרויענ:

— טוט אײַכ אָנ, — האָט זי געזאָגט, — אינ אלע קליידער, אינ די בעסטע. זאָלנ די אויסוואורפנ ניט באקומענ זיי רייני אינ די הענט ארײַנ, נאָר די קליידער אראָפּרײַסנ פונ אונדזערע טויטע קערפּערס, פארבלוטיקטע און צעפליקטע זיי באקומענ.

מע האָט מאַקע גענומענ זיך אָנטאָנ איינ קלייד אָפּנ צווייטנ, רירעוודיק, דערמונטערט, גלײַך מע האָט דערמיט געטאָנ א צעלאָכעס די בלוטיקע מערדער.

אינגיכנ זײַנענ אָנגעפּאָרנ א סאך לאַסט=אווטאָס אונ מע האָט אונדז גענומענ שלעפּנ אינ זיי. אײנער נאָכנ אנדערנ זײַנענ גיך אָפּגעפּאָרנ די פולע אווטאָס, ווידער געקומענ אונ ווידער אָפּגעפּאָרנ. אייניקע האָבנ זיך געשטופּט צו דער העכסטער טרעפּ, — קאָנענ נאָך עטלעכע מינוט לעבנ.

אָט האָט מענ שוינ אויך מיך מיט ליזענ ארײַנגעשלעפּט אינעם אווטאָ אונ מע פירט אונדז. אינמיטנ גאס, פאר מײַנ אפּטייק, האָט זיך מיטאמאָל אָפּגעשטעלט דער אווטאָ. דער פּארוואלטער פּאווליוק איז צוגעגאנגענ צום דײַטש, וואָס איז דער קאַביגע לעבנ שאָפער, אונ אים עפּעס אײַנגערוימט. דער דײַטש איז ארויס אונ מיר געהייסנ אראָפּ פונעם אווטאָ, — מיר, מיר אליינ. איך בינ אראָפּ אונ איך שלעפּ ליזענ נאָך זיך. דער דײַטש האָט מיר א זעצ געטאָנ מיטנ באגנעט איבער דער האנט. ס'האָט א יאָג געטאָנ בלוט, נאָר איך לאָז ליזענ ניט אָפּ, האָט דער דײַטש א האק געטאָנ איבער ליזעס האנט. דער אווטאָ האָט א רים געטאָנ פונ אָרט אונ איך בינ געפאלנ אפ דר'ערד.

ווענ איך בינ געקומענ צו=זיך, האָב איך גאָרניט פארשטאנענ. איך בינ געלעגנ אינ דעזשורקע פונ אפּטייק. זיי האָט אויסגעפּעלט א פּארמאצעווט, האָבנ זיי מיך גענומענ. זיי האָבנ געוואָלט, איך זאָל קומענ צו=זיך, נאָר איך האָב ניט געקאָנט קומענ צו=זיך, — צו מיר אינ דעזשורקע איז דערגאנגענ דאָס ווידערקאָל פונעם געהויל בא יענעמ שרעקלעכנ אָפענעמ קייווער.

אינ עטלעכע טעג ארומ האָבנ זיך פּארטיזאנער ארײַנגעריסנ אינ שטאָט אונ זיך אָפּגערעכנט מיט די מערדער. מיך האָבנ זיי מיטגענומענ מיט זיך אונ אָפּגעשיקט אהער.

אזוי האָב איך פארשפּילט מײַנ קינד.

ל. קוויטקאָ

# די ווײַסע טרעפּ

פון צווישן די כורוועס,
פון הינטער רוּינעס,
אַרויס זײַנען קינדערלעך
בלייכע און גרינע.

ס'אַ זון און ס'איז פרילינג —
נאָר זיי איז ניט פריילעך!
זיי גייען ווי קראַנקע,
פאַרזאָרגט און פאַמעלעך,

אין שרעק — טאָמער טרעפט זיי
אינדרויסן דער סוינע,
ניט ווייניק געטויט האָט ער
קינדער אַזוינע!

די זון אָבער וואַרעמט,
אינדרויסן סע ציט!
אין שטויב צווישן גראָזן
אַ גרעזעלע בליט.

און אָט צו די קינדער
די קאַץ קריכט אַרויס,
קוקט אום זיך דערשראָקן
און ציט זיך לאַנג אויס,

אַ דאַרע, אַ שקוואַרע.
„וואָס איז מיט דיר, קעצל?"
„מ'אַ, — עפּעס מילכיקס...
אַ ברעקעלע פלעצל..."

און אָט קריכט אַרויס נאָך
דער הונט אַ צעשינדטער.
ער טרייסלט זיך אָפּ
און ער גייט צו די קינדער.

אײַנײַנעם פאַמעלעך
צום אָרט גייט מען צו,
וווּ פריִער געווען איז
די שטאַל מיט דער קו,

דאָס קעלבל, די הינער,
די כאַזערלעך ברעקלעך.
געווען איז דאָ פריילעך,
און איצט איז דאָ שרעקלעך!

עס האָבן די רויבער
די הינער פאַרשלונגען,
אָט ליגן פון זיי נאָך
די פעדערלעך גרינגע.

און דאָ איז די קו
מיטן קעלבל געשטאַנען,
אַצינד איז פון זיי דאָ
די טלאָ נאָר פאַראַנען.

און דאָ האָבן כריושקעס
פאַרבראַכט אַזוי גוט,
און איצט פון זיי זעט מען נאָר
פלעקן פון בלוט.

סע קוקן די קינדער,
אַ ווייטעק זיי טרייסלט.
און ווײַטער מע לאָזט זיך
אין כאָרעווע געסל.

מע גייט און מע גייט,
צו אַ כורווע מע קומט.
איין טרעפּל נאָר שטייט דאָ —
ס'איז ווײַס און באַבלוט.



2087—4

סע בלײַבן די קינדער
פארשטיינערטע דאָרטן:
אוי, דאָס איז געבליבן
פון קינדערשן גאָרטן...

פארוואָס האָט דער דײַטש
אים צעבראָכן אפ שפליטער?!
מע האָט דאָך געשפילט דאָ,
געזונגען דאָ לידער!

די לערערקע ליובא,
און פארביקע בלײַערס,
און פרישטיקן הייסע,
און לידער געטרײַע.

אזוי האָבן קינדער
דערמאָנט זיך אין אלץ,
און צוגעשפארט האָט זיי
א לידל צום האלדז,

דאָס לידל פון ליבע
צום היימלאנד — דער מאמען,
זיי האָבן געפרווט עס
א זינג טאָן מיסטאמע.

און דאָס האָט דער מערדער
דערהערט און געקומען,
די קינדער פארכאפט
און זיי שלאָגן גענומען.

*

אוי, רויטארמייער,
און דו, פארטיזאנן!
בא וועמען נאָר הארץ
און א האנט איז פאראן, —

איז הארגעט די מערדער,
אין טויט זיי פאריאָגן, —
אניט וועלן זיי אונדז
די קינדער דערשלאָגן!



# וואסילי גראָסמאנ

# דער אלטער לערער

## 1

די לעצטע יאָרנ פלעגט שוינ באָריס איסאַקאָוויטש ראָזנטאַל ארויסגיינ פונ שטוב נאָר אינ שטילע ווארעמע טעג. אינ א רעגנ צי בײַם א שטארקנ פראָסט פלעגט זיכ אימ דרייענ דער קאָפּ. דאָקטער ווײַנטראוב האָט געהאלטנ, אז דאָס נעמט זיכ פונ סקלעראָז, אונ האָט צוגעשריבנ פארנ עסנ אויסטרינקענ א קעלישעק מילכ מיט 15 טראָפּנ יאָד.

אינ א ווארעמענ וועטער פלעגט באָריס איסאַקאָוויטש ארויסגיינ אינ הויפ מיט א ביכל אינ האנט. ער האָט געהאלטנ דעמ אָפּענעמ בוכ אפ די קני, געקוקט אלצ אפ איינ אונ דעמ זעלבנ בלעטל אונ איז אזוי געזעסנ מיט האלב צוגעמאכטע אויגנ, מיט א שלעפעריקנ שמייכל פונ א בלינדנ, וואָס הערט זיכ איינ, ווי ס'רוישט דאָס לעבנ. די פרויענ, וואָס זײַנענ געזעסנ אינ הויפ, פלעגנ אינ אזא פאל זאָגנ:

— זע, דער לערער איז אנשלאָפנ געוואָרנ.

אונ האָבנ געשמועסט וועגנ זייערע געשעפטנ, ווי זיי וואָלטנ זײַנ אלײנ. ער איז אָבער ניט געשלאָפנ. ער האָט האנאָע געהאט פונ דער ווארעמקײַט, האָט אײַנגעאָטעמט דעמ געשמאקנ רייעכ פונ געפּרעגלטע ציבעלע, ער האָט געהערט די אומפארשעמטע רייד פונ די ווײַבער וועגנ זייערע שניר אונ איידעמס, דעמ אכזאָריעסדיקנ, ווילדנ אזארט פונ די יונגלשע שפּילנ:

— אכטונג, א שמעטערלינג — פײַער!

— פאראנ, געכאפּט! איכ האָב אימ ארויסגעקוועטשט די קישקעס! פארווארפט אימ מיט שטיינער!

באָריס איסאַקאָוויטשנ האָט ניט געשראָקנ די דאָזיקע אכזאָריעס, ער האָט זי געקענט אונ האָט פאר איר קײנמאָל קיינ מוירע ניט געהאט.

אונ אָט איז צו אימ צוגעגאנגענ די זעקס־יאָריקע קאטיע, די טאָכטער פונעמ דערהארגעטנ לייטענאנט ווײַסמאנ. דאָס קלײדל צעריסנ, פונ די שמוציקע, צעדראפּעטע פיסלעכ פאלנ אראָפּ די גרויסע קאלאָשנ. זי האָט אימ דערלאנגט א קאלטע, זויערע לאטקע אונ געזאָגט:

— עס, לערער!

ער האָט גענומענ די לאטקע אונ האָט זי געגעסנ, קוקנדיק אפ דעמ מיידעלעס דאר פּענעמל. ער האָט געגעסנ די דאָזיקע לאטקע. אינ הויפ איז פּלוצעמ געוואָרנ שא שטיל. אלע — אי די אלטע פרויענ, אי די יונגע, לײַביקע ווײַבער, וועלכע האָבנ פארגעסנ אָנ די מענער, אי דער אָנפּיסיקער לייטענאנט וואָראָנקאָ, וואָס איז געלעגנ אפ א מאטראצ אונטער א בוימ — אלע האָבנ געקוקט אפנ אלטנ אונ אפנ מיידעלע. בא באָריס איסאַקאָוויטשנ איז ארויסגעפאלנ דער בוכ פונ די הענט אונ ער האָט אימ ניט אופגעהויבנ — ער האָט געקוקט אפ די גרויסע אויגנ, וואָס האָבנ אופמערקזאמ אונ הונגעריק נאָכגעשפּירט נאָכ דעמ, ווי ער עסט די לאטקע. עס האָט זיכ אימ ווידער אונ ווידעראמאָל פארוואָלט פארשטיינ דאָס, וואָס האָט אינ אימ אלעמאָל ארויסגערופנ דעמ געפיל פונ אנציקטער פארכידעשטקײַט, — עס האָט זיכ אימ פארוואָלט פארשטיינ דעמ וווּנדער פונ מענטשלעכער גוטסקײַט. ער האָט אימ געוואָלט אויסלייענענ אינ אָט די

קינדערישע אויגנ, נאָר צי זיי זײַנענ צו מונקל געווענ, צי זײַנע אייגענע אויגנ האָט א טרער פארשטעלט, אָבער ער האָט ווידער קיינ זאכ ניט דערזענ אונ ווידער קיינ זאכ ניט פארשטאנענ.

אזוי איז ער געזעסנ דעמ 5 יונ 1942 יאָר אינדערפרי בא זיכ אינ הויפ. לעבנ אימ איז אפ א מאטראצ געזעסנ דער לייטענאנט וויקטאָר וואָראָנענקאָ מיט דעמ אָפּגעשניטענעמ פוס. וואָראָנענקאָס ווײַב, די יונגע, שיינע דאריע סעמיאָנאָוונע האָט געקאָכט אינ דער זומער-קיכ מיטיק. אָנגעבויגנ האָט זי פאָנעמ איבער די טעפּלעכ, האָט זי געוויינט, אונ וואָראָנענקאָ האָט, כוויזעקדיק קנייטשנדיק דאָס ווײַסע פאָנעמ, געזאָגט:

— וואָס וויינסטו, דאשע? וועסט זענ, ס'וועט בא מיר אויסוואקסנ א נײַער פוס.

— דערפונ וויינ איכ דענ? אבי דו לעבסט, — האָט געזאָגט דאריע סעמיאָנאָוונע אונ ווײַטער געוויינט.

איינס באטאָג האָט מענ געמאָלדנ לופט-אליארמ — עס איז געפלויגנ א דײַטשישער אעראָפּלאנ. געכאפּט די קינדער אפ די הענט, האָבנ זיכ די פרויענ אוועקגעלאָזט צו די טראנשייעס, אומקוקנדיק זיכ, צי קלײַבט זיכ ניט א גאנצע אָפּרעכענענ מיט די פּראָדוקטנ, וואָס זיי האָבנ איבערגעלאָזנ אפ די טישלעכ אונ בענקלעכ. אינ הויפ זײַנענ געבליבנ בלויז וואָראָנענקאָ אונ באָריס איסאאַקאָוויטש. א יינגל האָט געשריענ פונ גאס:

— לעבנ אונדז האָט זיכ אָפּגעשטעלט אנ אוטאָמאָבילסטערנע, דאָס איז אנ אָביעקט! דער שאָפער איז אנטלאָפנ אינ טראנשיי!

די הינט, וואָס האָבנ שוינ געוווּסט דעמ טאמ פונ לופט-אָנפאלנ, האָבנ בא די ערשטע קלאנגענ פונ א דײַטשישנ מאָטאָר זיכ געלאָזט לויפנ מיט אראָפּגעלאָזטע עקנ נאָכ די פרויענ אינ די טראנשייעס ארײַנ. די פרויענ האָבנ זיי געבריקעט מיט די פיס, געשריענ—„אוועקט, ס'איז אָנ אײַכ ענג ביטער. מארש פונדאנענ מיט אײַערע פליי אינייגעמ, א בראָכ צו אײַערע ביינער!"—די הינט האָבנ זיכ געלייגט אפ דר'ערד אונ ניט געוואָלט אוועק.

דערנאָכ איז א רעגע געוואָרנ שטיל, אונ די יינגלעכ האָבנ מיט א הילכיקנ קוויטש צו וויסנ געגעבנ:

— ער פליט... אָט-אָט... ער פּיקירט, א פײַער אינ אימ!

דאָס שטעטעלע האָט זיכ אופגעטרייסלט פונעמ שרעקלעכנ טראסק. אינ דער הייכ האָט א שפּאר געטאָנ רויכ אונ שטויב. פונ די טראנשייעס האָט זיכ געלאָזט הערנ א געשריי אונ געוויינ. דערנאָכ איז ווידער געוואָרנ שטיל, די פרויענ זײַנענ ארויסגעקראָכנ פונ אונטער דער ערד. אָפּטרייסלענדיק זיכ, פאריכטנדיק די קליידער, לאכנדיק איינע פונ דער צווייטער, אָפּוצנדיק דעמ שטויב פונ די קינדער, האָבנ זיי געאײַלט צו די פליטקעס.

— א בייזער יאָר אפ אימ. טאקע אויסגעגאנגענ די פליטע,—האָבנ געטײַנעט די אלטע, אופבלאָזנדיק דאָס פײַער, — זאָל אימ נאָר גאָט געבנ אונדזער ביסל צאָרעס אי אפ דער וועלט, אי אפ יענער וועלט.

וואָראָנענקאָ האָט דערקלערט, אז דער דײַטש האָט אראָפּגעוואָרפנ א צוויי-הונדערט-קילאָגראמיקע באָמבע אונ אז די זעניטקעס האָבנ אפ א מעטער פינפ הונדערט ניט געטראָפנ. די אלטע מיכײַליוטשקע האָט געבורטשעט:

— האלעווײַ וואָלטנ שוינ די דײַטשנ געקומענ, אונ זאָל זײַנ א סאָפ. נעכטנ בייסנ אָנפאלי האָט עפּעס א פּאראזיט בא מיר פונ פליטע א טאָפּ באָרשטש צוגעצויגנ.

אינ הויפ האָט מענ געוווּסט, אז דער זונ אירער יאשקע איז אנטלאָפנ פונ ארמיי אונ באהאלט זיכ אויס אפנ בוידעמ. פונ שטוב גייט ער ארויס נאָר באנאכט. מיכײַליוטשקע האָט געוואָרנט, אז מאָמער זאָגט עמעצער אויס וועגנ אימ, וועט אימ שוינ דער דײַטש מאכנ מיט א קאָפּ קירצער. האָט מענ מוירע געהאט אויסזאָגנ — די דײַטשנ זײַנענ שוינ געווענ אָט-אָ.

דער אגראָנאָמ קאָריאקאָ, וואָס האָט זיכ מיטנ רײַעון-אָפּטייל ניט עוואקוירט אונ האָט זיכ אלצ בארימט, אז ער וועט אוועקגיינ מיט דער ארמיי — איז ווי נאָר מע

פלעגט דערקלערנ א לופט־אליארמ, אזוי פלעגט ער גלײַכ אנטלויפנ צו זיכ אינ ציממער.—געווינט האָט ער אפנ ערשטנ שטאָק—אויסטרינקענ א גלאָז סאמאָהאָנ, באמ אגראָנאָמ האָט עס געהייסנ „אנטיבאָמביג“, אונ ערשט דערנאָכ אראָפגיינ אינ קעלער.

אינאָוונט איז צו באָריס איסאקאָוויטשנ אריינ דאָקטער ווײַנטראוב, א ייִד פונ א יאָר 68. אָנגעטאָנ איז ער געווענ אינ א לײַכטנ טשעסוטשאָוונ רעקל, דאָס העמדל צעשפיליעט, אונ פונ דעמ האָט ארויסגעקוקט א פעטע, האָריקע, פארשוויצטע ברוסט.

— נו, יונגערמאנ, וואָס הערט זיכ עפעס?—האָט געפרעגט באָריס איסאקאָוויטש.

דער יונגערמאנ האָט אָבער שווער געסאָפעט פונ ארופגיינ אפנ צווייטנ שטאָק אונ געקרעכצט, ווײַזנדיק אפנ הארצנ. דערנאָכ האָט ער געזאָגט:

— מע דארפ פאָרנ. מע זאָגט, דער לעצטער עשעלאָנ מיט די ארבעטער פונ צוקער־זאוואָד גייט אוועק מאָרגנ. כ'האָב דערמאָנט דעמ אינזשענער שעווטשענקאָ, ער האָט צוגעזאָגט שיקנ נאָכ אײַכ א פור.

— שעווטשענקאָ האָט זיכ בא מיר געלערנט, א פײַנ ייִנגל געווענ, באזונדערס אפ געאָמעטריע,—האָט געזאָגט באָריס איסאקאָוויטש.—מע דארפ אימ בעטנ, ער זאָל נעמענ מיט זיכ דעמ פארווונדעטנ וואָראָנענקאָ, דאָס ווײַב האָט אימ ניט לאנג געפונענ אינ שפיטאָל, אונ די פרוי ווײַסמאנ מיטנ קינד. דער מאנ איז בא איר דערהארגעט געוואָרנ.

— כ'ווייס ניט, צי ס'וועט זײַנ אָרט,—האָט געזאָגט ווײַנטראוב אונ פלוצעמ אָנגעהויבנ רייִדנ שנעל, שנעל אונ זײַנ הייסער אונ שווערער אָטעמ האָט אזש געבריט דעמ לערער.—נו, אָט, באָריס איסאקאָוויטש, א שטאָט, וו יעדער הונט קענ מיכ, א קאטאָוועס עפעס, דעמ זעכצעטנ יונ נײַנ־הונדערט־ערשטנ יאָר בינ איכ אהער געקומענ צו פאָרנ!—ער האָט א שמייכל געטאָנ.—מאכט זיכ עס אמאָל, אינ אָט דעמ הויז, טאקע דאָ בינ איכ מיט אײנ אונ פערציק יאָר צוריק געווענ בא מײַנ ערשטנ פאציענט—מיכײַליוק האָט זיכ אָפגעסאמט מיט פיש. וועמענ האָב איכ דאָ ניט געהײלט פונ דעמאָלט אָנ—אי מיכײַליוקנ, אי זײַנ ווײַב, אי יאשקע מיכײַליוק מיט זײַנ אייביק קראנקנ מאָגנ, אי דאשע טקאטשוק, איידער זי האָט כאסענע געהאט פאר וואָראָנענקאָנ, אי דאשעס טאטנ, אי וויטיע וואָראָנענקאָ. אונ אזוי אינ יעדנ הויז. אז אָכ אונ ווי, דערלעבט צו אזא טאָג, אז מע מוז פונדאנענ אנטלויפנ. כ'וועל אײַכ זאָגנ דעמ גאנצנ עמעס,—וואָס נעענטער די שעה פונ אוועקפאָרנ, אלצ ווייניקער האָב איכ כיישעק זיכ רירנ פונ אָרט. זאָל זײַנ וואָס עס וועט זײַנ.

— אונ מיר ווילט זיכ אלצ מער אוועקפאָרנ,—האָט געזאָגט דער לערער,—איכ ווייס, וואָס דאָס הייסט פאָרנ אינ א געפאקטנ וואגאָנ פאר א מענטשנ פונ צוויי אונ אכציק יאָר! כ'האָב ניט קיינ קרויווימ אפ אוראל, כ'האָב אפילע קיינ גראָשנ געלט ניט. איר ווייסט, וואָס כ'וועל אײַכ זאָגנ,—איכ ווייס, אז כ'וועל ניט דערפאָרנ ביז אוראל. בעסער איז שוינ שטארבנ אפנ שמוציקנ דיל פונ וואגאָנ, אָבער בלײַבנ ביז דער לעצטער מינוט א מענטש מיט מענטשנ גלײַכ.

— נו, כ'ווייס ניט,—האָט געזאָגט ווײַנטראוב,—איכ מיינ, אז ס'איז ניט אזוי שרעקלעכ. דאָקטוירימ אונ לערער וואלגערנ זיכ דערווײַל ניט אפ די גאסנ.

— יונגערמאנ, איר זײַט זייער נאיוו,—האָט געזאָגט באָריס איסאקאָוויטש.

— כ'ווייס ניט, כ'ווייס ניט,—האָט געזאָגט דער דאָקטער,—א סאכ פאציענטנ רייִדנ מיכ אײַנ, כ'זאָל בלײַבנ... פאראנ אָבער אזוינע, וואָס הייסנ טייקעפ אוועקפאָרנ.

פלוצעמ איז ער אופגעשפרונגענ אונ זיכ אפ א קאָל צעשריִענ:

— וואָס איז עס? דערקלערט מיר! איכ בינ צו אײַכ געקומענ, איר זאָלט מיר דערקלערנ, באָריס איסאקאָוויטש! איר זײַט א פילאָסאָפ, א מאטעמאטיקער—דערקלערט מיר, דעמ דאָקטער, וואָס איז עס אזוינס? מעשוגאַס! וויאזוי איז א קולטורעל, אייראָפייִש פאָלק, א פאָלק, וואָס האָט געשאפנ אזוינע קליניקעס, וואָס האָט קאָריפייענ פונ וויסנשאפטלעכער מעדיצינ, וויאזוי איז עס געוואָרנ דער דורכפירער פונ שווארצמייעדיקנ, מיטלאלטערלעכנ כוישעכ? פונוואנענ שטאמט די דאָזיקע גײַסטיקע אינפעק=

ציע? וואָס איז עס אַזוינס? מאַסן־פּסיכאָז? מאַסן־מעשוגאַס? אָדער ס'איז אַלץ גיט גאָר אײנגאַנצן אַזוי, אַ? צוגעפּוצט אַ קאָפּל?

איבער די טרעפּ האָבן געגומענ קלאַפּן קוליעס, דאָס האָט זיך אָנגעהויבן וואָראָ־נענקאָ.

— דערלויבט, כאָווײרים נאַטשאַלניקעס, זיך ווענדן?—האָט ער שפּאַסנדיק אַ פרעג געטאָן.

ווײַנטראַוב האָט זיך גלײַך באַרויקט.

— אַ, וויטיע, נו, וואָס הערט זיך עפּעס?—ער האָט קימאַט אַלעמען דאָ אין שטאָט געזאָגט „דו", ווײַל אַלע פּערציק־יאָריקע און דרײַסיק־יאָריקע האָבן זיך געהיילט בײַ אים, ווען זיי זײַנען נאָך געווען ייִנגלעך.

— אָט, אַ פּיסל אָפּגעריסן,—האָט געזאָגט מיט אַ כוליגאַן־שמייכעלע וואָראָנענקאָ. ווענן זײַן צאָרע האָט ער שטענדיק גערעדט מיט אַ שמייכעלע, ווי ער וואָלט זיך שע־מען דערמיט.

— נו, איבערגעלייענט דאָס ביכל?—האָט געפרעגט באָריס איסאַקאָוויטש.

— דאָס ביכל?—האָט איבערגעפרעגט וואָראָנענקאָ.—וואָסער ביכל, וואָסער בוי־דעם, וואָסער לאָקש. אָט וועט מען אונדז באַלד מאַכן יענע ביכעלע.

— וואָס?—האָט געפרעגט ראָזענטאַל.

און וואָראָנענקאָ האָט זיך פּלוצים אָנגעבויגן צו אים, זײַן פּנים איז געוואָרן רויִק, אומבאַוועגלעך. שטיל און פּאַוואָליע האָט ער אַרויסגערעדט:

— די דײַטשישע טאַנקען זײַנען אַדורך די אײַזנבאַן־ליניע און האָבן פאַרנומען דאָס דאָרף מאַליע ניזגורצי, אַן ערעב, אַ קילאָמעטער צוואַנציק פון אונדזער.

— אַכצן מיט אַ האַלבן,—האָט געזאָגט דער דאָקטער און געפרעגט:—הייסט עס, דער עשעלאָן וועט ניט אַוועקגייִן?

— נו, זעלבסטפאַרשטענדלעך,—האָט געזאָגט דער אַלטער לערער.

— אַ זאַק,—האָט געזאָגט וואָראָנענקאָ, אַ רעגע געטראַכט און צוגעגעבן:—אַ פאַר־בונדענער זאַק.

— נו, מיילע,—האָט אַ זאָג געטאָן ווײַנטראַוב,—מירן זען, הייסט עס—באַשערט. איך גיי אַהיים.

ראָזענטאַל האָט אַ קוק געטאָן אויף אים.

— איר ווייסט, איך האָב אַ גאַנץ לעבן פּײַנט געהאַט רעפּועס, אָבער איצט וועט איר מיר געבן די אײנציקע רעפּוע, וואָס קאָן העלפן.

— וואָס, וואָס קאָן העלפן?—האָט שנעל אַ פרעג געטאָן ווײַנטראַוב.

— סאַם.

— קיינמאָל—האָט אַ געשריי געטאָן ווײַנטראַוב,—קיינמאָל וועל איך עס ניט טאָן.

— יונגערמאַן, איר זײַט אַ נאַיווער מענטש.—האָט געזאָגט ראָזענטאַל.—עפּיקור האָט דאָך געלערנט, אַז אויב ליבע צום לעבן קאָן זיך דער כאָטש אָנטאָן דעם טויט, אויב די ליידן ווערן אומדערטרעגלעך. און איך האָב ליב דאָס לעבן ניט ווייניקער, ווי עפּיקור.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און אויסגעגלײַכט. די האָר און דאָס פּנים, די ציטערנדיקע פינגער און דער דינער האַלדז, אַלץ איז געווען אויסגעטריקנט פון צײַט, אַלץ האָט אויסגעזען דורכזיכטיק און לײַכט. און בלויז אין די אויגן האָט געשטעקט געדאַנק, וואָס איבער אים האָט די צײַט קיין שליטע ניט געהאַט.

— ניין, ניין,—ווײַנטראַוב האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער טיר.—אָפּ וועט איר זען, מירן ווי־ניט־איז איבערקומען.—און ער איז אַוועק.

— מער פון אַלץ האָב איך מוירע פאַר איינס,—האָט געזאָגט דער לערער,—פאַר דעם, אַז דאָס פאָלק, מיט וועלכן איך האָב אָפּגעלעבט אַ גאַנץ לעבן, דאָס פאָלק, וואָס איך האָב עס ליב, וואָס איך גלייב דעם, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק וועט זיך אונ־טערגעבן דער מיִעסער, נידערטרעכטיקער פּראָוואָקאַציע.

— ניין, דאָס וועט ניט זײַן,—האָט געזאָגט וואָראָנענקאָ.

א גאנצע נאכט איז ראָזענטאל ניט געשלאָפנ. עס האָט געדוכט, די זונ וועט יענעמ פרימאָרגנ ניט אופגיינ, אייביק וועט שוינ אזוי הענגענ איבער דער שטאָט דער כוישעכ. עס איז אָבער געקומענ די באשטימטע שאָ, אונ די זונ איז אופגעגאנגענ, דער הימל איז געוואָרנ בלוי אונ קלאָר, די פייגל האָבנ זיכ צעזונגענ.

נידעריק אונ לאנגזאמ איז פארבייגעפלוינ א דייטשישער באָמבארדירער, ווי מיד פונ דער שלאָפלאָזער נאכט — די זעניטקעס האָבנ ניט געשאָסנ. די שטאָט אונ דער הימל איבער דער שטאָט זיינענ געוואָרנ דייטשישע.

דאָס הויז האָט גענומענ אופוואכנ.

נאָכ דער לאנגער זיצעניש אינ דער פינצטער איז יאשקע מיכייליוק ארויס אינדרויסנ, ער האָט טיפ ארייננעאָטעמט די פרישע פארטאָגיקע לופט, געקוקט אפ די גרינע ציבעלע אינ גאָרטנ. ער האָט זיכ אָפגעגאָלט אונ אָנגעטאָנ אנ אויסגעבייט העמד.

דערנאָכ איז ער אינ הויפ ארויס דער אגראנאָמ, אונ די פרויענ האָבנ איינע צו דער אנדערער צוגעווונקענ:

— זעט נאָר, זעט, ווי דעמ ערשטנ טאָג פייסעכ.

ער האָט זיכ דורכגעשמועסט מיט יאשקענ, האָט אימ עפעס איינגערוימט אינ אויער, אונ ביידע האָבנ זיכ צעלאכט.

זיי זיינענ ארייננ צומ אגראנאָמ אונ געשמאק אויסגעטרונקענ. מיכייליוטשקע האָט זיי געבראכט שפיק אונ געזאלצענע פאָמידאָרנ. ווארווארע אלעקסייעוונע, בא וועלכער אלע פינפ זינ זיינענ געווענ אינ דער רויטער ארמיי, אנ אלטע, א בייסיקע מיט א צונג אפ שרויפנ, האָט געזאָגט:

— דו, מיכייליוטשקע, ביסט איצט א כאָשעווער מענטש בא די דייטשנ: דער מאנ זיצט אינ קאָנצלאגער פאר אגיטאציע, דער זונ — א דעזערטיר, דאָס הויז איז דיינס אנ אייגנס. די דייטשנ וועלנ דיכ געוויס פארנ שטאָט-גאָלאָווא מאכנ.

דער שאָסיי איז געלעגנ פינפ קילאָמעטער פונ שטאָט, דעריבער זיינענ די דייטשנ אינ שטעטעלע ניט ארייננ. ערשט לעבנ האלבנ טאָג האָבנ זיכ איבער דער הויפט-גאס פארבייגעטראָגנ מאָטאָציקליסטנ, שווארצע פונ דער זונ, אינ פילאָטקעס, פרוסנ אונ טאפאָטשקעס. אפנ האנט בא יעדנ — א האנט-זייגער.

די אלטע האָבנ, קוקנדיק אפ זיי, געטיינעט:

— אוי, גאָט מיינער. גאָר קיינ כארפע ניטאָ, נאקעטע איבער דער הויפט-גאס. ביז וואָס סע דערגייט.

די מאָטאָציקליסטנ האָבנ א שאר געטאָנ איבער די הויפנ, האָבנ צוגענומענ דעמ גאלעכס אינדיק, וואָס איז ארויס זיכ א פאָרקע טאָנ אינעמ הויפ פערד-מיסט; אופגעגעסנ אינ איילעניש בא א פויער צוויי מיט א האלבנ קילאָ האָניק, אויסגעטרונקענ אנ עמער מילכ אונ זיכ אוועקגעטראָגנ ווייטער. פארנ אוועקפאָרנ האָבנ זיי אָנגעזאָגט, אז אינ א שאָ צוויי ארומ וועט אָנקומענ דער קאָמענדאנט.

באטאָג זיינענ צו יאשקענ געקומענ נאָכ צוויי כאווייריִמ — דעזערטירנ. זיי זיינענ געווענ שיקער-לאָט אונ האָבנ אלע אינאיינעמ געזונגענ די ליד וועגנ די דריי טאנקיסטנ. זיי וואָלטנ געוויס געזונגענ א דייטשישע ליד, האָבנ זיי אָבער ניט געקענט. דער אגראנאָמ האָט ארומגעשפאנט איבערנ הויפ אונ, כיטרע שמייכלענדיק, געפרעגט בא די פרויענ:

— ווו זיינענ דאָס ערגעצ אונדזערע יידנ? א גאנצנ טאָג זעט מענ ניט ניט די קינדער, ניט דאָס אלטווארג, אזוי-ווי אינ דר'ערד ארייננ. אונ נעכטנ האָט מענ פונ מארק פינפ-פודיקע קוישנ געשלעפט.

די פרויענ האָבנ בלויז א מאכ געטאָנ מיט די אקסלענ אונ ניט אונטערגעהאלטנ דעמ שמועס. דער אגראנאָמ האָט זיכ שטארק געכידעשט. ער האָט געמיינט, אז די פרויענ וועלנ נאָר אנדערש רעאגירנ אפ אזא אינטערעסאנטע ריד.

דערנאָכ האָט דער שיקערער יאשקע באשלאָסנ אָפּרייניקנ זײַנ דירע. ביזנ זעקס־אונ־דרײַסיקסטנ יאָר האָבנ די מיכײַליוקעס געהאט פארנומענ דעמ גאנצנ אונטערשטנ שטאָק. נאָכ דעמ, ווי מע האָט דעמ פאָטער פארשיקט, האָט צוויי צימערנ פארנומענ וואָראָנענקאָ מיטנ ווײַב, אונ ביים דער מילכאָמע האָט דער שטאָטראט ארײַנגעזעצט אינעמ דריטנ צימער דעמ יונגערנ לייטענאנט ווײַסמאנס מישפּאָכע, וואָס האָט זיכ עוואקוירט פונ זשיטאָמיר.

גוטע־ברידער האָבנ געהאָלפנ יאשקענ. קאטיע ווײַסמאנ אונ וויטאליק וואָראָנענקאָ זײַנענ געזעסנ אינ הויפ אונ האָבנ ביטער געוויינט. די אלטע ווײַסמאניכע, וואָס האָט ארויסגעטראָגנ דאָס געפעס אונ די פּעפ, האָט פארבײַגייענדיק שטיל אײַנגערעדט די קינדער:

— שא זאָל זײַנ, מע טאָר ניט וויינענ.

דאָס פארשוויצטע פּאָנעמ אירס מיט די גרויע פּאסמעס האָר, וואָס האָבנ זיכ צו־געקלעפּט צו די שלייפנ אונ באקנ, האָט אָבער אויסגעזעענ אזוי שרעקלעכ, אז די קינ־דער האָבנ, קוקנדיק אפ איר, נאָכ מער זיכ דערשראָקנ אונ נאָכ שטארקער געוויינט.

לידע ווײַכמאנ, דעמ יונגערנ לייטענאנטס אלמאָנע, וואָס האָט זיכ א ביסל גע־רירט פונ זינענ זינט זי האָט אינ איינ טאָג באקומענ א יעדיע וועגנ דעמ מאנס אונ דעמ ברודערס אומקומ, האָט געקוקט אפנ וויינענדיקנ טעכטערל אונ געזאָגט:

— ניטאָ היינט קיינ מילכ אפנ מארק, וויינ ניט—קיינ מילכ איז ניטאָ.

ביז אָוונט זײַנענ ביידע מישפּאָכעס געזעסנ שווײַגנדיק אפ די פּעקלעכ. ווענ ס'האָט אָנגעהויבנ פינצטער ווערנ, איז ארויס דער לערער אונ האָט געזאָגט:

— כ'בעט אלעמענ צו זיכ.

די פארשטיינערטע פרויענ האָבנ זיכ צעכליפּעט.

דער לערער האָט אופגעהויבנ פונ דער ערד צוויי פּעקלעכ אונ איז אוועק צו זיכ. דאָס גאנצע צימער האָט מענ פארוואלגערט מיט פּעקלעכ, טעפּלעכ, טשעמאָדאנעס. די קינדער זײַנענ אנשלאָפנ געוואָרנ אפנ בעט, די פרויענ—אפנ דיל, אונ ראָזענטאל מיט וואָראָנענקאָנ האָבנ שטילערהייט געשמועסט.

— איכ האָב א סאכ טרוימענ געהאט אינ מײַנ לעבנ,—האָט געזאָגט וויקטאָר וואָ־ראָנענקאָ,—אָט האָט זיכ מיר געוואָלט באקומענ א לענינ־אָרדענ, אָט—האָבנ אנ איי־גענעמ מאָטאָציקל מיט א וועגעלע אונ פאָרנ זונטיק מיטנ ווײַב צומ דאָניעצ, אז כ'בינ געווענ אפנ פראָנט, האָב איכ געטרוימט זיכ זענ מיט דער מישפּאָכע, ברענגענ דעמ זונ אנ אײַזערנעמ קרייצ אונ קאָנדענסירטע מילכ, אונ איצט טרוימ איכ נאָר וועגנ איינס: האָבנ א גראנאטע...

אונ דער לערער האָט געזאָגט:

— וואָס מער מע טראכט וועגנ לעבנ, אלץ ווייניקער פארשטייט מענ עס. אינ־גיכנ וועל איכ אופהערנ צו טראכטנ, דאָס וועט אָבער געשענ ערשט דעמלט, ווענ מע וועט מיר פלעטנ דעמ מויעכ.

— וואָס איז דאָ פאראנ צו טראכטנ,—האָט געזאָגט וואָראָנענקאָ,—האנט־גראנא־טעס, אונ וואָס מער היטלערנ צאָרעס אָנטאָנ, ביז איכ לעב נאָכ.

2

דער אגראנאָמ קאָריאקאָ האָט געוואָרט אפ אנ אופנעמ באמ שטאָט־קאָמענדאנט. מע האָט דערציילט, אז דער קאָמענדאנט איז אנ עלטערער מענטש, וואָס קענ רוסיש, ס'איז אפילע באוווּסט געוואָרנ, אז מיט יאָרנ צוריק האָט ער זיכ געלערנט אינ א רי־גער גימנאזיע. דעמ קאָמענדאנט האָט מענ שוינ מיטגעטיילט וועגנ קאָריאקאָ, אונ דער אגראנאָמ האָט איצט נערוועז ארומגעשפּאנט איבערנ אופנעמ־צימער. אלע צוויי־

לענ, וואָס האָבנ זיכ נאָכ באַ אימ געוועקט אינ האַרצנ, האָט דער אגראָנאָמ געלאָשנ מיט איינ פראַזע. ער האָט זי געכאַזערט אָנ אופהער:

— שטעלנ דאַרפ מענ אָפ טרומפ, אָפ טרומפ דאַרפ מענ שטעלנ.

פונ קאָמענדאַנטס קאַבינעט האָט זיכ פּלוצימ דערהערט א פּײַנלעכ, הײזעריק פאַר־שטיקט געשריי.

קאַריאַקאָ האָט זיכ אָפּגערוקט פונ דער אַרײַנגאַנג־טיר. „עכ, אומזיסט קריכ איכ אַלייג אַהער, כ׳וואָלט שוינ בעסער געזעסנ אינ דער היימ, קיינער וואָלט מיכ ניט גע־טשעפּעט“—האָט ער מיט פּלוצימדיקער כאַראָטע א טראַכט געטאָנ, די טיר האָט זיכ אופגעפּראַלט אונ אינ צימער איז אַרײַנגעלאָפנ דער פאָליציי־שעפ, וואָס איז ערשט ניט לאַנג אָנגעקומענ פונ וויניצע, אונ דעמ קאָמענדאַנטס יונגער בלייכער אַדיוטאַנט, וועל־כער האָט אינ מאַרק־טאָג געמאַכט אַנ אָבלאַווע אָפ פּאַרטיזאַנער. דער אַדיוטאַנט האָט עפּעס א זאָג געטאָנ צומ קאָנצעליאַריסט אָפ דײַטש, יענער איז אופגעשפּרונגענ אונ האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ טעלעפאָנ. דער פאָליציי־שעפ האָט דערזענ קאַריאַקאָנ אונ א געשריי געטאָנ:

— גיכער, גיכער, ווו ווינט דאָ ערגעץ א דאָקטער, דעמ קאָמענדאַנט איז ניט גוט.

— דאָ אַנטקעגנ אינ הויז, דער בעסטער דאָקטער אינ שטאָט,—האָט דורכגעפּענצ־טער געוויזנ קאַריאַקאָ,—נאָר ער איז, אַנטשולדיקט, א ייִד, ווײַנטראַוב!

— וואָס? וואָס?—האָט געפרעגט דער אַדיוטאַנט.

דער פאָליציי־שעפ, וואָס האָט זיכ שוינ א ביסל אויסגעלערנט לאָמפּטשענ דײַטש, האָט געזאָגט:

— הער, איינ גוט דאָקטאָר. אַבער ער איסט יוד.

דער אַדיוטאַנט האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט אונ האָט זיכ א וואָרפ גע־טאָנ צו דער טיר. דעריאָגנדיק אימ, האָט קאַריאַקאָ באַוויזנ:—אַהער, אינ דעמ שטיבל.

באַמ מאַיאָר ווערנער איז געווענ אַנ אָנפאַל פונ א שווערער האַרצ־קראַנקײַט. דער דאָקטער האָט עס גלײַכ פאַרשטאַנענ פונ דעמ אַדיוטאַנטס ענטפערס אָפ זײַנע פראַגנ. ער איז אַרויסגעלאָפנ אינ שכייניש צימער, האָט אַרויסגענומענ דאָס ווײַב אונ די טאָכ־טער, מיטגענומענ דעמ שפּריצ, עטלעכע אַמפּולעס קאַמפער אונ איז אַרויס נאָכנ יונגנ אָפיצער.

— איינ רעגע, איכ דאַרפ דאָכ אָנטאָנ דאָס בענדל.

— מע דאַרפ ניט, גייט, גייט אַזוי—האָט געזאָגט דער אַדיוטאַנט.

ווענ זיי זײַנענ אַרײַנ אינ קאָמענדאַטור, האָט דער יונגער אָפיצער געזאָגט צו ווײַנטראַובנ:

— איכ וואָרנ אײַכ: באַלד וועט קומענ צו פאָרנ אונדזער דאָקטער, נאָכ אימ איז אַוועק אַנ אויטאָמאָביל. ער וועט דורכקאָנטראָלירנ אַלע אײַערע מעדיקאַמענטנ אונ מעטאָדנ.

ווײַנטראַוב האָט א שמייכל געטאָנ אונ געזאָגט:

— יונגערמאַנ, איר האָט צו טאָנ מיט א דאָקטער, אָבער אויב איר טרויט מיר ניט, קאָנ איכ אַוועקגייג.

— גייט גיכער, גיכער,—האָט א געשריי געטאָנ דער אַדיוטאַנט.

ווערנער—א דאַרער, גרויער מענטש, איז געלעגנ אָפנ דיוואַנ, זײַנ פּאָנעמ איז גע־ווענ באַדעקט מיט קאַלטנ שווייס אונ בלאַס. די אויגנ האָבנ אויסגעזעענ שרעקלעכ. אַזויפיל פּײַנ אונ ווייטיק האָט אינ זיי געשטעקט. ווערנער האָט לאַנגזאַמ אויסגעשטאַמלט.

— דאָקטער, איכ נאָמענ פונ מײַנ אומגליקלעכער מאַמענ אונ דער קראַנקער פרוי—זיי וועלנ עס ניט אַריבערטראָגנ.

אונ ער האָט אויסגעצויגנ צו ווײַנטראַובנ אַנ אָנמעכטיקע האַנט מיט בלייכע נעגל.

דער קאָנצעליאַריסט אונ דער אַדיוטאַנט האָבנ ביידע איינגעמ א בליק געטאָנ:

— אינ אַזא מינוט האָבנ זיי זיכ דערמאָנט אָנ דער מוטער—האָט פרומ א זאָג געטאָנ דער קאָנצעליאַריסט.

— דאָקטער, איכ קאָנ ניט אָטעמענ, כ׳איז מיר פינצטער אינ די אויגנ,— האָט

שמייל א קרעכצ געטאָנ דער קאָמענדאנט. ער האָט מיט די אויגנ זיכ געבעטנ, מע זאָל אים העלפנ.

אונ דער דאָקטער האָט אים געראטעוועט.

ווערנער האָט ווידער דערפילט דעמ זיסנ טאמ פונ לעבנ. באפרייט זיכ פונ די קראמפנ, האָט זיכ דאָס בלוט פריי באוועגט איבער די אָדערנ, דער אָטעמ איז געווארנ רויק.

ווענ וויינטראוב האָט געוואָלט אוועקגיינ, האָט אים ווערנער אָנגעכאפּט בא דער האנט.

— ניינ, ניינ, גייט ניט אוועק, כ'האָב מוירע, דאָס קאָנ זיכ איבערכאזערנ. א שרעקלעכע קרענק — איכ פיל מאמעש דעמ טויט. אונ וואָס קאָנ זיינ שוידערלעכער דערפונ?

וויינטראוב האָט זיכ אָנגעבויגנ צומ קאָמענדאנט אונ, פונקט ווי עמעצער זאָל אים א שטויס טאָנ, האָט ער פלוצימ א זאָג געטאָנ:

— איכ בינ א ייִד, הער מאיאָר, איר זייט גערעכט, דער טויט איז שרעקלעכ.

אפ א רעגע האָבנ זיכ זייערע אויגנ באגעגנט. אונ דער אלטער דאָקטער האָט דערזענ פארלוירנקייט אינ דעמ קאָמענדאנטס אויגנ, דער דייטש איז געווענ אָפּהענגיק פונ אים, ער האָט מוירע געהאט פאר א נייעמ אָנפאל, אונ דער אלטער ייִדישער דאָקטער מיט די זיכערע אונ רויקע באוועגונגענ האָט אים באשיצט פונ טויט, איז געשטאנענ צווישנ אים אונ דער מוירעדיקער כאשכעס, וואָס איז געווענ אזוי נאָענט, אָט דאָ=אָ אונ וואָס האָט געלעבט אינ דעמ מאיאָרס סקלעראָטיש הארצ.

אינגיכנ האָט מענ דערהערט, ווי צו דער קאָמענדאטור איז צוגעפאָרנ א מאשינ. עס איז ארייננ דער אדיוטאנט אונ געמאָלדנ:

— הער מאיאָר, דער הויפּט=דאָקטער פונ טעראפּעווטישנ שפּיטאָל איז שוינ דאָ. איצט קאָנ מענ שוינ אָפּשיקנ אָט דעמ מענטשנ?

דער אלטער איז אוועק.

פארבייגייענדיק אינ קאנצעליאריע פארביי דעמ דאָקטער מיטנ אייזערנעמ קרייצ אפ דער אונ=פאָרמ, האָט ער מיט א שמייכל געזאָגט:

— גוט מאָרגנ, קאָלעגע. דער פאציענט איז איצט אינ בעסטער אָרדענונג.

דער דאָקטער האָט אומבאוועגלעכ אונ שווייגנדיק געקוקט אפ אים.

וויינטראוב איז געגאנגענ אהיימ אונ ביים מיסע הויכ אפ א קאָל געטיינעט:

— נאָר איינס וויל איכ, — עס זאָל מיכ באגעגענענ א פאטרול אונ צעשיסנ לעבנ פענצטער, באמ קאָמענדאנטס פאר די אויגנ, מער פארלאנג איכ גאָרניט. גיי ניט אָנ א בענדל, גיי ניט אָנ א בענדל.

ער האָט געלאכט, געפאָכעט מיט די הענט. ער האָט געמאכט אנ איינדרוק פונ א שיכורנ.

דאָס ווייב איז אימ ארויסגעלאָפנ אנטקעגנ.

— נו, ווי, אלצ קעשורע? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, יאָ, דאָס לעבנ פונעמ היטלערישנ קאָמענדאנט איז אויסער געפאר, — האָט ער געזאָגט מיט א שמייכל. ווענ ער איז ארייננ אינ שטוב, האָט ער זיכ פלוצימ א וואלגער געטאָנ אפ דער ערד אונ שלוכצנדיק זיכ אָנגעהויבנ שלאָגנ מיט דעמ גרויסנ פליכעוואטנ קאָפּ אָנ דעמ הילצערנעמ דיל.

— גערעכט, גערעכט איז טאקע דער לערער, — האָט ער געזאָגט, — פארשאָלטנ זאָל זיינ דער טאָג, ווענ כ'בינ געוואָרנ א מעדיקער!

* * *

אזוי זיינענ געגאנגענ טעג. דער אגראָנאָמ איז געוואָרנ א קווארטאל=באפולמעכטיקטער. יאשקע האָט געדינט אינ פּאָליציי. דאָס שענסטע מיידל אינ שטאָט, מארוסיע וואָראָפּאנאָווע, האָט געשפּילט אפ קלאוויר אינעמ אָפיצערנ=קאפע אונ האָט געלעבט מיט דעמ קאָמענדאנטס אדיוטאנט. פרויענ זיינענ געפאָרנ אינ דאָרפ אויסביטנ וווייצ, קארטאָפל, הירזש, האָבנ געזידלט די דייטשישע שאָפערנ, וואָס רייסנ די הויט פאר ארייבערפירנ דאָס ביסל אָרעמקייט. די ארבעטס=בירזשע האָט צעשיקט הונדערטער צע=

לעג, אונ צו דער סטאַנציע זײַנענ געגאַנגענ מײדלעכ אונ באָכערימ מיט זעקלעכ אונ פּעקלעכ אַפֿ דײַטשישער קאַטאָרגע.

אינ שטאָט האָט זיכ געעפֿנט א דײַטשישער קינאָ, שאַנדהײַזער פֿאַר אָפֿיצערנ אונ סאָלדאַטנ. אינ צענטער שטאָט האָט מענ אוועקגעשטעלט א גרויסנ געמויערטנ קלאָזעט מיט אַנ אויפֿשריפֿט אַפֿ רוסיש אונ איטאַליעניש: „גאָר פֿאַר דײַטשנ“.

איבער דער שטאָט האָט מענ געטריבנ געפֿאַנגענע, זײ זײַנענ געגאַנגענ אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, אויסגעהונגערטע, אונ פֿרויענ זײַנענ צוגעלאָפֿנ צו זײ, געגעבנ זײ שטיקלעכ ברויט, געקאָכטע קאַרטאָפֿל. די געפֿאַנגענע האָבנ זיכ געשלאָגנ פֿאַר די דאָזיקע שטיקלעכ, אונ די וואַכ האָט געמאַכט אָרדענונג אונ ניט געזשאַלעוועט דערבײַ קײנ קלעפּ. עס האָט זיכ געדאַכט, אַז די געפֿאַנגענע האָבנ שוינ פֿאַרלוירנ יעטווידע מענטשלעכע געשטאַלט, אַזוי אויסגעמאַטערט זײַנענ זײ געווענ פֿונ הונגער, דורשט, לײַז. בא אײניקע זײַנענ די פּנימער געווענ געשוואָלנ, בא אַנדערע פֿאַרקערט זײַנענ די באַקנ אײַנגעפֿאַלנ, פֿאַרוואַקסנ מיט טונקעלע, שטעכיקע האָר. אָבער ניט געקוקט אַפֿ די שרעקלעכע לײדנ, זײַנענ זײ ניט געוואָרנ קײנ פֿאַרעטער. זײ האָבנ מיט מוירעדיקנ האַס געקוקט אַפֿ די פּאָליצײ־לײַט, אַפֿ די פֿאַרעטער אינ דײַטשישע אוניפֿאָרמעס. אונ דער האַס איז געווענ אַזוי גרויס, אַז ווענ מע לײגט זײ פֿאַר אויסקלײַבנ, וואָלטנ זיכ זײערע הענט א צי געטאָנ ניט צומ לאַבנ ברויט, נאָר צומ גאָרגל פֿונ א פֿאַרעטער.

אינדערפֿרי פֿלעגנ גרופּעס פֿרויענ אונטער דער וואַכ פֿונ סאָלדאַטנ אונ פּאָליצײַלײַט גײנ צו דער אַרבעט אַפֿ אַעראָדראָמענ, בריקנ, וועגנ, אײַזנבאַנ. פֿאַרבײַ זײ פֿלעגנ גײנ פֿונ מײַרעוו אַפֿ מיזרעכ עשעלאָנענ מיט טאַנקענ אונ באָמבעס, פֿונ מיזרעכ אַפֿ מײַרעוו זײַנענ געגאַנגענ גאַנצע צוגנ מיט ווייצ, פֿי, פֿאַרהאַקטע פֿראַכט־וואַגאָנעס מיט מײדלעכ אונ באָכערימ.

פֿרויענ, זקײנימ, קלײנע קינדער — אַלע האָבנ קלאָר פֿאַרשטאַנענ, וואָס עס קומט פֿאָר, וואָס פֿאַר א גורל די דײַטשנ האָבנ צוגעגרײט פֿאַרנ פֿאָלק אונ צוליב וואָס זײ האָבנ אָנגעהויבנ די דאָזיקע שרעקלעכע מילכאָמע.

* * *

ווענ די אַלטע וואַרוואַרע אַנדרײעוונע איז אינ אײנעמ א שײנעמ פֿרימאָרגנ צוגעגאַנגענ אינ הויפֿ צו ראָזענטאַלנ אונ האָט אימ ווײנענדיק געפֿרעגט:

— וואָס טוט זיכ דאָס אַפֿ דער וועלט, זײדעניו? — האָט זיכ דער לערער אומגעקערט צו זיכ אינ צימער אונ געזאָגט:

— נו, אינ א טאָג — צוויי אַרומ וועלנ שוינ די דײַטשנ מאַכנ די ייִדנ א בלוטבאָד, צו שרעקלעכ איז געוואָרנ דאָס לעבנ אַפֿ אוקראַיִנע...

— וואָס פֿאַר א שײַכעס האָבנ דערצו די ייִדנ? — האָט געפֿרעגט וואָראָנענקאָ.

— וואָס הײסט — וואָס פֿאַר א שײַכעס. די גרעסטע, — האָט געזאָגט דער לערער. — די פֿאַשיסטנ האָבנ געשאַפֿנ אַנ אַל־אײראָפּײִשע קאַטאָרגע, אונ כּדי די קאַטאָרזשאַנעס זאָלנ זײַנ האַכנאָעדיק אונ געהאָרכזאַמ, האָבנ זײ אויפֿגעבויט א גיגאַנטישנ לײטער פֿונ אונטערדריקונג. די האָלענדער לעבנ זיכ ערגער ווי די דענער, די פֿראַנצויזנ — ערגער ווי די האָלענדער, די טשעכנ — ערגער ווי די פֿראַנצויזנ, נאָכ ערגער איז די גריכנ, סערבנ, דערנאָכ — פּאָליאַקנ, נאָכ נידעריקער זײַנענ די אוקראַיִנער, רוסנ, דאָס זײַנענ אַלצ שטאַפּלענ פֿונ דעמ קאַטאָרזשנעמ לײטער. וואָס נידעריקער, אַלצ שווערער איז דער יאָכ, אַלצ מער בלוט, קנעכטשאַפֿט, שווײס. נו, אונ גאָר פֿונ אונטנ, אינ אָט דער ריזיקער קאַטאָרזשנער פֿילשטאָקיקער טורמע געפֿינט זיכ דער טהאָמ, וועלכנ די פֿאַשיסטנ האָבנ צוגעגרײט פֿאַר די ייִדנ. זײער גורל דאַרפֿ שרעקנ די גאַנצע גרויסע אײראָפּײִשע קאַטאָרגע, זײער גורל דאַרפֿ זײַנ אַזוי שווידערלעכ, אַז אַלע איבעריקע קאָרבאָנעס זאָלנ זיכ שעצנ גליקלעכ, וואָס זײ זײַנענ ניט קײנ ייִדנ. אונ איצט, דוכט מיר, זײַנענ די לײדנ פֿונ די רוסנ אונ אוקראַיִנער אַזוי גרויס, אַז ס'איז געקומענ די צײַט באַווײַזנ — פֿאַראַנ נאָכ א שרעקלעכערער, נאָכ א שווידערלעכערער גורל. זײ וועלנ זאָגנ: קלאָגט זיכ ניט, זײַט גליקלעכ, שמאַלצ, וואָס איר זײַט קײנ ייִדנ ניט! דאָס איז פֿאַשעמטע אַריפֿמעטיק פֿונ אַכזאָריעס, אונ ניט קײנ סטיכישער האַס.

3

אינ הויפ, ווו עס האָט געווינט דער לערער, איז פאר דעמ כוידעש צײַט פאָרגעקומענ א היפש ביסל ענדערונגענ. דער אגראָנאָמ איז געוואָרנ דיק, מעיושעוודיק אונ שטארק גאָדלדיק בא זיכ. צו אימ פלעגנ קומענ מיט פארשיידענע הישטאדלעסנ פרויענ אונ פלעגנ ברענגענ כאמאָהאָנ. יעדנ אָוונט פלעגט זיכ דער אגראָנאָמ אָנשיקערנ, פלעגט אָנשטעלנ דעמ פאטעפאָנ אונ זינגענ: „Мой костёр в тумане светит" באמ רייִדנ פלעגט ער ארײַנשטעלנ דײַטשישע ווערטלעכ. ער פלעגט זאָגנ: „ווענ איכ גיי נאכ האוז אָדער אאופ שפאציר, בעט איכ זיכ צו מיר ניט ווענדנ מיט קיינ ביטעס". יאשקע מיכײַליוק פלעגט זיכ אינ דער היימ קימאט ניט באווײַזנ, צומ מערסטנ פלעגט ער ארומפאָרנ איבערנ ראיאָנ, כאפנ פארטיזאנער. יאשקע פלעגט געוויינלעכ קומענ אפ א פויערשנ וואָגנ אונ מיטברענגענ מיט זיכ אלדאָס גוטס: כאזער-פעטס, סאמאהאָנ. איינמאָל האָט יאשקע כויזעקדיק אונ פארשטעלט געזאָגט צו דאשע וואָראָנענקאָ: — אינגיכנ וועסטו שוינ ניט לײַדנ פונ ענגשאפט. כ'האָב שוינ געזענ שטעט, וואָס מע האָט אָפגערייניקט ווי נאָר א ווינקעלע...

דאשע האָט דערציילט וועגנ דעמ אינ דער היימ. די אלטע ווײַסמאנ האָט זיכ ביטער צעוויינט.

באטאָג איז צומ לערער ארײַנגעקומענ דאָקטער ווײַנטראוב. ער האָט דערלאנגט דעמ לערער א קליינ פלעשעלע, פארמאכט מיט א פעסטנ גלעזערנעמ פראָפנ.

— ס'איז גענוג קאָנצענטרירט,— האָט ער געזאָגט,— מײַנ שטאנדפונקט האָט זיכ געענדערט. לעצטנס בינ איכ געקומענ צומ באשלוס, אז דאָס דאָזיקע איז א נייטיקער אונ נוצלעכער מעדיקאמענט.

דער לערער האָט לאנגזאמ א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ.

— א שיינעמ דאנק,— האָט ער טרויעריק א זאָג געטאָנ,— מײַנ שטאנדפונקט האָט זיכ אָבער לעצטנס אויכ געענדערט. איכ האָב זיכ באשלאָסנ אָפזאָגנ פונ דער דאָזיקער רעפועע.

— פארוואָס?— האָט פארווונדערט א פרעג געטאָנ ווײַנטראוב,— פאר מיר וועט שוינ קלעקנ. גערעכט זײַט איר געווענ, ניט איכ. אפ די צענטראלע גאסנ איז מיר פארבאָטנ זיכ צו ווײַזנ, מײַנ ווײַב איז אונטער טויט-שטראָפ פארווערט צו באווײַזנ זיכ אפנ מארק, מיר מוזנ אלע טראָגנ דאָס בענדל, אונ ווענ איכ גיי דערמיט ארויס אפנ גאס, קוועטש עס מיר די האנט ווי מיט צוואנגענ. אפילע די קאטאָרגע אינ דײַטשלאנד איז, לאָזט זיכ אויס, א צו גרויסער קאָוועד פאר אונדז. איר האָט געהערט, ווי עס ארבעטנ דאָרט די אומגליקלעכע מיידלעכ אונ יינגלעכ? אָבער די ייִדישע יוגנט נעמט מענ ניט אהינ, הייסט עס, אז אונדזער יוגנט, אונדז אלעמענ דערווארט עטוואָס אזוינס, וואָס איז נאָכ ערגער, ווי די דאָזיקע שרעקלעכע קאטאָרגע. וואָס אזוינס דאָס וועט זײַנ — ווייס איכ ניט. וואָס זשע דארפ איכ ווארטנ? איר זײַט גערעכט. איכ וואָלט אוועק צו די פארטיזאנער. מיט מײַנ בראָנכיאלער אסטמע איז עס אָבער נאָר א כאָלעמ.

— אונ איכ בינ פאר אָט די שוידערלעכע וואָכנ, וואָס מיר האָבנ זיכ ניט געזענ,— האָט געזאָגט דער לערער,— געוואָרנ אנ אָפטימיסט.

— וואָס?— האָט דערשראָקנ איבערגעפרעגט ווײַנטראוב,— אנ אָפטימיסט? זײַט מויכל, נאָר מיר דאכט, איר זײַט אראָפ פונ זינענ.

— איר האָט מיכ ניט פארשטאנענ,— האָט געזאָגט דער לערער.— מער פונ אלצ האָב איכ מוירע געהאט פאר איינ זאכ. ניינ, ניט מוירע געהאט, מער ווי מוירע געהאט, א קאלטער שוויס האָט מיכ באשלאָגנ נאָר פונ דעמ געדאנק אליינ, אז, פארשטייט איר מיכ, די פאשיסטנ האָבנ ריכטיק אויסגערעכנט, אז זיי וועלנ קיינ טאָעס אינ כעזשבנ ניט האָבנ. איכ האָב שוינ גערעדט וועגנ דעמ מיט וואָראָנענקאָ. איכ האָב מוירע געהאט, א פאכעד איז מיר באפאלנ, כ'האָב ניט געוואָלט דעמ טאָג, די שאָ דערלעבנ. שוינ זשע מיינט איר, אז די פאשיסטנ האָבנ סטאמ אינ דער וועלט ארײַנ פארקאָכט די דאָזיקע בלוטיקע קאשע פונ אויסראָטנ א פילמיליאָניק פאָלק? דערינ שטעקט א קאלטע, מאטעמאטישע אויסרעכענונג. זיי וועקנ אופ אינ מענטשנ בלויז

דאָס פּינצטערע, די אַלטע באָבעמײַסעס, זיי צעבלאָזנ האָס, לעבנ אויפ אַלטע פאָרור־טיילנ. דערינ איז זייער קראַפט. צעטיילנ, אָנהעצנ אונ הערשנ! אָנהעצנ איינ פאָלק אַפנ צווייטנ, די פאַרשקלאַפטע פעלקער אַפ די פעלקער, וואָס האָבנ אײַנגעהיט זייער פרײַהײַט, די פעלקער פונ דער זײַט אָקעאַנ אַפ די פעלקער טעייווער לאַיאַמ, אונ אַלע פעלקער פונ דער גאַנצער וועלט אַפנ ייִדישנ פאָלק. אָנהעצנ אונ הערשנ! אונ וויפיק איז דענ אַפ דער וועלט פאַראַנ פינצטערניש אונ שלעכטס, ווייניק פאָרורטיילנ אונ אָבערגלויבענישנ? אונ זיי האָבנ יאָ א טעם געהאַט אינ כעזשבנ. זיי האָבנ געוואָלט צעבלאָזנ האָס, אונ ס'איז געבוירנ געוואָרנ מיטגעפיל. זיי האָבנ געוואָלט אַרויסרופנ שאָדנפרייד, פאַרביטערונג, זיי האָבנ געוואָלט פאַרמינקלענ דעמ פאַרשטאַנד פונ גרויסע פעלקער. אונ איכ האָב אַליינ מיט מײַנע אייגענע אויגנ געזענ, אַפ זיכ אַליינ געפילט, אַז דער שרעקלעכער גוירל פונ די ייִדנ רופט אַרויס בא די רוסנ אונ אוקראַאינער בלויז צאַר אונ מיטגעפיל, אַז, אַליינ געיאָגטע אונ געפּלאָגטע פונעמ דײַטשישנ אָקופאַנט, זענענ זיי צו העלפנ מיט וואָס נאָר מע קאָנ. מע פאַרווערט אונדז צו קויפנ ברויט, גיינ אַפנ מאַרק נאָכ מילכ, טוענ דאָס פאַר אונדז גערנ אונדזערע שכיינעס, צענדליקער מענטשנ קומענ צו מיר אונ אייצענ ווי אונ וווּ זיכ בעסער צו באַהאַלטנ. איכ זע מיט־געפיל בא פילע. איכ זע, פאַרשטייט זיכ, אויכ גלײַכגילט. נאָר קאַס אונ פרייד איבער אונדזער אומקומ האָב איכ געזענ בלויז דריי—פיר מאָל. אָט ווו די דײַטשנ האָבנ א טאָעס געהאַט אינ כעזשבנ. די כעזשבנ־פירער האָבנ געמאַכט א פאַלשנ כעזשבנ. מײַנ אָפטימיזמ טריומפירט.

— דאָס אַלצ איז ריכטיק, — האָט געזאָגט ווינטראַוב אונ א קוק געטאָנ אַפנ זייגער, — כ'מוז אָבער גיינ. דער ייִדישער טאָג ענדיקט זיכ, שוינ האַלב פיר... מער וועלנ מיר זיכ שוינ מיסטאָמע ניט זענ. — ער איז צו צומ לערער אונ האָט געזאָגט. — קאָמיר זיכ געזעגענענ, מיר קענענ דאָכ איינער דעמ אַנדערנ שוינ קאָרעוו פופציק יאָר. איכ דאַרפ אײַכ ניט לערנענ, וואָס איר האָט צו טאָנ אינ אַזוינע מינוטנ.

זיי האָבנ זיכ אַרומגענומענ אונ צעקושט, אונ די פרויענ, וואָס האָבנ געקוקט אַפ זייער געזעגענונג, האָבנ געוויינט.

א סאַכ געשעענישנ זײַנענ זיכ פאַרלאָפנ יענעמ טאָג. מיט א טאָג פריִער האָט וואָראָנענקאָ פאַר א גלאָז פאַסאָלעס אונ צוויי גלעזער קערלעכ אויסגעביטנ בא ייִנג־לעכ צוויי האַנט־גראַנאַטעס „פ־1".

קיינער האָט ניט געזענ, ווי ער איז אַוועק פונ דער הײמ. באַמ ראָג האָט ער זיכ אַפ א רעגע אָפגעשטעלט, נאָכאַמאָל א קוק געטאָנ אַפנ הויז, וווּ עס זײַנענ געבליבנ זײַנ ווײַב אונ קינד, אונ איז אַוועק צו דער קאָמענדאַטור. מער האָט ער ניט געזענ ניט דאָס ווײַב, ניט דעמ זונ. אויכ דער אַגראָנאָמ האָט זיכ ניט אומגעקערט אַהיימ. דער איינפיסיקער לייטענאַנט האָט אַרײַנגעשליידערט א גראַנאַטע אינעמ פענצטער פו־נעמ קאָמענדאַנטס אופנעמ־צימער, וווּ עס האָבנ זיכ געהאַט פאַרזאַמלט די קוואַר־טאַל־באַפולמעכטיקטע צו באַקומענ נײַע אינסטרוקציעס. דער קאָמענדאַנט איז אינ דעמ מאָמענט גראָד ניט געווענ אינ דער הײמ, ער האָט שפּאַצירט אינ גאָרטנ, ווי עס האָט אימ געייצעט דער דאָקטער מיטנ אײַזערנעמ קרייצ אַפנ מונדיר. יעדנ טאָג — א פערציק־מינוטיקער שפּאַציר איבערנ סאָד אונ א קורצער אָפרו אַפנ בענקעלע.

אינדערפרי האָט א פּאָליציאַנט אַרויסגעטריבנ די געריכטע לידע ווײַסמאַנ צונע־מענ די טויטע קערפּערס פונ דעמ דאָקטער ווײַנטראַובס מישפּאָכע, וואָס האָט זיכ די נאַכט אָפגעסאַמט.

די מייס'מ האָט מענ געפירט איבער אַלע גאַסנ. די דאַרע אַלטע שקאַפע האָט זיכ אָפגעשטעלט אַפ יעדנ ראָג, פונקט ווי די טויטע זאָלנ זי בעטנ זיכ אָפשטעלנ, קעדיי זיי זאָלנ נאָכאַמאָל קאָנענ א קוק טאָנ אַפ דער שטאָט.

די פאַציענטנ האָבנ דורכ די פענצטער, טירנ אונ טויערנ געקוקט אַפ דעמ דאָק־טערס לעצטער נעסיע. קיינער האָט, פאַרשטייט זיכ, ניט געוויינט, ניט אָראָפּגענומענ כ'היטל, ניט געזעגנט זיכ מיט אימ. אינ די דאָזיקע ביטערע צײַטנ האָבנ בלוט, ליידנ אונ טויט אַפ קיינעמ קיינ אײַנדרוק ניט געמאַכט, מענטשנ זײַנענ דערשיטערט גע־וואָרנ נאָר פונ ליבע אונ גוטסקײַט.

די שטאָט האָט איצט ניט געדאַרפט קיינ דאָקטער. ווער וועט זיכ עס גייג היילג איג אזא צייט, ווענ געזונט איז פּאָשעט א שטראָף פונ גאָט. סוכאָטע, פּאַראַליטש, א שווערע גריזשע, געפּערלעכע האַרצ־קראַנקייטנ, בייזע געשווירנ האָבנ געראַטעוועט פונ אויסשעפּנדיקער אַרבעט, פונ דייטשישער קאַטאָרגע. האָט מענ וועגנ קראַנקענ געטרוימט, געבעטנ גאָט, ער זאָל אָנשיקנ א קראַנק. דעם טויטנ דאָקטער האָט מענ באַגלייט אָנגעכמורעט אונ שווייגנדיק. בלויז די אַלטע ווייסמאַנ האָט זיכ צעכליפּעט, ווענ די פור איז פאַרבייגעפאָרנ פאַרביי דעם טויער — נעכטנ, ווענ דער דאָקטער איז זיכ געקומענ געזעגענענ מיטנ לערער, האָט ער געבראַכט פאַר דער קליינער קאַטיע א קילאָ רייז, א פּעקעלע קאַקאַאָ אונ צוועלף שטיקלעכ צוקער. ער האָט גוט געהיילט מענטשנ, דער דאָקטער ווייגנטראוב, ער האָט אָבער גיט ליב געהאַט צו היילנ אָנ געלט. קיינעמ האָט ער נאָכ קיינמאָל ניט געגעבנ אזא פיינע מאַטאָנע.

ערשט איצאָווענט האָט זיכ אומגעקערט לידע ווייסמאַנ.

זי האָט געזאָגט, אז דער דאָקטער אונ די דאָקטערשע זיינענ געווענ זייער שווערע, אז די ערד איז געווענ זייער א שטיינערדיקע אונ האַרטע, נאָר צום גליק, האָבנ די דייטשנ דערלויבט גראָבנ גיט טיפ. זי האָט זיכ באַקלאָגט, אז מיט דער לאָפּעטע האָט זי צעקלאַפּט א קנאָפּל אונ צעריסנ דאָס קליידל. עס האָט בא איר געקלעקט סייכל, אונ עפּשער כיטרעקייט פונ א מעשוגענעמ, ניט צו זאָגנ דאַשענ, אז באַמ ראַנד שטאָט הענגט וויקטאָר וואָראָנענקאָ.

נאָר ווענ דאַשע איז אַרויס, האָט זי באַדאַכט אונ שטיל געזאָגט:

— וויקטאָר הענגט דאָרט, ער וויל מיסטאמע שטאַרק טרינקענ — דאָס מויל איז אָפנ אונ די ליפּנ — אינגאַנצנ אויסגעטריקנט.

פאַרנאַכט האָט ראָזענטאַל אוועקגעשטעלט אפנ טיש די לייכטער, אַרויסגענומענ פונ שאַפע צוויי ליכט. זיי זיינענ געווענ איינגעוויקלט איג בלוי פּאַפּיר. ער האָט זיי די גאַנצע צייט ניט גענוצט, איצט האָט ער אָנגעצונדנ ביידע מיטאַמאָל. ער האָט גענומענ א טיש־קעסטל, וואָס איז אַלעמאָל געווענ פאַרמאַכט, האָט אַרויסגענומענ פּעקלעכ אַלטע בריוו, פאָטאָגראַפיעס. ער האָט אָנגעטאָנ די ברילנ, זיכ אוועקגעזעצט צום טיש אונ גענומענ לייענענ די בריוו, געשריבענע אפנ בלויענ אונ ראָזעווענ פּאַפּיר, וואָס האָט שוינ אָפּגעבליאַקעוועט פונ לאַנגנ ליגנ.

די אַלטע ווייסמאַניכע איז שטיל צוגעגאַנגענ צו אים.

— אפ ווי לאַנג וועלנ אייכ קלעקנ די ליכט? — האָט זי געפרעגט.

— כ'מיינ, אפ צוויי נעכט, — האָט געזאָגט דער לערער.

— היינט אונ מאָרגנ?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט, — אפ מאָרגנ אויכ.

— אונ איבערמאָרגנ וועט זיינ פינצטער?

— יאָ, איבערמאָרגנ, רעכנ איכ, וועט זיינ פינצטער.

זי האָט ווינציק וועמענ געגלויבט, אָבער ראָזענטאַלנ האָט מענ געמעגט גלייבנ.

זי האָט לאַנג געקוקט אפנ פענעמל פונעמ שלאָפנדיקנ אייניקל אונ האָט שטרענג געפרעגט:

— זאָגט, וואָס איז דאָס קינד, נעבעכ, שולדיק?

ראָזענטאַל האָט זי אָבער גיט געהערט. ער האָט געלייענט אַלטע בריוו.

יענע נאַכט האָט ער זיכ געגריבלט איג זיינע זיכרוינעס. ער האָט זיכ דערמאָנט אָנ די הונדערטער מענטשנ, וואָס זיינענ אדורכ דורכ זיינ לעבנ, די לערער אונ די שילער, די סאָנימ אונ די פריינט, ער האָט זיכ דערמאָנט אָנ די ביכער אונ הייסע שטרייטנ פונ די סטודענטישע יאָרנ, אָנ דעם ביטערנ סאָפ פונ דער גרויסער ליבע, וואָס ער האָט איבערגעלעבט זעכציק יאָר צוריק אונ וואָס האָט אויסגעשפּרייט איר קאַלטנ שאָטנ אפ זיינ גאַנצ לעבנ, ער האָט זיכ דערמאָנט אָנ די יאָרנ פונ וואַנדערונגענ אונ יאָרנ פונ אַרבעט, זיכ דערמאָנט אָנ די נעשאָמע־וואַקלונגענ — פונ לייד נשאַפטלעכער עקסטאַטישער רעליגיעזקייט ביז קלאָרנ, קאַלטנ אַטעיִזמ. דאָס אַלצ האָט אָפּגערוישט, געבליבנ איג דער וויטער פאַרגאַנגענהייט. יאָ, געוויס, זיינ לעבנ איז אימ גיט געלונ־

גענ, ער האָט א סאַכ געטראַכט, אָבער ווייניק אויפגעטאָנ, פופציק יאָר איז ער געווענ א לערער אינ א קליינ, גודנע שטעטעלע. אַמאָל האָט ער געלערנט די קינדער פונ דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער שול, דערנאָכ, נאָכ דער רעוואָליוציע, האָט ער אונטעריכט אַלגעברע אונ געאָמעטריע אינ דער צעניאָריקער שול. אונ געדאַרפט האָט ער נאָר לעבנ אינ דער הויפּט=שטאָט, דרוקנ זיכ אינ צייטונגענ, שטרייטנ מיט דער גאַנצער וועלט.

אינ יענער נאַכט האָט אימ אָבער גיט באַנק געטאָנ דאָס גיט איינגעגעבענע לעבנ זיינס. אינ יענער נאַכט האָבנ אימ צומ ערשטנ מאָל אינ לעבנ אויפגעהערט אָנגיינ די מענטשנ, וואָס זיינענ שויג לאַנג אוועק פונ לעבנ. ליידנשאַפטלעכ האָט ער איצט געוואָלט נאָר איינס — דערזעג דעמ וונדער, וואָס ער האָט דעמ גאַנצנ לעבנ גיט געקאָנט פאַרשטיינ — דעמ וונדער פונ ליבע. ער האָט זי גיט געוווּסט — קינדווייז האָט ער זיכ דערצויגנ, נאָכ דער מוטערס טויט, בײַ א פעטער, אינ דער יוגנט האָט ער פאַרזוכט די ביטערקייט פונ פרויענ=פאַראַט. דאָס גאַנצע לעבנ האָט ער אָפּגעלעבט אינ א וועלט פונ איידעלע געדאַנקענ אונ פאַרגינפטיקער אויפירונג. אונ איצט האָט זיכ אימ געוואָלט, אז עמעצער זאָל צוגייג צו אימ אונ אימ זאָגנ: „דעקט אייג די פיס מיט א שאַל, עס בלאָזט פונ דיל, עס וועט אייכ כאָלילע שאַטנ צומ רעוומאַטיזמ". עס האָט זיכ אימ געוואָלט, מע זאָל אימ זאָגנ: „נאָכוואָס האָט איר הײַנט געטראָגנ וואַסער פונ ברונעמ, איר האָט דאָכ א קראַנק האַרצ". ער האָט געוואָרט, אז איינע פונ די פרויענ, וואָס זיינענ געלעגנ אַפּ דר'ערד, זאָל צוגייג צו אימ אונ זאָגנ: „לייגט זיכ שלאָפנ, איר טאָרט גיט זיצנ אזוי שפּעט". קיינער איז דאָכ קיינמאָל גיט צוגעגאַנגענ צו זיינ בעט פאַריכטנ די קאָלדרע אונ זאָגנ: „אזוי וועט זיינ וואַרעמער".

ער האָט קלאָר געוווּסט — עס וועט אימ אויסקומענ צו שטאַרבנ אינ א צייט, ווענ עס הערשנ די געזעצנ פונ שלעכטס, ברוטאַלער קראַפט, אויסערלעכער גראָשנדיקער צוועקמעסיקייט, וואָס אינ איר נאָמענ ווערנ אָפּגעטאָנ די שווידערלעכסטע פאַרברעכנס, אז די דאָזיקע געזעצנ הערשנ איצט איבערנ לעבנ אונ דיקטירנ די אויפירונג גיט נאָר פונ דעמ זיגער, נאָר אויכ פונ די מענטשנ, וואָס זיינענ ארונטערגעפאַלנ אונטער זיינ מאַכט. גלייכגילטיקייט — אָט דאָס איז דער גרעסטער סוינע פונ לעבנ. אינ אָט די שרעקלעכע טעג איז אימ באַשערט צו שטאַרבנ.

אינדערפרי איז געמאָלדנ געוואָרנ, אז די יידנ, וואָס וווינענ דאָ אינ שטאָט, דאַרפנ מאָרגנ, 6 אזייגער אינדערפרי זיכ פאַרזאַמלענ אַפּנ פּלאַצ לעבנ דער דאַמפ=מיל. מע וועט זיי אַלעמענ אוועקשיקנ אינ די מיזרעוו=ראַיאָנענ פונ דער אָקופּירטער אוקראַינע, וווּ עס ווערט איינגעאָרדנט פונזייערטוועגנ א ספּעציעלע געטאָ. זאַכנ איז באַפוילנ געוואָרנ צו נעמענ פונקט 15 קילאָגראַמ. קיינ עסנ האָט מענ גיט געהייסנ מיטנעמענ, ווייל די מיליטער=קאָמאַנדשאַפט באַזאָרגט אינ וועג מיט שפּייז.

4

א גאַנצנ טאָג האָט זיכ באַמ לערער אינ צימער גיט צוגעמאַכט די טיר. עס זיינענ געקומענ שכיינימ זיכ מעיאַשעוו זיינ, פרעגנ, וואָס מיינט ער וועגנ דעמ באַפעל. עס איז געקומענ דער אַלטער שוסטער באָרעכ, א מענטש מיט א שאַרפער אונ א ביי־זער צונג, א מייסטער פונ זיינ פאַכ, עס איז געקומענ דער מוליער מענדל, א שווינער אונ א פילאָסאָפ, עס איז געקומענ דער בלעכער לייבע, א טאַטע פונ נײַנ קינדער, עס איז געקומענ דער ברייטפּלייציקער ארבעטער מיט די לאַנגע גרויע וואָנצעס — דער שמיד כאַימ קוליש.

זיי האָבנ שוינ אַלע געהערט, אז די דײַטשנ האָבנ אינ א סאַכ שטעט ארויסגעגעבנ אזוינע באַפעלנ וועגנ יידנ, קיינער האָט נאָכ אָבער קיינמאָל אונ אינערגעצ גיט געזענ קיינ עשעלאָנ יידנ, גיט באַגעגנט קיינ קאָלאָנעס אַפּ וויימטע וועגנ, גיט באַקומענ קיינ ידיעס וועגנ דעמ לעבנ אינ אָט די געטאָס. אַלע האָבנ זיי געהערט וועגנ דעמ, אז אינ א סאַכ ערטער האָבנ מענטשנ געזענ, ווי קאָלאָנעס יידנ גייענ פונ די שטעט צו די באַנ=סטאַנציעס, גיט מיט די ברייטע גריידערס, גיט מיט די שאָסייענ, מע פירט

די ייִדנ אַרויס הינטערנ שטאָט, צו די יאַרנ אונ רויענ, צו די זומפּנ אונ פֿאַרוואָרפֿענע קאַלכ=גריבער. אַלע האָבנ זיי געהערט, אַז אינ עטלעכע טעג אַרומ נאָכ דעמ, ווי די ייִדנ גייענ אַוועק, ברײַנ אויס די דײַטשישע סאָלדאַטנ אַפ די מערק קליידער, קינדערשע זאַכנ, טופּל אַפ האָניק, סמעטענע, אייער. אונ די אײַנוווינער דערציילנ איינער דעמ אַנדערנ בעסאָד: „דער דײַטש האָט הײַנט געבראַכט צו ביַיטנ דעמ וואָלענעמ דזשעמפּער, וואָס מײַנ שאָכנטע סאָניע האָט געטראָגנ אינ דעמ טאָג, ווענ מע האָט זיי אַרויסגעפֿירט פֿונ שטאָט“, „דער דײַטש האָט געבראַכט צו ביַיטנ די סאַנדאַליעס פֿונ דעמ ריגער עוואַקויִרטנ ייִנגעלע“, „דער דײַטש האָט געוואָלט באַקומענ דרײַ קילאָ האָניק פֿאַר דעמ אינזשענער קוגעלס אָנצוג“.

זיי האָבנ געוווּסט, זיי האָבנ פֿאַרשטאַנענ, וואָס עס דערוואַרט זיי. נאָר טיפֿ אינ האַרצנ האָבנ זיי ניט געגלויבט. צו מעשונעדיק האָט אויסגעזעענ דער דאָזיקער פּלאַנ פֿונ אויסהאַרגענענ אַ פֿאָלק. אויסהאַרגענענ אַ פֿאָלק! קיינעמס האַרצ האָט ניט געוואָלט דערינ גלייבנ.

אונ דער אַלטער באָרעכ האָט געזאָגט:

— ווי קאָנ מענ עס האַרגענענ אַ באַלמעלאָכע, וואָס מאַכט אַזוינע שיכ, אַז מע וואָלט זיכ מיט זיי ניט פֿאַרשעמט אינ פּאַריז אַפ דער אויסשטעלונג.

— מע קאָנ, מע קאָנ, — האָט געזאָגט דער מוליער מענדל.

— נו, רעכט, — האָט געזאָגט דער בלעכער לייבע, — נו, דאַרפֿנ זיי ניט מײַנע משײַניקעס, טעפּ, פּאַנענ, נו, איז וואָס? דאַרפֿ מענ דעריבער אויסקוילענ מײַנע נײַנ קינדער?

אונ דער אַלטער ראָזענטאַל האָט געשוויגנ, געהערט אונ געטראַכט: גאָט האָט ער געטאָנ, וואָס ער האָט קיינ סאַמ ניט אײַנגענומענ. אַ לעבנ לאַנג האָט ער אָפּגעלעבט מיט אָט די מענטשנ, מיט זיי אינײַנעמ דאַרפֿ ער שוינ אויסלעבנ זײַנ ביטערע לעצטע שאָ.

— מע וואָלט זיכ באַדאַרפֿט אַריבערכאַפּנ אינ וואַלד, — האָט געזאָגט דער שמיד קוליש, — איז ווענ איז דאָס גערעדט, ווענ די פּאָליציאַנטנ זאָלנ אונדז ניט נאָכגייענ פּוסטריט. הײַנט איז שוינ דרײַ מאָל געווענ דער קוואַרטאַל=באַפֿולמעכטיקטער. איכ האָב געשיקט ס׳ייִנגל צומ שווער, איז דער באַלעבאָס פֿונ אימ ניט אָפּגעטראָטנ. ער האָט מיר געזאָגט פּאַשעט אונ פּראָסט: „אינ פּאָליציי האָט מענ מיר געזאָגט, טאָמער וועט אײַנ ייִנגל פֿעלנ אַפֿנ פּלאַצ, וועסטו מיטנ קאָפּ באַצאָלנ, דו ביסט דער הויזווירט“.

— נו, מײַלע, — האָט געזאָגט מענדל דער מוליער, — וואָס באַשערט, דאָס באַווערט. אַ שאָכנטע האָט געזאָגט מײַנ יאַשקענ: „דו ביסט גאָר ניט ענלעכ צו קיינ ייִדנ, לויפֿ אינ דאָרפֿ אַרײַנ“. האָט איר מײַנ יאַשקע געענטפֿערט: „איכ וויל זײַנ ענלעכ צו אַ ייִדנ, וווּהינ מע וועט פֿירנ מײַנ טאַטנ, אַהינ וועל איכ גיינ“.

— איינס קאָנ איכ זאָגנ, — האָט אַ בורטשע געטאָנ דער שמיד, — טאָמער וועט שוינ באַשערט זײַנ צו שטאַרבנ, וועל איכ ניט גיינ ווי אַ שאָפּ צו דער אַקיידע.

* *
*

אינאָוונט האָט דער מאַיאָר ווערנער אופֿגענומענ דעמ פֿאָרשטייער פֿונ געסטאַפּאָ בעקערנ.

— אַבי נאָר דורכפֿירנ אָרגאַניזירט די מאָרגנדיקע אָפּעראַציע, וועלנ מיר אָפּכאַפּנ דעמ אָטעמ, — האָט געזאָגט בעקער, — כ׳האָב שוינ ניט קיינ קויעכ צו די ייִדנ. יעדנ טאָג עקסצעסנ: פֿינפֿ זײַנענ אַנטלאָפֿנ, פֿאַראַנ יעדיעס, אַז צו די פּאַרטיזאַנער; אַ מישפּאָכע איז באַגאַנגענ זעלבסטמאָרד; דרײַענ האָט מענ פֿאַרהאַלטנ פֿאַר אַרומגיינ אָנ בענדלעכ; אַפֿנ מאַרק האָט מענ געפּאַקט אַ ייִדישע פֿרוי בא קויפֿנ אייער, ניט געקוקט אַפֿנ קאַטעגאָרישנ פֿאַרבאָט צו באַווײַזנ זיכ אַפֿנ מאַרק; צווייענ זײַנענ אַרעסטירט געוואָרנ אַפ בערלינער=שטראַסע, כאָטש זיי האָבנ אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז איבער דער צענטראַלער גאַס איז זיי פֿאַרבאָטנ אַרומצוגיינ; אַכט ייִדנ האָבנ אַרומגעשפּאַצירט איבער דער שטאָט נאָכ פֿיר אַזייגער באַטאָג; צוויי מיידלעכ האָבנ גע=

מאכט א פרווו צו באהאלטנ זיכ אינ וואלד בייסנ מארש צומ ארבעטס־פלאצ. דאָס זיינענ אלצ, נאטירלעכ, קלייניקייטנ, נאָר — נערווג זיינענ נערווג.

— ווי איז די אָרדענונג פונ דער אָפּעראציע?

בעקער האָט אויסגעווישט מיט זאמשע די פענסנע.

— די אָרדענונג איז פאנאנדערגעארבעט גיט דורכ אונדז. אינ פוילנ האָבנ מיר, נאטירלעכ, געהאט גרעסערע מעגלעכקייטנ אָנצוווענדנ ענערגישע מיטלענ. אָנ זיי איז טאקע אומעגלעכ זיכ צו באגיינ, עס האנדלט זיכ דאָכ וועגנ סטאטיסטישע ציפער מיט א סאָלידער צאָל נולנ. דאָ זיינענ אנדערע באדינגונגענ. עס לאָזט זיכ פילנ די נאָענטקייט פונ פראָנט. די לעצטע אינסטרוקציע דערלויבט אָפּצוטרעטנ פונ די פאראגראפנ אונ צופאסנ זיכ צו די אָרטיקע באדינגונגענ.

— וויפל מאָלדאטנ דארפט איר האָבנ? — האָט געפרעגט ווערנער.

בייסנ שמועס האָט זיכ בעקער געהאלטנ אויסערגעווייגלעכ סאָליד. פיל סאָלידער, ווי געוויינלעכ. אונ אפילע דער קאָמענדאנט ווערנער האָט געשמועסט מיט אימ מיט א מאָדנעמ געפיל פונ אינערלעכער מוירע.

— מיר אָרגאניזירנ די זאכ אפ אזא אויפנ, — האָט געזאָגט ווערנער, — צוויי קאָמאנדעס — א צעשיסערישע אונ א באוואכערישע. די צעשיסערישע — א מענטשנ פופצנ — צוואנציק, אומבאדינגט פרייוויליקע. די באוואכערישע דארפ זיינ פארהעלטנים־מעסיק גרויס, ארויסגייענדיק פונ דעמ כעזשבנ — איינ סאָלדאט אפ פופצנ יידנ.

— פארוואָס? — האָט געפרעגט דער קאָמענדאנט.

— די פראקטיק באווייזט: אינ דעמ מאָמענט, ווענ די קאָלאָנע זעט, אז איר מארשרוט גייט פארביי דער אייזנבאנ אונ די שאָסיי־וועגנ, הייבט זיכ אָנ א פאניק, היסטעריקעס. א סאכ פרווונ לויפנ. אָבער ביז די ארבעט איז גיט פארענדיקט, האָט די באוואכערישע קאָמאנדע אויכ גיט ווייניק צו טאָנ. איר פארשטייט אלייג, צווישנ די יידנ איז פאראנ א היפשער פראָצענט מאנצבלענ.

— וויפל זשע צייט וועט עס אָפּנעמענ — האָט געפרעגט ווערנער.

— טויזנט מאנ בא א געניטנ אָרגאניזאטאָר — גיט מער פונ א דריטהאלבנ שאָ. דאָס וויכטיקסטע איז — קענענ פאנאנדערטיילנ די פונקציעס, צעשטעלנ אונ צוגרייטנ די גרופע, רעכטצייטיק ברענגענ זי צו פירנ. די אָפּעראציע גופע דויערט גיט לאנג.

— וויפל זשע סאָלדאטנ דארפט איר פונדעסטוועגנ האָבנ?

— מינימום, הונדערט, — האָט ענערגיש געענטפערט בעקער.

ער האָט א קוק געטאָנ אינ פענצטער אונ צוגעגעבנ:

— דער וועטער האָט אויכ א באדייטונג. כ'האָב זיכ אינפאָרמירט באמ מעטעאָראָלאָג. מאָרגנ אינ דער ערשטער העלפט, רעכנט ער, וועט זיינ א לוימערער, זוניקער טאָג, צו אָוונט צו איז מעגלעכ א רעגנ, דאָס האָט שוינ אָבער פאר אונדז קיינ באדייטונג גיט.

— הייסט עס... — האָט אומאנטשלאָסנ אָנגעהויבנ ווערנער.

— די אָרדענונג איז אזא. איר טיילט אויס אנ אָפיצער, נאטירלעכ, א מיטגליד פונ דער נאציאָנאל־סאָציאליסטישער פארטיי. די צעשיסערישע קאָמאנדע קאָמפּלעקטירט ער אפ אזא אויפנ: „בעוורע, איכ דארפ האָבנ עטלעכע מענטשנ מיט גוטע נערווג“. דאָס דארפ מענ דורכפירנ היינט אינאָוונט אינ קאזארמע. פארשרייבנ דארפ מענ ווייניקסטנס דרייסיק, ווייל א פראָצענט צענ, ווי ס'ווייזט די פראקטיק, פאלט אָפּ. נאָכדעמ ווערט מיט יעדנ באזונדער דורכגעפירט אנ אינדיווידועלער שמועס. גלייכצייטיק ווערט לויט א צעטל קאָמפּלעקטירט די באוואכערישע קאָמאנדע. זעקס אזייגער אינדערפרי קומענ זיי אפנ פלאצ, ווו עס דארפנ זיכ פארזאמלענ די יידנ. די אָרדענונג פונ מארש: די צעשיסערישע קאָמאנדע גייט פאר דער קאָלאָנע — א מעטער דרייסיק. הינטער דער קאָלאָנע פאָרנ צוויי פורנ, ווייל אלעמאָל איז פאראנ א געוויסער פראָצענט אלטע, שוואנגערע אונ היסטערישע פרויענ, וואָס פארלירנ אינ וועג דעמ באוווסטזיינ. — ער האָט געערדט לאנגזאמ, דער מאיאָר זאָל גיט דורכלאָזנ קיינ איינ דעטאל.

— נו, דאָס איז, אייגנטלעכ, אלצ. דעמ ווײַטערדיקנ אינסטרוקטאַזש אפּנ ארבעטספּלאצ געמענ אפּ זיכ מײַנע מיטארבעטער.

מאיאָר ווערנער האָט א קוק געטאָנ אפּ בעקערנ אונ פּלוצימ א פרעג געטאָנ:

— נו, אונ די קינדער?

בעקער האָט אומצופרידנ א הוסט געטאָנ. די פראגע איז ארויס אויסער די ראַמענ פונ געשעפטלעכנ אינסטרוקטאַזש.

— איר פארשטייט, — האָט ער געזאָגט שטרענג אונ ערנסט, קוקנדיק דעמ קאָמענדאנט גלײַכ אינ די אויגנ ארײַנ,— כאָטש עס ווערט רעקאָמענדירט אָפּטיילנ זיי פונ די מוטערס אונ ארבעטנ מיט זיי באזונדער, זאָג איכ זיכ פונדעסטוועגנ אָפּ דערפונ. איר פארשטייט דאָכ אליינ, ווי שווער עס איז אָפּצורײַסנ א קינד פונ א מוטער אינ אזא טרויעריקער מינוט.

ווענ בעקער האָט זיכ אָפּגעזעגנט אונ איז אוועק, האָט דער קאָמענדאנט ארויסגערופנ זײַנ אדיוטאנט, אימ גענוי איבערגעגעבנ די אינסטרוקציע אונ האָט שטיל געזאָגט:

— פונדעסטוועגנ בינ איכ צופרידנ, וואָס דער דאָזיקער אלטער דאָקטער איז באגאנגענ זעלבסטמאָרד באצײַטנס, כ׳וואָלט געהאט שוידערלעכע געוויסנסביסנ בעגעגייע צו אימ. ער האָט דאָכ מיר געהאָלפנ. איכ ווייס ניט, צי כ׳וואָלט אָנ זײַנ הילפ זיכ דערוואַרט אפּ אונדזער דאָקטער... אונ די לעצטע טעג פיל איכ זיכ אויסגעצייכנט—כ׳שלאָפּ בעסער, דער מאָגנ טשעפּעט ניט. שוינ צוויי מענטשנ האָבנ מיר געזאָגט, אז כ׳זע אויס בעסער. מעגלעכ, אז דאָס איז פארבונדנ מיט דעמ, וואָס איכ שפּאציר יעדנ טאָג אינ סאָד, ווי דער דאָקטער האָט מיר געהייסנ. אונ די לופט איז דאָ אינ שטאָט אנ אויסגעצייכנטע, מע זאָגט, אז פאר דער מילכאָמע איז דאָ געווענ א סאנאטאָריומ פאר לונגענ־ אונ הארצ־קראנקע.

אונ דער הימל איז געווענ בלוי, אונ די זונ האָט געלויכטנ, אונ די פייגל האָבנ געזונגענ.

* * *

ווענ די קאָלאָנע ייִדנ איז פארבײַגעגאנגענ די אײַזנבאנ אונ האָט פארקערעוועט אָנ א זײַט פונ דעמ שאָסיי צו די רויענ צו, האָט דער שמיד כאַימ קוליש אָנגענומענ א פולע ברוסט מיט לופט אונ א געשריי געטאָנ הויכ אפּ איבערצושרײַענ דעמ טומל פונ די הונדערטער שפּימענ.

— נו, ייִדנ, מײַנ ווערטל איז אויס!

ער האָט א זעצ געטאָנ מיט דער פויסט איבערנ שלייפּ דעמ סאָלדאט, וואָס איז געגאנגענ לעבנ אימ, האָט אימ אוועקגעשלײַדערט, ארויסגעכאפּט בא אימ פונ די הענט דעמ אווטאָמאט אונ, ניט האָבנדיק קיינ צײַט צו באנעמענ דאָס פרעמדע, אומבאקאנטע געווער, האָט ער זיכ פארמאָסטנ מיטנ שווערנ אווטאָמאט, פונקט ווי אמאָל מיטנ האמער, אונ האָט געפּלעט מיט אימ דעמ מויעכ פונעמ אונטעראָפיצער, וואָס איז צוגעלאָפנ פונ דער זײַט. אינ דער מעהומע, וואָס האָט זיכ גלײַכ נאָכ דעמ אָנגעהויבנ, האָט די קליינע קאטיע ווײַסמאנ פארלאָרנ די מאמע אונ די באָבע אונ האָט זיכ אָנגעכאפּט פאר דעמ אלטנ ראָזנטאלס פּאָלע. ער האָט זי קוימ מיט צאָרעס אופּגעהויבנ, גענומענ אפּ די הענט אונ איר ארײַנגעפּליסטערט אינ אויער:

— וויינ ניט, קאטיע, וויינ ניט.

האלטנדיק מיט דער האנט ארומגענומענ זײַנ האלדז, האָט זי געזאָגט:

— איכ וויינ ניט, לערער!

עס איז אימ געווענ שווער זי צו האלטנ, דער קאָפּ האָט זיכ געדרייט, אינ די אויערנ האָט גערוישט, די פיס האָבנ געציטערט פונ לאנגנ גייִנ, פונ דער פּײַנלעכער אָנשטרענגונג אינ די לעצטע שאָענ.

פּלוצנ ייִדנ האָט מענ צוגעפירט צומ רוו. אייניקע פונ זיי האָט ראָזענטאל געקענט. דער מוליער מענדל דער שווײַגער, דער צאָנ־טעכניקער מייער ראַוויטש. דער אלטער עלעקטראָמאָנטיאָר אפּעלפּעלד. זײַנ זונ האָט אונטעריכט אינ דער קיִע־

ווער קאָנסערוואַטאָריע און האָט אמאָל יינגלווייז זיכ געלערנט מאַטעמאַטיק בא ראָזענטאלנ.

שווער אָטעמענדיק, האָט דער אלטער געהאַלטנ אַפּ די הענט דאָס מיידעלע.

— מיט וואָס טרייסט מענ זי, ווי נארט מענ זי אָפּ? — האָט געטראַכט דער אלטער, אונ א גוואַלדיקער ווייטעק האָט אימ ארומגעכאַפּט. אויכ אינ דער האָזיקער לעצטער מינוט וועט אימ קיינער ניט אונטערהאַלטנ, ניט זאָגנ אימ די ווערטער, אַפּ וועלכע ער האָט געוואַרט אונ אויסגעקוקט דאָס גאַנצע לעבנ, נאָכ וועלכע ער האָט געלעכצט מער, ווי נאָכ דער גאַנצער כאָכמע פונ די גראָבע ביכער וועגנ דעמ מענטשנס גרויסע געדאַנקענ אונ אויפטוענ.

דאָס מיידעלע האָט זיכ אויסגעדרייט צו אימ. איר פּאָנעמ איז געווענ רויק. דאָס איז געווענ א בלייכ פּאָנעמ פונ א דערוואַקסענעמ מענטשנ, א פּאָנעמ, פול מיט ראַכמאָנעסדיקנ מיטלייד. אונ אינ דעמ שטילשווייגנ, וואָס איז פּלוצימ אָנגעקומענ, האָט ער דערהערט איר שטימ:

— לערער, — האָט זי געזאָגט, — קוק ניט אינ יענער זייט, ס'וועט דיר זיינ שרעקלעכ.

אונ זי האָט, ווי א מאַמע, פאַרדעקט זיינע אויגנ מיט אירע הענטלעכ.



## ש. האלקינ

# זאָל זײַנ מײַנ שטוב א האפנ דיר

ווּ איכ זאָל ניט בלאָנקענ נאָר,
וועלכע טיר ניט עפענענ:
עפשער וועט ער אָנקומענ?
עפשער וועל איכ טרעפנ אימ?

אנ אלטנ, א פארביטענעמ,
צעריסענעמ, צעשליסענעמ,
א הונדערט מאָל געליטענעמ
ארומנעמענ, באגריסנ אימ.

ברודער דו אומשולדיקער
אונ הונדערט מאָל געלײַטערטער,
די צײַט — זי מאכט געדולדיקער,
נאָר קײנמאָל ניט דערװײַטערטער.

זאָג, וועלכנ קלייד דיר אָנטאָנ איצט?
אונ וועלכע פרייד פארשאפנ דיר?
נאָכ אומגליקנ פארפלאָנטערטע
זאָל זײַנ מײַנ שטוב א האפנ דיר.

ניט טרייסטנ דיכ, ניט אָרעוו זײַנ
מיט וואָס דײַנ בראָכ דיר לינדערנ?

וועסט אינ דײַנ נעסט דער כאָרעווער
ניט טרעפנ שוינ די קינדער מער.

דײַנ נאכלע ניט פארטרונקענ איז,
קיינ אָדלערס ניט פארטראָגנ זיי:
אינמיטנ וועג א „יונקערס“ איז
אראָפ אפ צו דערשלאָגנ זיי.

זאָל אופזידנ דאָס בלוט אינ דיר,
אונ אויסברעכנ א פײַער זאָל
אפ אָנצינדנ דעמ מוט אינ דיר,
די קראפט די אומגעהײַערע,

וואָס נעמט אײַנ שטעט אונ געגנטנ
אונ פעסטונגענ פארטיליקט זי,
אונ מינדסטע גאָב באגעגנטע
פונ טיפנ הארצ באוויליקט זי.

אונ זאָל מײַנ טיש דײַנ טײַנעג זײַנ,
מײַנ קינד — א קינד פארבײַטנ דיר, —
הונדערט מאָל געפײַניקטער,
טויזנט מאָל געלײַטערטער.

* * *

ווענ איכ זע: אנ אלטער שטייט,
גייט אונ שטייט מער, ווי ער גייט,
אונטנ — שניי, א שניי עס פאלט,
ס'איז דער אלטער זייער אלט,
קוימ זיכ אפ די פיס ער האלט.
באמ אריבערגיינ דעמ ראָג
רעכט צו שטיינ א האלבנ טאָג, —
אזא אלטנ איכ דעריאָג
אונ מיט האָזע אימ באווײַז,
אז מיכ שרעקט ניט אָפ דער אײַז,
אז איכ וויל ניט ווערנ אלט,
אז ווער ס'היט זיכ, יענער פאלט,

ווענ איכ זע א יונגער שפאנט
מיט א קוליע אונטער האנט,
אינ שינעל — ערשט פונ געניי,
מיט איינ שטיוול לעשט דעמ שניי,
מיטנ שטעקנ מעסט די ערד,
אונ די ערד — אלצ ענגער ווערט,
אונ דער וועג — אלצ לענגער ווערט, —
בלײַב איכ שטיינ א מײַל אהינטער,
הינטער שנייענ א פארשפינטער,
הינטער טויערנ פארשטעלט,
שולדיק אימ אונ גאָר דער וועלט.

ברודער, וואָס איז שולד, צי שאנד
פאר אָט יענעם מאַנ, וואָס שפּאנט
איבער גאָר דער ברייט פונ לאנד?
וואָס איז, הארצ מײַנס, ווערט דײַנ וויי?
טו א קוק: אינ ווײַסנ שניי,

צווישנ גייער אינ דער מיט,
ווי א שווארצע קייט זיך ציט —
זײַנע שרעקלעכ גרויסע טריט,
וואָס דער שניי, ער שיט אונ שיט
אונ פארשיטנ קאָנ זיי ניט.

# דער גוטער ווינט

איר מיינט, אז שטיינער ווייסנ ניט?
איר מיינט, אז ברעגנ הערנ ניט?
כ'האָב אויכ אזוי געמיינט.
איכ האָב געזענ א שטיינ אינ וואסער,
ניט פונ וואסערנ א נאסער, —
ס'האָט דער שטיינ געוויינט.

איר טראכט, אז הימלענ זעענ ניט?
איר טראכט, אז שטערנ הערנ ניט?
כ'האָב אויכ אזוי געטראכט.
עס האָט די דײַטשישע וואכ געצווונגענ:
זײַנענ אלטע, גלײַכ מיט יונגע,
גלײַכ פונ בריק אינ טײַכ געשפּרונגענ,
אונ ס'האָט די וואכ געלאכט;
ס'האָט דאָס לאכנ ווײַט געקלונגענ,
אונ ס'איז קיינעם ניט געלונגענ
זיכ צו ראטעווענ באנאכט.

די איבעריקע פארבליבענע,
אהינטער בריק פארטריבענע
אינ וועלדל, וואָס דערבײַ, —
פונ ביקסנ פונ געלאָדענע
מע האָט זיי דאָרט געהאָדעוועט
מיט פײַער אונ מיט בלײַ.

איר קלערט, אזביימער זעענ ניט?
איר קלערט, אז וועגנ פרעגנ ניט?
כ'האָב אויכ אזוי געקלערט.
געבליבנ איז איינ אלטער נאָר,
אהינטער בוים באהאלטענער
אונ אלצ געזענ, געהערט.

איר האָט, דער אלטער לעבט נאָכ איצט?
אז ערגעצ ווו ער שלעפּט זיכ איצט?
כ'האָב אויכ אזוי געהאָפט.
די וואכ האָט גלײַכ דערשאָסנ אים,
דאָס אלטע בלוט פארגאָסנ אים.
געקוקט דער זאמד: פארוואָס איז אים
באשערט אזא מינ סאָף?

איר מיינט, אז ווינטנ פילנ ניט?
אז מענטשנ-פײַנ זיי שטילנ ניט?
געקומענ איז א ווינט:
אהינטער בוים, אינ שאָטנ אים
מיט זאמד מיט ניט באטראָטענעם
אים צוגעדעקט, פארשאָטנ אים
אונ ס'האָט דער זאמד צעגרינט,
קיינ ביינ זאָל ניט געשעענ אים
אונ קאָנענ זאָל נאָר זעענ אים
די זונ, דער בוים, דער ווינט.

איר ווילט, דעמ סאָפ אײַכ אויסזאָגנ? —
פונ וואלד צום וועג ארויס זײַנענ
נעקאָמע-נעמער גרויזאמע
אונ האָבנ ניט גערוט,
ביז מיט דער האנט דער מעכטיקער,
דער שטאָלצער, דער גערעכטיקער
ניט אופגעמאָנט דאָס בלוט.



* * *

קאָנ זײַנ, איכ גרײַז. נו יאָ, איכ גרײַז געוויס,
נאָר פּאָרט מיר דאכט, פונ אונטער דײַנע פיס

האָט זיכ ארויסגעגליטשט אָט יענער באָדנ,
וואָס שענקט דעמ מענטשנ מוט דעמ גרעסטנ שאָדנ

ארופוואַרפנ אַפ זיכ אונ בלײַבנ שטיינ...
ס'איז דענ א מוז, דער באָדנ זאָל באשטיינ

פונ זאמד, פונ שטיינ? געננג פאר מיר דײַנ אויג,
דאָס אומרו-פײַערל אינ אויג, דער בויג

געהאָרכזאמער פונ שטאָלצנ, בלאָנדנ קאָפּ,
ווענ אינערלעכ די לייצעס לאָזסטו אָפּ

אונ ווי א קינד פארטרוילעכ ווערסט ניט נאָכ די יאָרנ, —
אונ אלצ, ווײַל האָסט דעמ באָדנ אָנגעוואָרנ.

דאָס הארצ דו האלטסט פארשפארט — איז אויכ דערפאר,
ווײַל אומעטומ זעסט לויערנ געפאר...

מיר דאכט, דו ביסט געגליכנ צו אנ אינד
אינ בערג, וואָס שטייט אונ שפּירט אונ פרווט דעמ ווינט:

צי ערגעצ אונטנ יאָגנ ניט קיינ הינט.
אזא מינ ציטריק לײַב בא אָט דער אינד!

די אויערנ פארשפּיצט צו יענעמ שאָרכ,
וואָס דאכט זיכ, ער איז ניט געבאָרנ נאָכ, —

אונ אלצ — צו אימ, צומ הירש אָט יענעמ,
וואָס יאָגט ארופ אזוי, ווי אונטנ וואָלט געברענט דער גענעמ...

זי ווייסט, די הערנער גיבנ מער פונ אלצ
ארויס דעמ הירש, נאָר ער, א קינד דעמ וואלדס,
באהאלט די הערנער ווײַניקער פונ אלצ...

אונ נאָר די פיס אימ ראטעווענ — די פיס,
וואָס מיטאמאָל זיי טוענ זיכ א ריס

פונ דר'ערד אונ היפערנ אריבער צײַט אונ רוימ,
ווי דו, מײַנ פרײַנט, ווי איכ אמאָל אינ טרוימ.

——— ✶✦✶ ———

## א. פרומקינ

# באַגאַד דערציילט

שוינ דריי מעסלעס, אז דאָס „פּאָרל“, באַגאַד אונ טורבייעוו, געפינט זיכ דאָ אינ שפּיטאָל, אונ קיינער אינ פּאַלאַטע ווייסט נאָכ ניט, ווער זיי זיינענ אונ וואָס מיט זיי איז פאָרגעקומענ, ווענ אונ וויאַזוי זיי זיינענ פאַרווונדעט געוואָרנ, מע ווייסט אפילע ניט אקוראט זייערע פאַמיליעס.

אַזוי פירט זיכ ניט. דער שטייגער איז, אז ווי נאָר א „נייינקער“ קומט אָנ, באַקומט אָנ אָרט, פּריטוליעט זיכ עטוואָס, דאַרפ ער דאָכ וויסנ פונ די היגע מינהאָגים, — ווערט א שמועס, דערוויסט מענ זיכ בעמיילע, ווער ער איז אונ וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. אונ אז עס גייענ פאָריבער עטלעכע טעג, ווערט מענ שוינ געוואָרע פונ אַלע איינצלהייטנ פונ אימ אונ ארומ אימ, אַזוי אז מע ווייסט שוינ אפילע מיט וואָס איינער עטעמט. ווייל מיט וואָס איז מענ דאָ פאַרנומענ, ביים מע ליגנט ניט אָדער מע שפּילט ניט אינ שאָכ, אינ א דאַמקע אונ איבערהויפּט — אינ דאָמינאָ; אונ אפילע באַמ שפּילנ גופא? — מע דערציילט מייסעס פונעמ געשעענעמ, פונעמ געזעענעמ, פונעמ געהערטנ. וואָס צו דערציילנ איז בא יעדנ איינעמ פאַראַנ גענוג: אויב ניט פונ פראָנט, איז פונ דער היימ, פונ יוגנט, פונ קינדהייט, אפילע פונ אָוועס-אוווויסיינו.

אונ דאָ איז געקומענ אָט דאָס „פּאָרל“. ווייַזט אויס, א גוט צוזאַמענגעלעבט „פּאָרל“, כאָטש אויפנ קוק ניט גאָר קיינ גלייכס — איינער א יונגער, א זשוואַווער — א שטיק קוועקזילבער — א יאָר עטלעכע אונ צוואַנציק, דער אַנדערער — א יאָר עטלעכע אונ פערציק; איינער האָט דעמ אָנבליק פונ א ייִדנ, דער אַנדערער — אויכ ניט קיינ רוס, נאָר מע רעדט צווישנ זיכ רוסיש, גוט רוסיש. מע רעדט האַלבע ווערטער, מאַמעש אויפנ וווּנק, מע לאַכט דערביי, מע לאַכט א סאַכ, דער יונגער — הויכ אויפנ קאָל, דער עלטערער — מיט א שטומענ געלעכטער. אונ קיינ „ספּראַווקעס“ דאַרפנ זיי אויכ ניט; מיט אָט דעמ באַגאַדנ איז שוינ פול די וועלט, אונ ער קומט שוינ אונ דערציילט אַליינ אַלע נייעס פונ שפּיטאָל.

מיילע — ניט, איז ניט. די פינפ טוישוויט זיינענ אויכ גוט צוזאַמענגעלעבט; מייסעס זיינענ פאַראַנ גענוג, עס וועט סטייענ אָנ די „נייינקע“. איר ווילט ניט — דאַרפ מענ ניט. עס וועט קומענ א צייט!

אינ איצט, ווייַזט אויס, די צייט געקומענ. צופעליק האָט מענ געכאַפּט פונ באַגאַדנ א וואָרט „צעשאָסנ“, ס׳געהערט? צעשאָסנ! — „מיכ — איינ מאָל, אונ דיכ — צוויי מאָל; כ׳איז א נאַפּקעמינע!“ ניינ, מער קאָנ כעווירע ניט אויסהאַלטנ: ווער צעשאָסנ, ווו צעשאָסנ, ווי צעשאָסנ? — א שפּילכעלע עפּעס!

אונ באַגאַד האָט זיכ צערעדט. ער האָט אפילע פיינט זיכ ארויסשטעלנ, ער האָט ליב מער הערנ, פריִער זיכ ארומקוקנ, אונ דאָס „ארומקוקנ“ קאָנ בא אימ געדויערנ א וואָכ אונ מערער, נאָר פאַרפאַלנ — זיכ ארויסגעכאַפּט מיט א וואָרט, פאַר ווייַטער.

פונ באַגאַדס דערציילנ איז קלאָר געוואָרנ:

דעמ רויטנ שטערנ האָט ער, באַגאַד, באַקומענ נאָכ אינ דער פינישער קאַמפּאַניע, אונ דעמ מעדאַל „פאַר געוואַגטקייט“ האָט ער באַקומענ זומער, נאָכ פאַר זיינ ערשטער פאַרווונדונג. איצט זיינענ זיי ביידע, ער אונ טורבייעוו, צוגעשטעלט צומ באַלוינענ.

ער, באַגאַד, איז אַנ אַרבעטער פונ א מאָסקווער זאַוואָד. ער איז שוינ געווענ געהילפ־שעפ פונ א צעכ, געלערנט זיכ אייגנצײַטיק אינ אינסטיטוט, ניט אָפּרײַסנדיק זיכ פונ דער אַרבעט. אונ בײַשעק האָט ער גאָר געהאַט צו טעאַטער־שפּילנ — געווענ אַלעמאָל א ליבהאָבער, געשפּילט אינ דראַמקרײַזנ אונ געטרוימט פונ דער בינע, פונ דער „עמעסער בינע". אויסגעלאָזט האָט זיכ, אַז ער איז שוינ דאָס פינפטע יאָר אינ אַרמיי. אָט אַזוי האָט זיכ געמאַכט — אָנשטאָט אינזשעניער, אָנשטאָט אַקטיאָר איז ער א קריגסמאַנ שוינ קימאַט לויטנ באַרופ: ער איז עלטערער סערזשאַנט אונ איז אינ שלאַכט פונ ערשטנ טאָג מילכאָמע אָנ. אונ כאָטש ער, באַגאַד, איז א קאַדראָווער רויטאַרמייער, וואָס האָט זיכ אינ 1939 יאָר שוינ געדאַרפט קערנ אַהיימ, אונ כאָטש ער איז אינגאַנצנ אַלט פיר אונ צוואַנציק יאָר, אונ טורבײַעוו איז שוינ אַלט צוויי אונ פערציק אונ אינ טייל איז ער געקומענ אַלס נײַע קאָמפּלעקטירונג, האָבנ זיי זיכ שטאַרק באַפרײַנדעט. אונ כאָטש ער, באַגאַד, איז געווענ קאָמאַנדיר, אונ טורבײַעוו — א פּאָשעטער רויטאַרמייער, האָבנ זיי פונ איינ קעסעלע געגעסנ, איינ „קעשענע" געהאַט: ברויט — אינײַנעמ, צוקער — אינײַנעמ, טיי — אינײַנעמ, אַפילע טאַבאַק — אינײַנעמ. אונ אָט אַזוי צוויי כאַדאָשימ נאָכאַנאַנד; גענוג, מער דאַרפ מענ ניט — איינ גופ, איינ נעשאָמע זײַנענ זיי געוואָרנ.

— טורבײַעוו איז א מאָרדווינער, א קאָלווירטניק א בריגאַדיר פונ אונטער סאַראַנסק — א מענטש מיט א קאָפּ. מאַכאָרעטשקע האָט איר עפּעס ליב? — איז אָט דאָס איז די מאַכאָרקע אַליינ: זײַנ בריגאַדע גיט מאַכאָרקע, איז האַלעווײַ האָבנ מיר זי וואָס מער! אונ דאָס, וואָס ער שמייכלט אַזוי שטיל מיט א שטומ געלעכטערל, זאָגט אַמאָל א כאָכמע אַזוי שטיל אונ „מײַנער איז ניטאָ", אונ, האַלט זיכ, ער קאָנ קיינ צוויי ניט ציילנ — דאָס איז א געלעכטער. דער בירגערקריג האָט אימ דערצויגנ. קיינער האָט אימ דעמלט ניט גערופנ: אַליינ אַוועקגעגאַנגענ מיט דער ביקס צו אַכצנ יאָר. ווײַל וואָס האָט ער געהאַט וואָס אָנצוווערנ? — די לײַוונטענע הויזנ מיטנ צעריסענעמ הינטערכײלעק? אונ איצט, אַז ער איז אַריבער פערציק, מיינט איר איז וואָס? קוקט ניט אָפּ דעמ, וואָס ער איז נידעריק, ברייטפּלייציק, בעריש־קרומפיסיק, — איר וואָלט אימ אָנקוקנ אינ שלאַכט!..

אַקיצער, אַזוי קאָנ מענ אָפּרײַדנ א גאַנצע נאַכט אונ צומ דײַטש דעמ פאַסקודניאַק אַפילע ניט צוקומענ נאָכ. האָבנ מיר זיכ אופגעזאַמלט, הייסט עס, אינ וואַלד נאָענט צומ ראַנד. געקומענ איז דער קאָמבאַט. אַכ, איז דאָס געווענ א כוואַט, אַנ עמעסער „פאָטער דעמ כאָלדאַט", — ווי לערמאָנטאָוו זאָגט. כאָטש געווענ איז דאָס ניט בײַ באָראָדינאָ, אָבער אויכ אונטער מאָסקווע — דאָרעמדיקער אונ נאָכ נעענטער צו מאָסקווע. בײַ לערמאָנטאָוונ איז דאָס געווענ א פּאָלקאָווניק, אונ בײַ אונדז — א קאַפּיטאַנ, קאַפּיטאַנ קאַרפּאָוו. א גאָלד, ניט קיינ מענטש. א שאָד, אומגעקומענ אינ א וואָכ אַרומ: בײַמ אַרויסגיינ פונ שטאַב האָט אימ א שפּליטער גלײַכ אינ שאַרבנ געטראָפנ — אונ קאַיוק, אַפילע קיינ פּיפּס ניט געטאָנ. דאָס האָט אונדז אינ שפּיטאָל שוינ דערציילט דער קאָמאַנדיר פונ זעקסטער ראָטע. ווער סע איז מיט אימ אינ שלאַכט געווענ, וועט אימ קיינמאָל ניט פאַרגעסנ.

יאָ, שטייט ער אַזוי, דער קאָמבאַט, אָנגעטאָנ, ווי שטענדיק, אינ דער פּלאַשטש־פּאַלאַטקע, נאָר מאָדנע אַזוי, אַז זײַנ אויפנ — דער קאַפּישאָנ ניט אויפנ קאָפּ אָנגעטאָנ, נאָר אַרומ האַלדז אופגעשטעלט, ווי א קראַגנ, אונ די פּאָדערשטע עקנ פאַרשטעקט הינטערנ גאַרטל. יאָ, שטייט ער אַזוי אונ גיט א זאָג:

„נו, כעווירע! כאַוויירימ שלאַכטלײַט! איר געדענקט? אָט דאָס דאָרפ האָבנ מיר פאַרלאָזנ — מיר דאַרפנ עס הײַנט נעמענ. מיט א קאַרגע צוויי כאַדאָשימ צוריק האָבנ מיר עס אָפּגעגעבנ, אונ הײַנט מוזנ מיר עס צוריק נעמענ! געדענקט, א רוסיש דאָרפ מיט א רוסישנ נאָמענ — קופּריאַנאָווקא, אונ עס באַלעבאַטעוועט דאָרט דער דײַטש דער פאַרפלוכטער. א סאָפ, כאַוויירימ! צוריק קיינ טראָט! טרײַבנ די פריצנ אַהינ, פונוואַנענ זיי זײַנענ געקומענ. אָפּ מײַרעוו, כאַוויירימ! יעדער סובאָפּטייל, יעדער שלאַכט־

מאַנ וועט באַקומענ זײַנ אופֿגאַבע. נאָר איינס געדענקט: דאָס דאָרפֿ איז אונדזערס! צוריק קיינ טראָט! אַפֿ מײַרעוו, אונ גאָר! כאַווײַרים קאָמאַנדירנ, צו מיר!“

א מורמל איז אַדורכ צווישנ די רייענ. קופּריאַנאָווקע איז דאָס לעצטע דאָרפֿ, וואָס מיר האָבנ פֿאַרלאָזנ, ווענ מיר האָבנ זיכ אַרויסגעשלאָגנ פֿונ אַרומרינגלונג — אונ אַמבאַ! יאָ, ניט קיינ סאַכ זײַנענ פֿאַרבליבנ פֿונ די, וואָס געדענקענ, אָבער דאָכ איז נאָכ פֿאַראַנ גענוג אַזעלכע. מיר האָבנ זיכ דעמלט אַריבערגעכאַפּט דעמ טײַכ אונ דאָ האָבנ מיר אימ פֿאַרהאַלטנ. איצט זײַנענ מיר ווידער אַפֿ יענער זײַט טײַכ. אונ דער דײַטש זיצט זיכ דאָרט פֿעסט אינ קופּריאַנאָווקע. נאָר „דודקי“! בעווורע שווײַגט מיט פֿאַרשטשעמעטע ציינ, פֿילדערנ טאָר מענ ניט — צו נאָענט איז דער סוינע.

קאָנצענטרירט האָבנ מיר זיכ אַפֿנ ראַנד פֿונ וואַלד, נאָר אַרויסגיינ קאָנ מענ ניט — מיר וואַרטנ אַפֿ דער לעוואָנע. ס'איז אָנהייב יאַנוואַר, א ליכטיקע לעוואָנע-נאַכט — כאָטש נאָדלענ קלײַב. גישקאָשע פֿונ א פֿרעסטל, נאָר צו דערלײַדנ. א ברייט שניי-פֿעלד, אונ אַפֿ יענער זײַט — א גרויס דאָרפֿ, ווי אַפֿ דער דלאָניע. אונ אינ מיט פֿונ הימל האָט זיכ אויסגעגלופּעט א גרויס זילבערנ אויג — קימאַט א פֿולע לעוואָנע. אַז ווער דאַרפֿ דיכ דאָ, בעהיימע דו איינע וואָס-אָ-דאָ-אָ?! געפֿונענ ווו צו לײַכטנ! אָבער טו, מאַכ! מע מוז וואַרטנ. אַפֿ קיינ ניסימ וואַרטנ מיר ניט — ייִסוס-נאַווינ איז דאָכ נאָר א מײַסעלע, זאָל זײַנ א שיינ מײַסעלע — וואַרטנ מיר, די לעוואָנע זאָל פֿאַרגיינ, ס'וועט ווערנ פֿינצטערער, וועט מענ זיכ קענענ א רוק טאָנ.

דערווײַל האָט זיכ דער אוילעמ געוואַרעמט: ווער עס האָט געכאַפּט א טאַנצ, ווער עס האָט זיכ געשטויסנ צווישנאַנאַנד אונ ווער עס האָט אָנגעבראָכנ יאָדלע-צווײַגלעכ, געמאַכט פֿונ דער „לאַפּקע“ א „וויינ-וואָרעמ“ געלעגער אונ געכאַפּט אַפֿ דעמ א דרעמל, ביז די גלידער זײַנענ פֿאַרגליווערט געוואָרנ, האָט ער זיכ אויפֿגעכאַפּט אונ מיט א נײַער פֿרישקײַט זיכ געלאָזט טאַנצנ — צומ אויסגלײַכנ די ביינער.

אַדאַנק גאָט, עס איז פֿאַרשווּנדנ די לעוואָנע, עס האָבנ זיכ געקערט די אויסשפּירער, אונ מיר האָבנ זיכ געלאָזנ אינ פֿעלד אַרײַנ. איכ מיט מײַנע בעוורע זײַנענ דער סאַמע רעכטער פֿלאַנג. מיר זײַנענ שוינ א 100—150 מעטער פֿונ דאָרפֿ. אונדזער קייט האָט זיכ אויסגעצויגנ לענגאויס דעמ דאָרפֿ אַפֿ א פּאָר קילאָמעטער. פֿינצטער אַפֿילע אַפֿנ ווײַסנ שניי-פֿעלד. רויִק. די פֿריצנ פֿילנ אָבער עפּעס: דאָ אונ דאָרט בליצנ אופֿ אָפּטע ראַקעטעס, נאָר א קרענק זעענ זיי אונדז.

ליג איכ זיכ אַזוי אַפֿנ שניי אונ וואַרט אַפֿ א ספּעציעלער אופֿגאַבע. טורבײַעוו האָט אַוועקגעפֿירט צומ קאָמאַנדיר נאָכ א באַפֿעל. ליג איכ אָפּגעזונדערט איינער אַליינ. איכ פֿיל, אַז איכ גליווער, לייג איכ זיכ אַפֿנ רוקנ, נעמ רודערנ מיט די הענט אונ פֿיס — מאַמעש איכ שווימ. נאָר ס'איז גאָרנישט. איכ קער זיכ ווידער איבער אַפֿנ בויכ. — איכ דערזע: פֿאָרויס, לינקס, א פֿינפֿ מעטער פֿונ מיר, איז עפּעס א בערגעלע. עפּשער א שניי-הויפֿנ? איכ פֿויזע צו, גיב א שטעק דעמ באַגנעט — ניינ, עפּעס אַנדערש, ניט קיינ שניי. איכ גיב א ביסל א ריִע — א קלעווער-קאָפּיצע א פֿאַרבליבענע אַפֿנ פֿעלד. דאָס איז אַנ איניִענ! איכ שאַר אַראָפּ דעמ דינעמ שיכט שניי, קער איבער א פֿלאַסט קלעווער אונ לייג זיכ אַנידער — גאָר אַנדערע דיבורימ! פֿאַרײַבערנ? — איכ האָב ערשט אַליינ באַפֿוילנ בעוורע: „נאָר ניט דרייבערנ אונ ניט דרעמלענ!“ כוצ אַלעמענ, האָסטו אײַנגעדרעמלט — ביסטו א „קאָדעש“! אָבער עפּעס ציט, נאָגט באַמ לעפֿעלע. א קיי טאָנ? — יאָ, דאָס איז א סוואָרע. געגעסנ האָט מענ פֿונ אָוונט, אונ איצט איז שוינ שפּעט נאָכ האַלבער נאַכט. דאָס ברויט איז דאָכ אָבער בײַ טורבײַעוו. אַהאַ, צו אַלדי רוכעס! — אינ קעשענע האָב איכ א פּאָר סוכערלעכ אונ אינ דער אַנדערער — א שטיק צוקער. איכ גיב א פּרוּוו — יאָ, ס'הריזעט זיכ; אָבער, אַז שוינ עסנ, איז ווי אינ רעסטאָראַנ. ס'איז שטיל אונ פֿינצטער. נעמ איכ אַראָפּ דעמ רוקזאַק, געפֿינ דאָס קווערטעלע — פֿונ פֿרישטיק ליגט נאָכ דאָרט א שטיקל פּוטער. איכ דערלאַנג דאָס מעסערל, שנײַד האַרטע פֿענעצלעכ פּוטער, לייג אַפֿנ סוכערל אונ הריזע עס מיט צוקער אונ פֿאַרטרינק מיט שניי; א גוטע מאַשקע,

שנײ, איר ווייסט דאָכ אליינ — אײַנ-קרעמ. מיט איינ וואָרט — רעסטאָראנ. נאָר דאָ באמערק איכ, צו מיר רוקנ זיכ פונ פלאנג דרײַ פיגורנ. דאכט זיכ — טורבײַעוו. אָבער פארוואָס עפּעס באדריט. אקיצער, אונדזערע. זיי גייענ געהויקערט, זיי קריכנ, זיי פויזענ. פינצטער. טורבײַעוו אונ דער קאָמאנדיר מיט זײַנ פארבינדלער. איכ באקומ אנ אופגעבונג, אונ מיר לאָזנ זיכ גלײַכ אויספילנ זי — אויס רעסטאָראנ!

א בעקאָוועדיקע אופגאבע האָט מײַנ סובאָפּטייל באקומענ — פארגיינ נאָכ רעכטער אינ פלאנג, קימאט אינ סוינעס הינטערלאנד, אָנהייבנ דעמ אָנגריפ, אָפּציִענ זײַנ אופמערקזאמקײַט. אונ... פארשטייט זיכ, אז מע וועט דארפנ, אופנעמענ אפ זיכ די שלאכט... ס'איז אָבער מוירעדיק. איכ האָב אײַנגאנצנ עטלעכע אונ צוואנציק שלאכטלײַט. מײַנ ערשטע אָפּטיילונג איז אינ באטאליאָנעמ דאָזאָר, די מינענוואַרפלער-אָפּטיילונג בלײַבט מיט דער ראָטע, איכ האָב נאָר צוויי לײַכטע קוילנוואַרפער. דער קאָמאנדיר פונ ראָטע האָט געזאָגט, אז גלײַכ גייט אהינ א שווערער קוילנוואַרפער אונ אז דאָרט שטייענ אונדז צו הילפ צוויי באטאליאָנע מינענוואַרפער — דאָס איז שוינ עפּעס א קראפט! מוירעדיק, אָבער טו, מאכ — מע דארפ גיינ: א שלאכט-אופגאבע, כאווייריִמ, איר ווייסט דאָכ אליינ. וואָס וועט אָבער זאָגנ מײַנ כעוורע? נאָר נײַנ, כעוורע איז אופגעלעבט. ס'איז גוט פינצטער אונ שטיל. מיר האָבנ זיכ ארויפגעלאָזט פונעמ בערגל רעכטס אונ אינ טאָל ארײַנ. דאָרט איז א כמיזשניק — שיטערע הוילע קוסטעס אונ יונגע ביימלעכ. דאָרט האָבנ מיר שטיל-שעפּטשענדיק א שמועס געטאָנ. צי האָבנ אלע גוט פארשטאנענ אונדזער לאגע, וועל איכ אײַכ ניט קאווירנ, נאָר וואָס עמעס, איז עמעס — דער אוילעמ איז צופרידנ, וואָס מע האָט זיכ גערירט פונ אָרט. אינ יעדערנ האָט זיכ אופגעוועקט עפּעס אנ אומרו. ס'איז אײַכ, כאווייריִמ, מיסטאמע באקאנט אָט דער אומרו פאר א שלאכט? נו, האָט מענ זיכ אזוי מונטער געלאָזט אינ א קייטעלע. יאטנ, דארפ איכ אײַכ זאָגנ, איינס אינ איינס. אָט אזוי אינ א קייטעלע אונ — צומ שליאכ. דאָ, כעוורע, איז געפערלעכ, דאָ זײַנענ זיכער פאראנ זײַנע פּאָסטנס. דערווײַל אָבער זעט מענ גאָרנישט, אונ אונדז זעט מענ אויכ ניט. מיר האָבנ פארנומענ א פּאָזיציע אונ זײַנענ געבליבנ אומבאוועגלעכ ווארטנ אפנ סיגנאל.

דער פאסקודניאק האָט אָבער עפּעס דערשפּירט. אהא, מיר זעענ, עס הייבט אָנ ברענענ עפּעס א געבײַדע אינ אונדזער עק דאָרפ. איר ווייסט דאָכ, — צו אלדי רוכעס! — ער האָט מוירע פאר וואלד, ער האָט מוירע פאר פראָסט, ער האָט מוירע פאר פינצטערניש, און האָט ער מוירע פאר פינצטערניש, — צינדט ער הײַזער, צינדט ער שטאלנ, צינדט ער שײַערס; ס'איז דענ זײַנע? ס'איז אימ א שאָד, וואָס? אונ אליינ זיצט ער אינ די כאטעס. נײַנ, מיר וועלנ אויסרייכערנ די וואנצנ פונ די ווארעמע נעסטנ! א בראנד אפ זיי! עס פארנעמט זיכ אינ ברענענ נאָכ א געבײַדע, אונ דער פלאמ איז שוינ הויכ: ליכטיק, ווי אינ מאָסקווע אפנ סווערדלאָוו-פלאץ. פאסקודנע. א נאָדל אינ א זאק וועסטו ניט באהאלטנ! נאָר טו, מאכ — ליגסט אונ ווארטסט אפנ סיגנאל. ווער ווייסט, צי זײַנענ אונדזערע דאָרט פארטיק. באץ! — איכ גיב א קוק, צו אלדי רוכעס! — לינקס, פונ פלאנג, דאָרט פונ בערגל, ווו מיר זײַנענ געלעגנ, ציט זיכ א שווארצ שנירל; וואָס רייד איכ — א שנירל, א קאנאט — זאָג איכ אײַכ. אונדזערע? — קאָנ ניט זײַנ!.. פריצנ! — אפ מײַנ וואָרט, פריצנ! איכ גיב א קערעווע אויס מײַנ פראָנט. „אונ דו, זאָג איכ, טורבײַ, גיב זיכ אָקאָרשט א רוק צומ שווערנ קוילנוואַרפער, — זיי זעענ דאָרט, וואָס עס טוט זיכ?“... יאָ, זיי זעענ... אינ א מינוט ארומ האָט אָנגעהויבנ שטעפּנ. נו, כעוורע, דאָ האָבנ מיר שוינ מער ניט געווארט אפ קיינ סיגנאל: עס גייט שוינ ניט אינ סיגנאלנ. עס האָבנ א שאָט געטאָנ אונדזערע מינענוואַרפער, אונ עס איז אוועק א גאנג, אונ ס'איז אוועק אונ אוועק!

עס רוקט זיכ אָבער אפ אונדז א כמארע, עס שיט אונ שיט מיט פריצנ, עפּשער א באטאליאָנ א גאנצער! פונ איינ זײַט, איז גוט, — עס האָט זיכ אײַנגעגעבנ, הייסט עס, — אָפּגעפריצעוועט די פריצנ. אָבער ווײַטער, דער דועכ ווייסט — אונדזערע וועלנ באווײַזנ, צי ניט? נאָר וואָס איז דאָ וואָס צו טראכטנ — מיר וועלנ לעבנ, וועלנ מיר זענ! „פײַער, — באפעל איכ, — דערלאנג פײַער!“

איכ מיט טורבײַעוו ליגנ אפנ לינקנ פלאַנג; האַרט לעבנ מיר שטעפּט אײנ לײַבמעטער קוילנוואַרפער, דער אַנדערער — קנאַקט אפנ רעכטנ פלאַנג. די פּריצנ פאַלנ, ווי די פליגנ, נאָר זײ שפּאַרנ מיט אַלע קויכעס, מאַמעש — הײשעריקנ. מיטאַמאָל: „וו=וו=ז=ז" — עס פּלאַצט בא מיר אונטער דער נאָז א דײַטשישע מינע. א פּאָר סעקונדעס בינ איכ פּריטשמעליעט. איכ אַטשוכע זיכ, דוכט זיכ, פונ דעם, וואָס איכ הער ניט מײַנ לינקנ קוילנוואַרפער. איכ רופ: „לאָמאַקינ, לאָמאַקינ, לאָמאַקינ!" — לאָמאַקינ הײַנט, לאָמאַקינ מאָרגנ, א נעכטיקער טאָג. איכ פויזע צו — אויס לאָמאַקינ: א שפּליטער האָט אימ דעמ שאַרבנ געעפנט. איר וואָלט אָנקוקנ א ווערגעלעצ, א דעמב א מאַנצבל — ס'א הײכ! א פּלײצקע — א קלאָפּטער. ניט געקוקט אפ זײַנע פינפ אונ דרײַסיק יאָר, האָט ער די אכט קילאָ געטראָגנ, ווי א ליאַלקע, ווי א שפּילכל. גערופנ האָט ער דעמ קוילנוואַרפער „מיכאַיל איוואַנאָוויטש", „מישקע". אַלײנ איז ער געווענ א דאָרטיקער, טאַקע פונ אונטער מאָסקווע, אונ רעגולערע דינסט איז ער אָפּגעווענ אינ דער גרענעצ=וואַך. א שאָד א יאַט, וויגיק זײַנענ פאַראַנ אַזעלכע.

אונ דער צווייטער נומער איז פאַרוווּנדעט אינ האַנט: „נעמ, — זאָג איכ צו אימ, — אונ פויזע, — זאָג איכ, — צומ וועלדל, צו די מינענוואַרפער". איז ער אײַנגעשפּאַרט: „נײנ, — זאָגט ער, — איכ בלײַב דאָ". א היציקער יאַט, א גרוזינער — מדינאַראַדזע. איכ גיב זיכ א נעמ צומ קוילנוואַרפער — קימאַט א לײדיקער דיסק. „איז דערלאַנג, — זאָג איכ, — מאַווער מדינאַראַדזע, פּאַטראָנעס!" זע איכ דאָכ, אז דאָס איז אנ אומזיסטע זאַכ — די האַנט זײַנע אַרבעט ניט. „מאַכ ניט, — זאָג איכ, — קײנ מאַכזאָקעס! פויזע צומ וועלדל! נאָכ א ביסל, וועט שוינ זײַנ שפּעט, דער רונג ווערט ענגער... ווילסט זיכ פּאַקנ צו די פּריצנ?!" מער האָב איכ אימ ניט געזעגנ אַדאַיאָמ.

„טורבײַ, — זאָג איכ, — שטאָפּ מיר אָקאָרשט אָנ דיסקנ!" ער דערלאַנגט מיר אײנ דיסק, א צווייטנ — ניט קײנ פולנ. „מער, — זאָגט ער, — איז קײנ פּאַטראָנעס ניטאָ". „טורבײַ, — זאָג איכ, — גיב א נישטער, מע מוז, — זאָג איכ, — געפינענ פּאַטראָנעס. אונ גראַנאַטעס האָסטו? דו האָסט, — זאָג איכ, — די גראַנאַטעס ניט פאַרזײַט?" „נײנ, — זאָגט ער, — פאַראַנ מיט וואָס מעכאַבעד זײַנ!" אונ ער טוט זיכ א הײב.

איכ גיב זיכ א הער צו — יאָ, אפנ רעכטנ פלאַנג כאַקאָטשעט דער קוילנוואַרפער. נו, קלער איכ, כ'איז נאָכ נישקאָשע. אונ אונדזערע מינעס זשומענ נאָכ גאַנצ אָפּט. איכ כאַפּ אָבער א קוק אַרומ — פאַסקודנע, מיר זײַנענ דאָ, אינ אָט דעמ ווינקל, געבליבנ, ווײַזט אויס, נאָר באַנאַנד. אונ די מעגנוואָלימ שפּאַרנ אַלצ, כאָטש א שיטערלעכע דײַ, אָבער שוינ גאָר נאָענט — שוינ נעענטער פונ א הונדערט מעטער. איכ גיב זיכ אויכ א הײב — אַרויסציִענ א גראַנאַטע פונ קעשענע, אונ מער ווײס איכ גאָרנישט... ווײַזט אויס, פאַרלאָרנ דעמ זינענ.

סט'געהערט, א ווילדע קויל, א נאַרישע! האָסטו געטראָפנ אינ נאָזלאָכ אַרײַנ, איז דורכגעשאָסנ דעמ קאָפּ אונ — פאַרטיק א קאַטינקע! איז נײַנ, דער רועכ ווײַסט דעמ וועג פונ א קויל! איר זעט דאָ עפּעס? (באָגאַד פאַרהײבט דעמ קאָפּ אונ ווײַזט מיטנ קלײנעמ פינגער פונ דער לינקער האַנט אפנ ווינקל פונ לינקנ נאָזלעפל, וועלכנ ער בלאָזט אָנ). גאָרנישט זעט איר ניט? איז קוקט זיכ גוט אײַנ. אָט דאָ באַמ ווינקל איז פאַראַנ א סימענ. דערזענ? איז גײט די קויל, סט'געהערט א פּאַטעפּאַלנעסט, אונ רוקט זיכ דורכ איבערנ אויבערשטנ קינבאַק אונטער דער הויט העכער דער יאַסלע אונ פליט אַרויס — אָט דאָ האָט איר נאָכ א סימענ (ער ווײַזט קימאַט באַמ סאַמע אויער א ווײַס צערונצלט רעדעלע).

איכ לאַכ פונ זײ, פונ די מעגנוואָלימ! אָפּגעשטאָרבנ א ביסל (ער גיט א פּעטשל איבער דער לינקער באַק), ווי א פּרעמדע. איכ קײַ אָבער, אז א רויכ גײט... איכ שפּײַ אפ זײ! אָבער דעמלט?.. לאָמיר בעסער פאַרויכערנ, ברידערלעכ! —

אונ ער נעמט זיכ טאַקע, באָגאַד, גלײַכ צומ קיסעט, וועלכער איז פאַרשטעקט אינ דער גרויסער קעשענע, וואָס איז אָנגענייט אפנ כאַלאַט. די אויגנ גלאַנצנ בא אימ מיט א געמיש פונ סינע אונ ניצאָכנ, אונ בא זײַנע צוהערער גלאַנצנ אויכ די אויגנ מיט נײַגיר אונ פאַרוווּנדערונג. אַלע רײַסנ שוינ פּאַפּיר אונ לאָזנ זיכ צומ רויכער=צימער.

אינ פּאַלאַטע זײַנענ נאָר פֿאַרבליבנ דער אײַנפֿוסיקער בעלאָוו, וועמענ עס איז דערלויבט געווענ דאָ צו רייכערנ, אונ דער עלטערער שוינ לערער סמירנאָוו פֿונ מאָסקווער פֿאָלקס=אָפּאָלטשעניע. ער איז געווענ לײַכט פֿאַרווונדעט אינ קאָפּ העכער דעמ רעכטנ שלייפֿ אונ האָט זיכ איצט געהיילט בלויז פֿונ דער קאָנטוזיע. ער איז געווענ שטאַרק נערוועז אונ האָט אָפּטלעכ געשאָקלט מיטנ קאָפּ אַפֿ „ניינ".

אינ פּאַלאַטע הערשט איצט אַ מוירעדיקע שטילקײַט, וואָס די איבערגעבליבענע סמירנאָוו אונ בעלאָוו האָבנ מיט קיינ איינ וואָרט ניט צעשטערט. אַ פֿאַרמויעכטער, האָט סמירנאָוו מיט שטילע אָבער נערוועזע באַוועגונגענ זיכ אויסגעבעט, געלייגט זיכ אַפֿנ בעטל אונ גענומענ זיכ צומ צעעפֿנטנ זאָליאַס בוכ „דער בויכ פֿונ פּאַריז". דער בוכ איז צעעפֿנט געווענ אַפֿ דער סאַמע פֿרעסאַרניע. ער האָט ניט געלייענט, סמירנאָוו, ער האָט נאָר געטראַכט פֿונעמ איצטיקנ פּאַריז אונ וואָס איז געוואָרנ פֿונ אָט דער פֿרעסאַרניע נאָכ דעמ, ווי די דײַטשנ האָבנ דאָרט אַ פֿרעס געטאָנ...

ווענ די פֿילדערנדיקע גרופּע, וואָס האָט זיכ אומגעקערט פֿונעמ רייכער=צימער, האָט זיכ נאָר באַוויזנ אַפֿנ שוועל פֿונ פּאַלאַטע, האָט סמירנאָוו גלײַכ אויסגעשאָסנ:

— נו, אונ וואָס איז ווײַטער געווענ?

טורבײַעוו פֿאַנעמ האָט זיכ צעזאָגנ אינ אַ ברייטנ אָבער שטומענ געלעכטער, פֿונ זײַנ ברייט צעעפֿנט מויל מיט די אויסגעשטשירעטע פֿאַרגעלטע ציינ האָט ער געלאָזט אַרויסשפּרינגענ עטלעכע הייזעריקע „קכע=קכע" — הויכ לאַכנ ניט ער האָט געטאָרט, ניט ער האָט געקענט: בא אימ זײַנענ די לונגענ דורכגעשאָסנ מיט אַנ אויפֿרײַס=קויל, — האָט ער שטיל לאַכנדיק געענטפֿערט:

— איכ האָב דערפֿילט אַ רעכטנ זעצ אינ זײַט אונ האָב זיכ אויפֿגעשטעלט, כאָטש אינ וואָליק האָט געכליופּעט אַ וואַרעמע קלעפּיקײַט, אונ דער פֿוס איז מיר געווענ, ווי אַ קלאָצ.

דער ברייטפּלייציקער מיטלוווקסיקער באַגאַד האָט מיט אַ שאַרפֿער באַוועגונג זיכ אַ קערעווע אויסגעטאָנ, האָט אַ וואָרפֿ געטאָנ אַפֿ די אַרומיקע אַ שפּיציקנ אָדלער=בליק, אונ זײַנ קאָל האָט אָפּגעקלונגענ, ווי אַנ עכאָ:

— יאָ, איכ האָב דערפֿילט אַ רעכטנ שטויס אינ זײַט אונ האָב זיכ אויפֿגעכאַפּט. אַ טעמפּנ זעצ, דער רועכ ווייסט זיי, פֿונ אַ שטיוואַלע צי פֿונ אַ ביקס=קאָלבע, נאָר אויפֿגעכאַפּט האָב איכ זיכ. באַמ פֿולנ זינענ בינ איכ נאָכ, ווײַזט אויס, ניט געווענ, נאָר דאָס ערשטע, וואָס איכ האָב באַנומענ, איז געווענ: מײַנ קוילנוואַרפֿער אַפֿנ רעכטנ פֿלאַנג שטומט. „ביטער" — טראַכט איכ מיר. אונ דאָ האָב איכ ערשט באַמערקט, אַז מיר שטייענ באַנאַנד מיט טורבײַעוונ אַרומגערינגלט פֿונ אַ גרופּע פֿריצנ. „טורבײַעוו, — זאָג איכ שטיל, — מיר האָבנ זיכ געפּאַקט, האַלט זיכ!" האָב איכ געכאַפּט אַ סטוסאַק אינ פּלייצע, אונ באַלד האָבנ פֿונ אונדז די פֿריצנ אַראָפּגעריסנ די היטלענ אונ אָפּגענומענ די וואַרעמע הענטשקעס. זיי האָבנ דאָס גלײַכ אַפֿ זיכ אַרופֿגעשלעפּט, די מענוואָלימ.

איכ דאַרפֿ אײַכ זאָגנ, כאַווײרימ, אַז איבער די אויגנ איז מיר געהאַנגענ אַ נעפּל אונ די אויערנ זײַנענ געווענ אָט ווי פֿאַרוקטע מיט שיבערס, אונ דער גאַנצער קאָפּ — געשוואָלנ, איכ האָב ניט געוווּסט אַפֿ וואָסער וועלט בינ איכ. איינ פֿינטעלע באַוווּסטזײַנ איז בא מיר אינ מויעכ געווענ: „האַלט זיכ פֿעסט!" אונ נאָר. ווענ איינער פֿונ די מענוואָלימ האָט אַפֿ זייער כאַרכלענדיקנ לאָשנ גענומענ עפּעס שרײַענ אינ דער זײַט, האָב איכ קיינ וואָרט ניט באַנומענ, כאָטש איכ פֿאַרשטיי אַ ביסל זייער שפּראַכ. איכ האָב נאָר אײַנגיכנ דערזענ, אַז צו אונדז דערנעענטערט זיכ אַ גרופּע פֿריצנ, וואָס קאָנוואָירט נאָכ דרײַ אונדזעריקע. צוויי פֿונ זיי האָבנ הינקענדיק זיכ קוימ געשלעפּט, אונ דער דריטער, ווײַזט אויס, האָט גאָר ניט געקאָנט גיינ, האָבנ אימ אַ פּאָר פֿריצנ געטיימעסט מאַקעס=רעצעכ. אַלע דרײַ רויטאַרמייער זײַנענ אויכ געווענ אָנ היטלענ.

ווענ אָט די גרופּע איז צוגעקומענ צו אונדז, האָט מענ אונדז שוינ אַלעמענ אײַנגעמ אָוועקגעטריבנ צומ ראַנד פֿונ דאָרפֿ, צומ ערשטנ, אייניציקנ, אָפּגעזונדערטנ שײַער, וואָס שטייט האַרט באַמ שליאַכ. דאָ איז אונדז אַנטקעגנ געקומענ מיטנ

שליאכ א דײַטשישער אָפיצער מיט א סאָלדאט נאָכ אים. דער אָפיצער שרײַט עפּעס, אונ ניט ער רעדט, ער שיסט מיט ווערטער, אזוי אז איכ קאָנ קײנ אײנ וואָרט ניט כאפּנ, דערבײַ פּאָכעט ער מיט די הענט, ווי א פּוסטע ווינטמיל מיט די פליגלענ. ווי גאָר דער אָפיצער האָט אונדז אויסגעמיטנ, כאפּ איכ א ברי אינ לאָפּעטקע אונ פאל אומ; אײנצײַטיק דערהער איכ א רײ זאלפּנ הינטער אונדז. גלײַכ איז מיר, ווי א בליצ, דורכגעפלויגנ אינ מויעכ — מע האָט אונדז צעשאָסנ. צעשאָסנ, אָבער איכ לעב. א פּײַנ אײַכ, פּאסקודניאקעס, — איכ בינ טויט. „שטארק זיכ, — זאָג איכ צו זיכ, — שטארק זיכ, דאָוויד! נאָר ניט פאלנ כאלאָשעס!"

איכ דארפ אײַכ זאָגנ, כעוורע, איכ האָב זיכ פּײַנט בארימענ, נאָר איכ בינ קײנמאָל ניט געפאלנ כאלאָשעס. איכ בינ נאָכ געווענ א יינגל א „פּאבזײַעצ", האָב איכ אײנמאָל אראָפּגעכאפּט דעמ גאנצנ נאָגל פונ אָט דעמ פינגער, איכ האָב אימ גלײַכ פארקוועטשט מיט דער רעכטער האנט אונ בינ אוועקגעלאָפנ אינ אמבולאטאָריע. דער דאָקטער האָט מיכ אוועקגעזעצט אונ פארגאָסנ דעמ גאנצנ פינגער מיט יאָדע. ער האָט אָבער גלײַכ א געשריי געטאָנ: „וואסער!" איכ האָב זיכ אופגעשטעלט אונ זאָג צומ דאָקטער: „מע דארפ ניט, כאווער דאָקטער, קײנ וואסער, איכ פאל קײנמאָל ניט כאלאָשעס". „איכ זע, אז דו פאלסט ניט, מאָלאָדיעצ!" „איכ שטארק זיכ" — האָב איכ אימ דערקלערט. האָט ער נאָכאמאָל איבערגעכאזערט: „מאָלאָדיעצ", האָט מיר איבערגעבונדנ דעמ פינגער, מיכ ארויסבאגלײט אונ געזאָגט: „ביסט א בראַווער יאט, שטארק זיכ, באָכערל, שטארקנ זיכ איז א גרויסע זאכ!" פונ דעמלט אָנ איז, אז עס קומט צו וואָס, שטארק איכ זיכ, אונ בינ קײנמאָל ניט געפאלנ כאלאָשעס.

ליג איכ אזוי אונ שטארק זיכ, מיסטאמע א סעקונדע, אונ מיר דוכט — אנ אײביקײַט. מיטאמאָל דערהער איכ א רעוואָלווער-שאָס. איכ כאפּ א קרומלעכנ קוק פונ אונטנ ארופּ, איכ זע — טורבײַעוו האָט זיכ אונטערגעהויבנ אפ דער רעכטער האנט, אונ דער אָפיצער, וואָס האָט, ווײַזט אויס, זיכ דאָ א ווײַלע פארהאלטנ מיט זײַנ סאָלדאט, האָט אינ אימ נאָכ צוויי פּיסטויל-קוילנ ארײַנגעזעצט. ער האָט דאָס קאלטבלוטיק אונ שנעל אָפּגעטאָנ, זײַנ מערדערישע שטיקל ארבעט, אָט דער פארפלוכטער הענקער, אונ האָט זיכ גיכ געלאָזט מיטנ שליאכ נאָכיאָגנ די אוועקגעגאנגענע גרופּע פריצנ.

דאָרט האָבנ זײ אָבער באלד געכאפּט די מאפּאָלע, א בראָכ צו זײ אלעמענ! דער קאָמיסאר פונ באטאליאָנ האָט מיר דערנאָכ דערצײלט, אז אינ וועלדל באמ ראנד האָט זיכ פארמאסקירט אונדזער שווערער קוילנווארפער, וואָס האָט זיכ באוויזנ צו דערלאנגענ אהינ, אונ האָט אָט די גרופּע אונ נאָכ א סאכ לויפנדיקע פריצנ דאָרט צעשאָסנ אפּנ שליאכ.

אָבער בעשאס-מײַסע האָב איכ, ליגנדיק מיטנ בלויזנ קאָפּ אפּנ שניי, זיכ נאָכ מער צוגעדריקט צו דער ערד אונ געמאכט זיכ „געפּײגערט". וויפל בינ איכ אזוי געלעגנ, וואָס איז מיט מיר געווענ, ווײס איכ ניט. עפּשער בינ איכ אנדערעמלט געוואָרנ אונ עפּשער האָב איכ פּאָרט געכאלעשט, כאָטש איכ האָב זיכ די גאנצע צײַט געשטארקט. נאָר אז איכ האָב ווידער אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, איז שוינ קײנ שײַנ פונ סרײפע ניט געווענ, עס האָט געטאָגט. אונ אינ שטילקײַט פונ ארומ האָב איכ דײַטלעכ געהערט, אז אינ דאָרפ קומט פאָר א שיסערײַ פונ ביקסנ, פונ אווטאָמאטנ, אָבער ניט פונ הארמאטנ, אז עס רײַסנ זיכ גראנאטעס, אונ ניט קײנ מינעס. „נו, — טראכט איכ מיר, — אונדזערע רײַכערנ אויס פונ דאָרפ די פריצנ. הײַדא! מע דארפ זיכ רוקנ".

איכ פויזע צו צו טורבײַעוו, גיב אימ א טאָרע — יאָ, ער קרעכצט... „טורבײַ, — זאָג איכ, — לאָמיר גײנ!" „וווהינ, — זאָגט ער, — גײנ?" „צומ דאָרפ", — זאָג איכ. „מעשוגע! — זאָגט ער, — ווידער צו די פריצנ אינ די לאפּעס?" אונ ער, קוימ אז ער עטעמט; א סאכ טײַנע איז מיט אימ ניטאָ וואָס. „קומ, — זאָג איכ, — לאָמיר פויזענ. ווארפ אריבער אפ מיר א האנט!" נאָר ווארפ הײַנט, ווארפ מאָרגנ, אז ער ליגט, ווי א פלאסט, אונ קוימ וואָס ער זשיפּעט. איכ האָב אימ אָנגענומענ מיט מײַנ געזונטער האנט פארנ גארטל אונ גענומענ פויזענ, שלעפּנדיק אימ נאָכ זיכ. אָט באלד איז שוינ דאָס דאָרפ, אָבער איכ פיל, אז אויס קויכעס, נאָר איכ שטארק זיכ. איכ האָב זיכ אזוי

געשטארקט, ביז מיר האָבנ דורכ די גערטנער ארײַנגעפּויזעט אינ מיט פונ דאָרפ אפּ דער לאנגער, גאָר לאנגער גאס. איכ האָב נאָר דערזענ, אז ארומ אונ ארומ זײַנענ אונדזערע אונ עס איז העלער טאָג. מער ווײמ איכ גאָרנישט... ווײַזט אויס, פאָרט פארלאָרנ דאָס באוווּסטזײַנ...

אינ סאנטייל איז שוינ געווענ פינצטערלעכ, ווענ איכ האָב זיכ אופגעכאפּט פונ א שטארקנ שלאָפ, ווײַזט אויס, אונ האָב זיכ דערפילט גאנצ מונטער. לעבנ מיר זײַנענ געזעסנ דער קאָמבאט, קאפּיטאנ קארפּאָוו, אונ דער קאָמיסאר פונ באטאליאָנ האלפערינ, אויכ מיט א פארבאנדאזשירטער האנט. טורבײַעוו איז דעמלט נאָכ געלעגנ מיטנ פּופּיק ארופ, אונ עפּשער מיטנ פּופּיק אראָפּ, אלנפאלס האָט נאָכ געדויערט א היפּש ביסל, ביז ער איז געקומענ צו=זיכ.

ביימ איכ האָב געהאלטנ אינ אויכטשוכענ זיכ אונ צוהערנ זיכ צו די ווייטיקנ, וועלכע איכ האָב ביז אהער ניט געפילט, איז צו מיר, ווי דורכ א ווענטל, דערגאנגענ עפּעס א שטילע קריגערײַ צווישנ דעמ קאָמאנדיר אונ קאָמיסאר פונ באטאליאָנ. דער קאָמאנדיר האָט געטײַנעט, אז דער קאָמיסאר דארפ אײַנגיינ אפּ עוואקוירנ זיכ, אונ דער קאָמיסאר איז באשטאנענ אפּ דעמ, אז די וווּנד אינ האנט איז א גענוג לײַכטע — מע וועט זי דאָ אויסהיילנ.

ווענ זיי האָבנ מיכ באמערקט א וואכיקנ, זײַנענ זיי ביידע צוגעגאנגענ צו מיר.

„ווי פילט איר זיכ, כאווער באָגאָד?“ — האָט דער קאפּיטאנ קארפּאָוו ליבלעכ=הארציק געפרעגט. אינ מיר האָט זיכ געשטויסנ א שלאָל מיט ווערטער, נאָר ריידנ האָבנ זיי מיכ ניט געלאָזנ, — זיי ווייסנ אלצ, אלצ: מדינאראדזע האָט אלצ געזענ אונ האָט שוינ אלצ דערציילט. „מדינאראדזע?!“ — האָב איכ איבערגעפרעגט. „יאָ, מדינאראדזע! — האָט דער קאָמיסאר באשטעטיקט, — וואָס ווונדערט איר זיכ, כאווער באָגאָד? יאָ, כאווער באָגאָד, די סאָוועטנ האָבנ א סאכ געטרײַע זינ, זיי וועלנ קיינמאָל ניט פארגעסנ די העלדנ, וואָס האָבנ פארגאָסנ זייער בלוט פארנ היימלאנד!“

„העלדנ“, — האָב איכ א טראכט געטאָנ, — „וואָס בינ איכ פאר א העלד, וואָס די מענוואָליום האָבנ אינ מיר ארײַנגעזעצט א פּאָר קוילנ, אונ איכ קאָנ זיכ נאָכ איצט ניט א קער טאָנ?“.

סמירנאָוו האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אפּ „נײַנ“, האָט זיכ אונטערגעהויבנ פונ בעטל אונ מיט ברענענדיקע אויגנ אויסגערופנ:

— העלדנ! ווי דענ!? אוודאי העלדנ!..



כאַיִמ גראַדע

# די ליד וועגנ ייִנגל, דער טויב און דער רויטער אַרמיי

די ליד איז אַ שײַטער אינ נאַכט-קעלט... זי צינגלט —
אונ ס׳ציגדנ די ווערטער ווי פונקענ זיכ אָנ. —
איכ זינג אײַכ די ליד פונ דער טויב מיטנ ייִנגל,
אונ דער רויטער אַרמיי אינ ראָסטאָוו אפנ דאָנ.

די צויג לעקט די קינדער. דער ווינט קרײַזט די קוואַלנ,
אונ ער האָט ניט קיינעמ געהאַט — נאָר אַ טויב;
זײַנ האַרצ פלעגט מיט איר אינ די בלויענ פאַרפאַלנ,
ווי די זונ ווערט פאַרכאַלנ פאַרנאַכט אינ אַ שויב.

באַפאַלנ די שטאָט איז אַ וועלפישע האָרדע.
ווי ס׳וואָלט אפנ שניי אופגעבליט רויטער מאָנ,
האָט דער פײַנט אויסגעזייט זײַנע בלוטיקע מאָרדנ
אפ הויפ אונ אפ גאַס פונ ראָסטאָוו אפנ דאָנ.

די טויב האָט געציטערט, דאָס ייִנגל געטוליעט
האָט שטאַרק זי צו זיכ, ווי ער וואָלט זי געטרייסט, —
אינ שטאָט האָט די וועלפישע האָרדע געהוליעט,
דער קאַמפ אפ די פאָרשטעט געפלאַקערט האָט הייס.

„דו זעסט דאָרט, מײַנ טײַבעלע, רויכ-בערג... אינ פײַער
שפרינגט אומ אונדזער רויטע אַרמיי אפ די פערד,
מיר זײַנענ זיי ביידע, ווי אייגענע, טײַער —
זיי רײַסנ אינ שטאָלצנ גאַלאָפ מיט די ערד.

„פלי, טײַבעלע, פלאַטער צו אונדזערע ברידער,
אונ לאָז זיכ צו זיי אפ די אַקסלענ אַראָפ.
דו וועסט זיי דערקענענ אינ מאַרש נאָכ די לידער,
אינ הייסנ געשלעג — נאָכ דעמ דרייכטנ גאַלאָפ.

„ברענג זיי אַ גרוס פונ דײַנ נעסט דער פאַרברענטער
אונ זאָג זיי, מיר היטנ די ליבשאַפט צו זיי״, —
ער האָט צוגעקניפט צו איר פיסל אַ ליענטע:
„אַ גרוס פונ אַ ייִנגל דער רויטער אַרמיי!״

פאַרשטאַרט מיטאַמאָל איז דאָס יינגל געבליבן,
א דײַטש — ווי א שפּאַרבער, וואָס לאָקט אף זײַן רויב, —
מיט פאַרשטשירעטע ציין האָט צו אים זיך פאַרקליבן —
און זײַן רויכיקע האַנט אויסגעשטרעקט צו דער טויב.

„גיסט צייכנס דעם סוינע... דו הינטישע זערע,
„א גרוס דער אַרמיי"... באָלשעוויסטישער שפּיאָן!
אהער גיב דאָס טײַבל — איך שווער בא מײַן ערע:
צו קליינע פאַר מײַן וויצ איז ראָסטאָוו אפן דאָן.

„מיר טראָגן די שאָלעם-טויב אף די באַגנעטן,
די רויטע אַרמיי זיצט בא מיר אפן שטיק.
גאַנצ דײַטשלאַנד וועט לאַכן פון וויצ, קאָן איך וועטן,
די טויב גיב!"... דאָס טײַבל צום האַרצ צוגעדריקט,

איז דאָס יינגל צוריק אָפּגעטראָטן — און ראַפּטום
א לאָז זיך געגעבן... נאָר אף זײַן באַגנעט
האָט דער דײַטש, ווי אין פוטבאָל-שפּיל, אונטערגעכאַפּט אים — — —
דאָך האָט ער, דער מערדער, פאַרשפּילט דאָס געוועט...

די טויב האָט צעפּליגלט זיך ברייט — א באַשפּריצטע
מיט בלוט, ווי א פײַל הויך געגעבן א שאָס
צו די רויטע לעגיאָנען, וואָס האָבן צעבליצטע
ווי כמאַרעס געטאָן אפן פײַנט זיך א גאָס.

אַראָפּגעזעצט האָט זיך די טויב אף אן אַקסל
פון א שלאַנקן אַרמייער, ווי זי וואָלט דערקענט
איר נעסט אין דער וואַלדיקער גרינקײַט פאַרוואַקסן —
דער גרויס פונעם יינגל האָט בלוטיק געברענט...

די שטאָט האָט געיובלט, געקושט די באַפרײַער,
די שטאָט האָט, אין רויט און אין שוואַרצ אָנגעטאָן,
באַגלייט די האַרוגים... געברענט האָט ווי פײַער
דער טויט-האַס צום פײַנט אין ראָסטאָוו אפן דאָן.

נאָר איינער איז שטיל און פאַרעלנט געלעגן —
דאָס יינגל... ער האָט ניט קיין קרויוים געהאַט.
זײַן פּאָנעם געוואָרן איז אַלט... ווי אין רעגן
ווערט אַלט און פאַרוועלקט אין א האַרבסט-נאַכט — א בלאַט...

זײַן בליק דער פאַרבלויטער, אין טרערן פאַרשלייערט,
געזוכט האָט אין הימל זײַן טײַבל... נאָר זי
האָט געשוועבט שוין צו אים... און די רויטע אַרמייער
האָבן די טויב נאָכגעפאָלגט אין איר פלי.

אָנ אָטעמ איז זי צו דעמ ייִנגל דערפלויגנ,
אראָפּ אפ זייִנ ברוסט אונ געבליבנ פארשטארט.
האָט דער ווינט אפ זייִנ קאָפּ בלאָנדע האָר ווי א בויגנ
א שפּיל געטאָנ סטרוניק: „דו האָסט זיכ דערווארט"...

ראָסטאָוו האָט די טויטע געפירט צו דער קווורע,
דער הימל איז פינצטער געווענ פונ געשריי, —
נאָר דאָס ייִנגל, די טויב צו זייִנ הארצנ פארנורעט,
ווי א זונ, האָט געטראָגנ די רויטע ארמיי...



## י. פאַליקמאַנ

# דער אַרטיסט*

דער נ=ער פֿאָלק האָט פֿאַרנומענ פּאָזיציעס אינ באַלקע סאַמע. דעם גאַנצנ טאָג איז דאָרט שטיל געווענ. ביידע צדדימ האָבנ בלויז עטלעכע מאָל זיכ א טויש געטאָנ מיט אַרטילעריע=שאָסנ. פֿונ מאָל צו מאָל האָבנ אויפֿ דעם בערגל, אַרומ באַלקע, געשטעפּט קוילנוואַרפֿער, אַמאָל האָט דורכגעבליצט א טראַסירנדיקע קויל, וועלכע א רויטאַרמייער האָט אַרויסגעלאָזט איבער א דײַטש, וואָס האָט פּרוּווט זיכ אַרויסגערוקט פֿונעם שוצ=גראָבנ, אָדער א דײַטשישער אַווטאָמאַט האָט א ביל געטאָנ אויפֿ אַנ אונדזעריקנ, וואָס האָט זיכ ניט גאָר פֿאָרזיכטיק אָנגעבויגנ, דורכקלײַבנדיק זיכ איבער א פֿאַרבינדונג=דורכגאַנג פֿונ טראַנשיי. נאָר אינ אַלגעמיינ איז דעם דאָזיקנ טאָג שטיל געווענ אויפֿ די פּאָזיציעס פֿונעם נ=ער פֿאָלק. אונ אינ פּאָליט.אָפּטייל פֿונ דיוויזיע האָט מענ געפֿונענ פֿאַר מעגלעכ צושיקנ אַהינ כאָטש איינ אַרטיסט פֿונ דער גרופּע אַקטיאָרנ, וועלכע זײַנענ פֿונ א גרויסער, ווײַטער סיבירער שטאָט געקומענ באַדינענ די אָפּערירנדיקע טיילנ.

אַרויסגעזאָגט א פֿאַרלאַנג צו דערקלײַבנ זיכ נעענטער צו די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס האָבנ עטלעכע אַרטיסטנ מיטאַמאָל. דאָס האָבנ זיי, אייגנטלעכ, אויפֿגעגעבנ דעם דאָזיקנ געדאַנק אינ פּאָליט.אָפּטייל. דער ערשטער האָט אַרויסגעזאָגט א ווונטש צו פֿאָרנ אָדער צו גיינ אויפֿ דער פֿאָדערשטער שוצ=ליניע א פֿאַרדינסטפֿולער אַרטיסט מיט אַנ אָרדענ אויפֿ דער ברוסט, שוינ אַנ עלטערער, פֿולבלעכער מענטש מיט באַזילבערטע שלייפֿנ. באַלד האָט פֿאַר דער דאָזיקער אידיי זיכ אָנגעכאַפּט אויכ א יונגע זינגערנ, א דינינקע, ניט קיינ הויכע, שלאַנקע, מיט פֿריילעכע אויגנ, באַשאָטנטע מיט לאַנגע צוגעפֿאַרבטע וויִעס. זי האָט זיכ געלאָזט דאָ צו איינ טוער פֿונ פּאָליט. אָפּטייל, דאָ צו א צווייטנ, מיט איר ווײַסער, דינער האַנט אָנגענומענ יעדנ פֿאַרנ לאַץ פֿונ שינעל אונ געוואָלט אַלעמענ איבערצײַגנ, אַז ס'איז איר ניט שרעקלעכ, נײַנ, ס'איז איר זייער אינטערעסאַנט, ס'איז איר טרוימ פֿונ דער גאַנצער נעסיע.

אָפּגעשטעלט האָט מענ זיכ אָבער אינ פּאָליט.אָפּטייל דאַפֿקע אויפֿנ פֿאָרלעזער פֿונ דער גרופּע. דאָס איז געווענ א מאַנצביל פֿונ א יאָר זיבנ אונ דרײַסיק, העכער פֿונ מיטעלנ וווקס, מיט א לענגלעכ, גוט=אויסגעגאָלט פֿאַרקלערט געזיכט, מיט גרויע, טרויעריקע אויגנ, וועלכע זײַנענ געזעסנ טיפֿ אונטער העלע, געדיכטע ברעמענ אונ איבער וועלכע זײַנענ דינע, עטוואָס בלוילעכע אויגנ=לעפֿלעכ האָבנ זיכ פֿונ מאָל צו מאָל אַראָפּגעלאָזט, ווי בא א מענטשנ, וואָס איז מיד, זייער מיד... א קאַלטבלעכער, אַזוי ווי א זײַפֿיקער, איז ער געשטאַנענ צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט פֿונעם ערד=שפּיבל, וואָס איז געווענ באַקלאַפּט מיט גראָבע ברעטער. אונ האָט מיטנ אַקסל געפֿילט דעם שטילנ, קוימ=מערקבאַרנ ציטער פֿונ דער ערד בא די ווײַטע האַרמאַטנ=שאָסנ. אונטער דער פֿאַכווע האָט ער געהאַלטנ עפּעס א פּעקעלע, מיט וועלכנ ער האָט זיכ ניט געשיידט. אָנגעטאָנ איז דער דאָזיקער אַרטיסט געווענ א ביסל ניט געוויינלעכ, — ער האָט געטראָגנ א רויטאַרמייִשע שינעל איבערנ ציוויל=, טונקל=גרויענ אַנצוג, א בודיאָנאָווקע. זי איז געווענ ניט באַקוועמ אַראָפּגערוקט איבער

די אויערנ, גאָר אזוי, אז די העלע, גלאטע האָר, פארקעמטע אפ ארופ, האָבנ זיכ געזעענ איבער זײַנ הויכנ שטערנ. אפ די פיס האָט ער געטראָגנ וואָליקעס. געווענ איז אינ זײַנ גאנצנ אויסזענ אנ אויסדרוק פונ גלײַכגילט, פונ קאלטער גרייטקײַט אונ עפעס אויכ פונ מידער אנטשלאָסנקײַט. אונ דאָכ האָט ער, וועלכער האָט די גאנצע צײַט געשוויגנ אונ אפילע ווי ניט צוגעהערט זיכ צומ שטרײַט, ווער עס זאָל גיינ אפ די פאָדערשטע פאָזיציעס, מיטאמאָל זיכ אויסגעגלײַכט אונ געזאָגט:

— נו, איז וואָס זשע רעדט מענ דאָ אזויפיל? איכ וואָלט געגאנגענ.. כ'בינ גרייט צו גיינ...

מע האָט אפ אימ א קוק געטאָנ א ביסעלע פארכידעשט, מע האָט אפילע אימ ניט געפונענ וואָס צו ענטפערנ — ווער וויל דענ ניט גיינ? — נאָר עפעס איז געווענ אינ זײַנ טאָנ אזוינס, אז אלע האָבנ דערפילט: — יאָ, ער איז דער סאמע פאסיקסטער. דער שעפ פונ פאָליט.אָפטייל, וואָס איז געזעסנ באמ טישל אינ עק פונ ערד=שטיבל אונ געווארעמט די פארפרוירענע פינגער אָנ א בלעכנ טעפעלע טיי, האָט מיטאמאָל אָפגערוקט א ביסל דאָס טעפעלע אונ געזאָגט:

— איז אָט וועט איר גיינ... זאָל דער דאָזיקער כאווער גיינ. אויב ס'וועט זײַנ מעגלעכ, וועט איר פאָרלייענענ עפעס, גאָר אזוינס, ווארעמס, ס'זאָל פאר דער נעשאָמע נעמענ... די מענטשנ אינ די טראנשייענ האָבנ זיכ שוינ פארבענקט נאָכ דעמ.

דער ארטיסט האָט מיט א שאָקל פונעמ קאָפ אונ מיט א צעמישטנ, שמייכלענדיקנ בליק זיכ געזעגנט מיט אלעמענ, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אינעמ ערד=שטיבל, אונ אוועק, טראָגנדיק זײַנ לענגלעכ פעקעלע אונטער דער פאכווע. א יונגער אווטאָמאטלער האָט אימ באגלייט אינ פאָלק.

אפנ וועג צו דער באלקע סאטו. זײַנענ זיי פארבײַגעגאנגענ פיל אנדערע באלקעס, ווו ס'זײַנענ געשטאנענ צונויפגעדריקט פורלעכ, פערד, ווו עס האָבנ פרידלעכ גערויכערט פעלד=קיכנ אונ קעכערס האָבנ געהאקט פארפרוירנ פלייש, פארבײַגעגאנגענ ערד=שטיבלעכ, וואָס האָבנ זיכ ווי גאָרעס פונ א מוילוואָרפ געצויגנ בײַ די בארג=שיפוענ, געמיטנ ארטילעריע= אונ מינענוואָרפער=באטארייעס. דער ארטיסט האָט שווײַגנדיק זיכ צוגעקוקט צו דעמ אלעמ, ווי צו עפעס געווינטס, ס'איז אפילע פארשוונדנ די פארזאָרגטקײַט פונ זײַנ געזיכט — אזא מינע רויִקײַט אונ גרייטקײַט איז אפ דעמ געווענ, ווי בײַ דעמ געוויינלעכנ סאָלדאט, דעמ גרויענ אונ פראָסטנ, וואָס אז ער איז געשיקט עפעס טאָנ, גייט ער.

סנאריאדנ האָבנ א פאָר מאָל דורכגעפײַפט איבערנ קאָפ, ערגעצ ניט ווײַט מיט א קרעכצ געריסנ זיכ. דער אווטאָמאטלער האָט זיכ ניט אָפגעשטעלט, ניט געווענדט קיינ אופמערקזאמקײַט דערופ, אונ דער ארטיסט האָט זיכ אויכ ניט אומגעקוקט, ער האָט בלויז איינ מאָל איבערגענומענ דאָס ווײַסע, לענגלעכע פעקעלע אינ דער צווייטער האנט, שטארקער צוגעדריקט עס מיטנ עלנבויגנ, געמאכט א פאָר שנעלערע שפאנ, נאָר באלד זיכ צוריקגעכאפט אונ שוינ מער זיכ ניט געײַלט, ווענ א פײַפ פונ א סנאריאד האָט האסטיק גענומענ אָנוואקסנ אינדערלופטנ...

ענדלעכ איז מענ געקומענ אינ א טיפער, געשלענגלטער באלקע, בײַ וועלכער די שיפוענ זײַנענ געווענ באדעקט מיט שיטערע קוסטעס — אינ דער באלקע סאטו, ווו ס'האָט זיכ געפונענ דער שטאב פונ נ=ער פאָלק. דער אווטאָמאטלער האָט זיכ אָפגעשטעלט בײַ א בלינדאזש מיט א הילצערנ דעכל אונ א געפארבטער טיר. דאָס איז געווענ דער בלינדאזש פונעמ פאָלק=קאָמאנדיר.

דאָ איז געשטאנענ א וואכמאנ. דערוויסט זיכ, ווער ס'איז געקומענ, איז ער, אָפטרייסלענדיק דעמ שניי פונ די וואָליקעס, ארײַנ אינ בלינדאזש מיטיילנ. באלד האָט די טיר ווידער זיכ אנ עפנ געטאָנ אונ ס'איז ארויס א יונגער, בלאָנדער לייטענאנט אינ איינ גימנאסטיאָרקע, אָנ א היטל. אפ זײַנ קײַלעכדיקנ, צערויטלטנ אונ באזונדערס אופגערוימטנ געזיכט האָט זיכ צעפלאָסנ א שמייכל פונ אכטונג אונ גאסטפרײַנטלעכקײַט. מיט א ברייטנ מאכ פונ דער האנט האָט ער אײַנגעלאדנ דעמ ארטיסט ארײַנגיינ. אונ דער ארטיסט איז אינ א באזונדערס געהויבענער שטימונג, מיט

איזא אומבאשטימטער, פרייִדיקער דערוואַרטונג איבערגעטראָגנ דעמ שוועל פונ ערד־שטיבל.

פונעמ שנײ און פונ דער דרויסנדיקער ליכטיקײט האָט ער ניט באלד באמערקט, וואָס אינ דעמ גערוימענ בלינדאזש קומט פאָר און ווער ס'איז דאָרט פאראנ. מע האָט אימ פרײנטלעכ באגריסט, עטלעכע שטימענ מיטאמאָל האָבנ געזאָגט: „אָ, אָ, צו אונדז אַנ ארטיסט, זייער פײנ, זייער אָנגענעמ“. עפעס האָט עמעצ פונ א זײט געפרעגט, צי ער איז שוינ לאנג אינ דיוויזיע, נאָר טייקעפ האָט די דאָזיקע שטימ איבערגעדעקט אנ אָנגענעמער, פעטער באס, וואָס האָט באלעבאטיש־באפוילעריש און ברייטלעכ געזאָגט:

— נו, גענוג פארשיטנ א מענטשנ מיט פראגנ, מע דארפ אימ פריִער אוועקזעצנ, דעמ גאסט. אנו, לאָזט אימ צו נעענטער צומ אויוועלע...

און דער ארטיסט, וואָס האָט זיכ שוינ צוגעווינט צומ האלב־טונקל, האָט דערזענ א הויכנ, קרעפטיקנ מאנצבל מיט ברייטע אקסל. ער איז געשטאנענ אינמיטנ צימער אָפ איינ פוס, דער צווייטער, פונ וועלכנ דער שטיוול איז געווענ אויסגעטאָנ און די גאליפע־הויז פארהויבנ ביז דער קני, איז געווענ אָנגעשפארט אָנ א בענקל. א יונגע מעד.שוועסטער מיט גלאטע, לײנענע האָר האָט זיכ צוגעזעצט אָפ די שפיצ פינגער לעבנ בענקל און פאָרזיכטיק ארומגעשמירט מיט יאָד אנ אָפענע וווּנד אָפ דעמ דאָזיקנ פוס. דאָס איז געווענ דער קאָמאנדיר פונ פאָלק, — א פאָדפאָלקאָווניק.

דער ארטיסט איז צוגעגאנגענ צומ אויוועלע. ער האָט זיכ טאקע געוואָלט א וואַרעמ טאָנ די הענט, — קיינ הענטשקעס האָט ער ניט געטראָגנ, — האָט ער מעכאניש אוועקגעלייגט אינ א זײט, אָפ א ציגל, דאָס פעקעלע, נאָר באלד זיכ געכאפט און עס ווידער גענומענ אונטער דער פאכווע, ווי ער זאָל דאָס מוירע האָבנ צו פארגעסנ. דער קאָמאנדיר פונ פאָלק האָט מיט אינטערעס געקוקט אָפ אימ.

— כאָטש איר זײט אָנגעטאָנ אינ א שינעל און אינ א בודיאָנאָווקע, נאָר איכ זע אָפ אײַכ א ציווילנ אָנצוג — האָט ער געזאָגט, צעצײַענדיק אינ א שמייכל די פולע, בוילעטע ליפנ, — כ'האָב שוינ לאנג ניט געזענ קיינ ציווילע קליידונג... שוינ וויפל? א כאדאָשימ זעקס זײנענ מיר דאָ, אינ די באלקעס, וווּ ס'איז ביכלאל ניט צו זענ קיינ ציווילנ, און פריִער איז אויכ אויסגעקומענ זיכ ווייניק צונויפשטויסנ מיט מענטשנ פונ פרײענ גראד — שטענדיק אינ די ערד־שטיבלעכ, אינ פעלד... ס'איז אָנגענעמ דערמאָנענ זיכ אָנ אמאָל, אָנ דער היימ... ארויסרופנ אינ געדאנק א שטאָטיש בילד...

דער ארטיסט האָט געשוויגנ, בלויז פארלוירנ א קנייטש געטאָנ מיט די אקסל, ניט וויסנדיק, ווּאזוי צו באציִענ זיכ צו די דאָזיקע ווערטער דעמ פאָדפאָלקאָווניקס.

— איכ בינ א קאדראָווער מיליטערישער, — האָט פארגעזעצט דער קאָמאנדיר פונ פאָלק, — נאָר אינ א פרײענ אָוונט האָב איכ זיכ אמאָל ליב געהאט איבערצומאָנ אינ ציווילע קליידער און אוועקגיינ שפאצירנ אינ גאס... פארלירסט זיכ אזוי צווישנ אלעמענ און ס'איז גוט... עכ, מאלע וואָס מיר האָבנ אמאָל ליב געהאט!...

— כ'בינ געווענ אינ פאָלקס־אָפּאָלטשעניע, היינטער מאָסקווע, — האָט דער ארטיסט געזאָגט, ווי באַרעכטיקנדיק זיכ און ענטפערנדיק אָפ זײנ אייגענער פארלעגנהײט, — איז פונ דאָרט בא מיר דער שינעל און די בודיאָנאָווקע. כ'האָב געמוזט אוועקגיינ, ווײל כ'בינ לויטנ געזונט ניט פאסיק פאר מיליטער־דינסט, א שטארקער רעוומאטיזמ און נאָכ פארשיידענע קרענק... און דער דאָזיקער אָנצוג איז נאָר ניט קיינ פײנער, — האָט ער צוגעגעבנ, — צעקנייטשט געוואָרנ אינ וואגאָנ און היפש אָפגעריבנ...

— נו, יאָ, איכ זאָג ניט, — האָט דער פאָדפאָלקאָווניק דערפילט די פארלעגנהײט פונעמ ארטיסט און, ווי איבערבעטנדיק אימ, ווידער ברייט און הארציק א שמייכל געטאָנ. ער האָט א קער געטאָנ דעמ פוס, צו וועלכנ די מעד.שוועסטער האָט אָקאָרשט געוואָלט צולייגנ אנ אָנגעווייקטע אינ עפעס געלע שטיק מארליע, — איז וואָס וועט איר — זינגענ צי שפילנ? — האָט דער קאָמאנדיר געפרעגט און נײגעריק א קוק געטאָנ אָפנ פעקעלע, וואָס דער ארטיסט האָט געהאלטנ אונטער דער פאכווע.

— ניין, כ'וועל פאַרלייענען... כ'בין א פאַרלייענער,—האָט יענער געזאָגט מיט אינערלעכער פעסטקייט, צונויפגערוקט די העלע, געדיכטע ברעמען און מידלעך אראָפּגעלאָזט די בלויליכע דינע אויגנ־לעפלעך.

— אָ, פאַרלייענען, גוט, גוט, דאָס איז אינטערעסאנט... מ'פאַרבענקט זיך אמאָל נאָך א ביכל, און לייענען איז ניטאָ ווען און ניטאָ וואָס... אָט טשעכאָוון וואָלט איך געלייענט, כאָטש וואָס־ניט־איז. האָב איך אנומלטן געשיקט מיין אדיוטאנט אין א נאָענטן דערפל, ער האָט דאָרט איבערגעגראָבן וואָס איר ווילט, נאָר טשעכאָוון ניט געפונען... דערנאָך האָבן זיך דאָ בא אונדז אָנגעהויבן אזעלכע שלאכטן, אז ס'איז שוין אין קאָפּ ניט געלעגן. אָט בלויז היינט איז א ביסל שטילער...

אין ווינקל האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. דער יונגער לייטענאנט מיטן רויטן, פאַרפלאמטן געזיכט, פון וועלכן ס'איז די גאנצע צייט ניט פאַרשווּנדן דער אויסדרוק פון פרייִדיקער גרייטקייט און אכטונג, האָט זיך א וואָרף געטאָן צום טרייבל, עפּעס א זאָג געטאָן אין דעם, איינגעהערט זיך א ווײַלע און באלד זיך געענדערט. זיינע דינע, אונטערגעגאָלטע ברעמען האָבן זיך אויפגעהויבן אויפן שטערן, דאָס פּאָנעם איז נאָך רויטער געוואָרן, און פאַרקערט — די האנט, מיט וועלכער ער האָט געהאלטן דאָס טרייבל, איז געוואָרן ווייס און האָט א ציטער געטאָן. —וואָס?!— האָט ער א געשריי געטאָן מיט א פּלוצעמדיקער הייזעריקייט,—באלד, באלד... אָט גיב איך איבער דעם באלעבאָס...

ער האָט מיט אָפּגעשטעלטע, עטוואָס ברייטער־צעעפענטע אויגן שווייגנדיק א קוק געטאָן אויפן קאָמאנדיר פון פּאָלק, מיט אָט דעם שווייגן געבנדיק אים צו פאַרשטיין, אז עפּעס איז געשען וויכטיקס, מיט איין האנט גענומען אויסגלייכן דעם פאַרדרייטן טעלעפאָנ־דראָט און מיט דער צווייטער דערלאנגט דאָס טרייבל.

— „אויגן"? ארכיפּאָוו? — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק איילנדיק א פרעג געטאָן און טייקעפּ זיך א בייג געגעבן מיטן גאנצן גוף צום טרייבל.—הא? איך הער. וואָ־אָס?! — האָט ער אָפּגעהאקט, מיט א פאַרענדערטער שטים אזוי הויך א זאָג געטאָן, אז דאָס קאנעצל, וואָס האָט טונקל געברענט אין א ווינקל פון בלינדאזש, האָט זיך א וויג געטאָן, און דער ארטיסט, וואָס איז געשטאנען באם אויווּעלע, האָט דערפילט, ווי ס'איז אים א פיבער דורך איבערן לייב. — וויפל זאָגסטו? ייִפל?! צוואנציק?! און צום שאָכן אויך? — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק געשריגן אין טרייבל. ער האָט מיטאמאָל פאַרגעסן, אז מע בינדט אים איבער דעם פוס, אים א שטעל אראָפּ געטאָן אויף דער ערד און א טראָט געטאָן נעענטער צום טעלעפאָן. די מעד.־שוועסטער מיט די גלאטע, לייגענע האָר איז געבליבן זיצן א פאַרגליווערטע אויף די שפּיץ פינגער, — כ'וועל אליין אָנקלינגען צו „נעווא"! צו „וואָלגא" שיק שוין א מענטשן, אויב קיין פאַרבינדונג איז ניטאָ. זאָלן זיי ארויסרופן א פאַרצוימונג־פייער... וואָס, דו זעסט, אז זיי האָבן שוין געעפנט פייער? אליין? דאָך דאַרף מען זיך פאַרבינדן... גו, ארבעט, איך קום באלד אליין...

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט אוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

— אויפהייבן די דרימע ראָטע! — האָט ער אָפּגעהאקט א זאָג געטאָן צום אדיוטאנט, — זי וועט גיין מיט מיר! — דער אדיוטאנט איז אוועק. — טאָכטערקע, פאַרענדיק שנעל די מאניפּוליאציע, — האָט ער זיך א ווענד געטאָן צו דער מעד.־שוועסטער. זי האָט פלינק גענומען פאַרפעסטיקן דעם אראָפּגערוקטן באנדאזש. — די פּלאַנשעטקע! די שווערד! — האָט דער קאָמאנדיר טרוקן באפוילן דעם אָרדינארעץ, א ן עלטערן רויטארמייער מיט פלינקע, געלאסענע באוועגונגען, און ביז יענער האָט אים דאָס אלץ דערלאנגט, האָט ער אליין דערווייל אָנגעקלונגען צו „נעווא". דער ארטיסט האָט זיך צוגעקוקט צו דעם אלעם און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך. דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט ארויפגעשלעפּט דעם שטיוול, א שטארקן קרימ זיך געטאָן און איז אויפגעשפּרונגען, אָנגעטאָן דעם שינעל, וואָס האָט אים געמאכט שטאלטנער און נאָך מענערישער, פאַרקרעמפּעוועט זיך מיטן רימען און מיט די פּארטופּייען. און דאָ האָט ער, שוין מיט אן אָפּוועזנדיק בליק זיך אָפּגעשטעלט אויפן ארטיסט,

מיטאמאל ווי דערמאָנט זיכ אינ אים, א צעפיר געטאָנ מיט די הענט אונ א שמייכל געטאָנ. — נו, אָט וועט אונדז אויכ הײַנט אויסקומענ אָפּלייגנ די פּאָרוויילונג... מע דארפ אנ אטאקע אָפּשלאָגנ... אויב איר ווילט אוועקגיינ, וועט אײַכ דער דאָזיקער כאווער, מײַנ אָרדינארעצ, אָפּפירנ, אונ אויב איר קאָנט — ווארט... מירנ אײַכ גערנ אויסהערנ...—אונ ער האָט אזוי באשעפטיקט, הארציק אונ אנטשולדיקנדיק זיכ א שמייכל געטאָנ, אז אינעמ ארטיסט האָט אלצ א קוועל געטאָנ פונ פרייד, פונ אינערלעכער, טיפער ווארעמקײַט אונ גליק.

אינ בלינדאזש זײַנענ פארבליבנ בלויז דער ארטיסט מיטנ אָרדינארעצ.

— איכ קאָנ אײַכ אָפּפירנ אינ דיוויזיע, — האָט דער אָרדינארעצ געזאָגט, צוראמענדיק פונעם טיש עטלעכע מעפּלעכ, א טעלער מיט אָנגעשניטענע שטיקלעכ וווּרשט אונ אויסשטעלנדיק דאָס אלצ אקוראט אפנ פּאָליטשקע, ווו ס'האָט געברענט דאָס קאגנעצל.

ס'האָט זיכ דערהערט א שטארקער, אָנוואקסנדיקער געוויי, אונ עטלעכע מעכטיקע אויפרײַסנ האָבנ אויפגעטרייסלט דעמ בלינדאזש. ערד-שטויב האָט זיכ גענומענ שיטנ פונ דער סטעליע, א מײַזל איז הינ אונ צוריק דורכגעלאָפנ איבערנ ראנד פונעמ הענגענדיקנ שפיגל, אראָפּגעלאָזט זיכ איבער א דיקנ באלקנ אונ פארשוווּנדנ אינ א זײַטיקער שפּארונג. דער ארטיסט האָט געקוקט, ווי דאָס עקעלע פונעמ מײַזל איז פארשוווּנדנ, אונ זיכער געזאָגט:

— ניינ, כ'וועל ניט גיינ אינ דיוויזיע... כ'וועל צוווארטנ ביז ס'וועט זיכ ענדיקנ. —ער האָט א כמורע געטאָנ די געדיכטע ברעמענ, א קרימ געטאָנ די אקשאָנעסדיק צונויפגעפרעסטע ליפנ, ווי ס'זאָל אימ ביכלאל דערווידער זײַנ די דאָזיקע פראגע. ס'האָבנ זיכ ווידער דערהערט איינס נאָכ איינס עטלעכע שטארקע אויפרײַסנ גאָר נאָענט. ער האָט עפּעס ווי א טרויעריקנ שמייכל געטאָנ, ווי איינער מאכט: „נו, יאָ, מע קאָנ דענ דאָ עפּעס אנדערש דערווארטנ?“—ניט פרעגנדיק קיינ דערלויבעניש, האָט ער מיט די איידעלע, ווײַסע פינגער זיכ א צי געטאָנ צומ אָפּענעמ פעקל ציגארנ, וואָס איז געלעגנ אפנ טיש, פארייכערט.

ס'האָט זיכ גאנצ בוילעט דערהערט א שטעפנ פונ קוילנוווארפער, אנ אומקלאָר גרילצנ אונ זשומענ פונ מאָטאָרנ. דער אָרדינארעצ האָט אומרויִק אונ מיט אכטונג א לאנגנ, שווערנ קוק געטאָנ אפנ ארטיסט, דערנאָכ, ווי אנטשלאָסנ זיכ, געזאָגט:

— איכ מיינ, כאווער, אז ס'וואָלט פאר אײַכ טאקע בעסער געווענ אוועקגיינ... איכ וועל אײַכ ווײַזנ דעמ וועג... גאָרנישט קומט דאָ אזוינס ניט פאָר, נאָר איר זײַט דאָכ ניט געוווינט... אזוי, אז... ווי איר פארשטייט... איכל דאָ א קוק טאָנ ארומ אונ כייקעפּ ארײַנגיינ... — ער איז ארויס אינדרויסנ.

דער ארטיסט האָט רויִק גערויכערט, קיינ שומ זאָרג אונ פארקלערטקײַט האָט זײַנ געזיכט איצט ניט אויסגעדריקט, פארקערט, די אויגנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ מיט א קוימ מערקבארנ, אינערלעכנ פײַערל. נאָר אויכ דאָס איז באלד פארשוווּנדנ. זײַנ גאנצע פיגור האָט איצט אויסגעדריקט בלויז רויִקײַט אונ גרייטקײַט. ער האָט דאָס פעקעלע געפּרוּווט ארײַנרוקנ אינ קעשענע פונ שינעל, נאָר ס'איז ניט געקראָכנ, האָט ער עס ווידער פארפרעסט אונטער דער פאכווע.

דער אָרדינארעצ האָט זיכ אומגעקערט א פארזאָרגטער, א באשעפטיקטער, א מאָדנע אויפגערעגטער. ער האָט ארויסגעשלעפט פונ אונטער דער נארע א קאסטנ, ארויסגענומענ פונ דאָרט עטלעכע גראנאטעס. דערנאָכ איז ער ארופגעקראָכנ אפ דער נארע אונ אראָפּגענומענ פונ וואנט אנ אווטאָמאט. ער האָט די גראנאטעס פארוקט אינ קעשענע, איינע, א גרויסע — צוגעפעסטיקט אפ א שטריקעלע צומ רימענ, דעמ אווטאָמאט פארוואָרפנ אפנ אקסל אונ זיכ געלאָזט צו דער טיר.

— נו, איז זײַט דאָ, — האָט ער א זאָג געטאָנ צומ ארטיסט אונ מיט פאָרוווּרפ, שטרענג א קוק געטאָנ אפ אימ פונ דער שוועל, ווי מע קוקט אפ א מענטשנ, וואָס טוט אייגנטלעכ ניט דאָס, וואָס מע דארפ, נאָר אי מע האָט קיינ מאכט ניט איבער אימ, אי מע פארשטייט אימ ניט. דער ארטיסט האָט עס דערפילט, ער האָט אומ=

רויִק א בלאָנדזע געטאָנ מיטנ בליק איבערנ ברייטנ טונקעלנ בלינדאזש. דאָס מײזל, וואָס האָט פריִער זיכ געהאט באהאלטנ, איז שוינ ווידער ארומגעקראָכנ איבערנ ראנד פונעמ שפיגל, אונ ס'האָט אינ אימ קיינ עקל ניט דערוועקט, ווי פריִער, פארקערט, ער האָט זיכ דערפרייט מיט דער דאָזיקער לעבעדיקער באשעפעניש.

ס'איז אימ, אייגנטלעכ, קיינ גאָוועניע ניט געווענ אזוינס, וואָס דאָ קומט איצט פאָר, איבערלעבנ. ער איז געווענ א סאָלדאט, געגאנגענ מיט דער ביקס אינ האנט, איבערגעלעבט די אלע געפארנ. אונטער מאָסקווע האָט ער געקעמפט, ער איז געגאנגענ פארטיידיקנ זײנ מאָסקווע, וואָס איז אימ אזוי טײער, ווו יעדער סקווער, יעדער ראָג, יעדעס טרעפל קאָנ אימ, ווו ער איז אזויפיל מאָל ארויסגעטראָטנ פאר טויזנטער מענטשנ. דערנאָכ האָט מענ געפונענ פאר נייטיק אימ באפרײענ פונ ארמיי מאכמעס דער קראנקײט, האָט ער זיכ צו דעמ באצויגנ, ווי צו אנ אומבאשטרײטבארער זאכ. אָבער אינ דער סיבירער שטאָט, וווהינ ער איז געקומענ, האָט ער זיכ קיינ רו ניט געקאָנט געפינענ. „נו, גוט,— האָט ער געטראכט,— זאָל זײנ ער גייט ניט מער מיט דער ביקס, אָבער ווי קאָנ ער זײנ דאָ, אזוי ווײט פונ די שלאכטנ, באטש מיט עפעס ניט איבערלעבנ דאָס, וואָס ס'לעבנ איבער די מענטשנ אפנ פראָנט"? אָט דערפאר האָט ער זיכ געבעטנ פאָרנ אינ די אָפּערירנדיקע טײלנ, אָט דערפאר איז ער געגאנגענ אינ פאָלק אונ גרייט געווענ גיינ נאָכ ווײטער, אויב מע וואָלט געקאָנט, אינ די בלינדאזשנ אונ ערד-שטיבלעכ, ווו די רויטארמייער וואַרעמענ זיכ, ער וואָלט דאָרט, בא אנ אויוועלע, פארגעלייענט פאר זיי, געשמועסט מיט זיי. אָבער איצט גייט א שלאכט, אונ ער פילט זיכ עפעס איבעריק אונ קליינ: א שוואכער איז ער, ער ווייסט דאָס, דער ווייטעק קאָנ אימ א כאפ טאָנ, וועט ער אינמיטנ וועג בלײבנ שטיינ, נישטיק איז זײנ קראפט אלס סאָלדאט, פיל שטארקער איז ער אלס ארטיסט, אָ, דאָ איז ער שטארק, דאָ קאָנ ער דערטראָגנ דעמ צויבער אונ די מעכטיקײט פונ פושקינ, לערמאָנטאָוו, מאיאקאָווסקי, דאָס איז עפשער פארנ ארמייער פונקט אזוי וויכטיק, ווי ווענ ער זאָל זיכ לייגנ לעבנ אימ מיט דער ביקס אינ האנט. עפשער איז עס אזוי, עפשער איז עס אלצ עמעס... נאָר ער האָט איצט פאָרט ניט געקאָנט אײנשטײנ אינ בלינדאזש אויג אפ אויג מיטנ מײזל, וואָס האָט זיכ שוינ אינגאנצנ אָנ שרעק אײנגעמאָסטעט אפנ ראנד פונעמ שפיגל, צונויפגעצויגנ דאָס גופל אינ א קנײלכל...

ער איז ארויס פונ בלינדאזש, פארוקט דאָס פעקעלע אינ בוזעמ. ער האָט גאָר ניט געוווּסט, אז די אופרײסנ פונ די סנאריאדנ אונ מינעס לייגנ זיכ אזוי נאָענט. די געשלענגלטע, פארשנייטע באלקע איז אינגאנצנ פארצויגנ געווענ מיט בלויִלעכנ פולווער-רויכ, שווארצע זײלנ מיט פײער-בליצנ אינ דער מיט האָבנ זיכ אלעמאָל געהויבנ דאָ אונ דאָרט, אונ דאָס דונערנ אונ קנאלנ האָט זיכ אזוי אויסגעמישט, אז מ'האָט שוינ קיינ באזונדערע אופרײסנ ניט געהערט. אומעטומ — א פײפנ פונ קוילנ, אָט דינ אונ פישטשענדיק, אָט וואָרגענדיק אונ מיט אזא געהויל, אז דאָס בלוט ווערט אזש פארקילט. דער ארטיסט האָט זיכ אָפגעשטעלט אינ פארלוירנקײט, ארויפגענומענ די בודיאָנאָווקע אונ א פיר געטאָנ מיט דער האנט איבער די האָר. אימ האָט זיכ געדוכט, אז די האָר באוועגנ זיכ אונ זײנענ צעשויבערט. ער האָט זיכ צוגעבויגנ, ארײנגעצויגנ דעמ קאָפ אינ די אקסלנ.

מיטאמאָל האָט ער דערזענ דאָס שטענגלע, מיט וועלכנ דער אווטאָמאטלער, וואָס האָט אימ אהער געבראכט, איז אוועק צוריק אינ שטאב פונ דיוויזיע. נאָר טאָקע ווײל ער האָט עס דערזענ אונ ס'האָט אימ אהינ א צי געטאָנ, האָט ער זיכ געלאָזט אינ דער קעגנאיבערדיקער זײט אָנגעבויגענערהייט גענומענ אריבערלויפנ צו דעמ נידעריקנ אָפגויס פונ דער באלקע, ווו ס'זײנענ געוואקסנ שיטערע קוסטעס אונ ווו ס'האָבנ אינ טיפנ שניי געפויזעט ארופ-צו עטלעכע רויטארמייער. דערלאָפנ ביזנ טיפנ שניי, האָט ער זיכ אויכ אוועקגעלייגט אונ גענומענ פויזענ. ער האָט באלד דערפילט, אז עס פרירנ אימ די הענט, אונ מיט פארדראָס דערמאָנט זיכ, אז אינ בלינדאזש, אפ א בענקל, זײנענ געלעגנ עמעצנס הענטשקעס, מע וואָלט זיי געדארפט נעמענ.

דער שניי איז מוירעדיק קאלט געווען, ס'האָט געבלאָזן א שטארקער ווינט פון אָפּענעם פעלד, שארפע שניי־גרײַפּעלעך האָבן געשטאָכן אין פּאָנעם. דאָס אלץ האָט ער אָבער געפילט בלויז אין די ערשטע מינוטן, אין א רעגע ארום האָט ער שוין אָן דעם פארגעסן.

ער האָט זיך אופגעהויבן העכער, דערגרייכט צום ראנד פון דער באלקע און שיר ניט קיין געשריי געטאָן פון פארוואונדערונג. איבערן ברייטן, ווײַסן פעלד, אפ וויפל דאָס אויג האָט געכאפּט, האָבן זיך געזען שווארצע אופרײַסן, פײַער־בליצן; מאנקען זײַנען געגאנגען, מענטשן זײַנען געלאָפן, געפאלן, געפויזעט, ווי רייענווײַז, ווי איינציקווײַז און ווי — אין שווארצע קופּקעלעך. לעכאטבילע האָט ער זיך ניט פאנאנדערגעקליבן, ווי זײַנען אונדזערע און ווי — דער סוינע. זײַן אויג האָט בלויז פארפיקסירט אין דער ערשטער רעגע באזונדערע בילדער: אָט האָט עמעצער א שפרונג אופּ געטאָן מיט א גראנאטע, זי א וואָרפּ געטאָן אין א טאנק, וואָס גייט גלײַך אפּ אים. דער מענטש האָט א פאל געטאָן, און דער טאנק האָט זיך אײַנגעהילט אין שווארצן. נאָר טייקעפּ האָט הארט לעבן ארטיסט עפּעס א האסטיקן שטעפּ געטאָן. ער האָט אינגאנצן זיך צונויפגעגיורעט, דערפילט, ווי ס'האָט אים א קאלטער שווייס באשלאָגן — דאָס האָט א קוילנוואַרפער געטראָפן גלײַך לעבן אים. ער האָט אינסטינקטיוו זיך ארויפגעלאָזט א פּאָר שפּאן נידעריקער אין באלקע. איצט האָט ער שוין ניט געזען דאָס פעלד, ווי די שלאכט איז פאָרגעקומען, קוילן האָבן געפײַפט איבער זײַן קאָפּ. ער איז געלאָפן לענגאויס דער באלקע און נאָר גאנץ אומקלאָר פארשטאנען, אז ער זוכט עפּעס א מין געווער, א ביקס, צי אן אווטאָמאט, ער זאָל אויך עפּעס קאָנען טאָן.

ער האָט דערזען א טראנשיי אין אָפּנויג פון דער באלקע, צוויי רויטארמייער זײַנען דאָרט געשטאנען און געשאָסן פון ביקסן. ער איז צוגעלאָפן צו זיי, יענע האָבן אפּ אים א קוק געטאָן מיט פארשווארצטע, פאר אָנשטרענגונג און קאעס איבערגעקרימטע געזיכטער און ניט פארשטאנען אוואדע רעכט, וואָס דער דאָזיקער מענטש טוט דאָ, קיין צײַט ניט געהאט פאנאנדערצוקלײַבן זיך אין דעם, און ווידער גענומען שיסן. איז ער אוועקגעלאָפן ווײַטער.

די גאנצע צײַט האָט ער געהאט א געפיל, אז די ערד באוועגט זיך אונטער אים, ווי זי זאָל זיך באלד אָט דאָ ווו ער שטייט דארפן צעשפּאלטן און דאָס האָט אים אלץ געטריבן פאָרויס. ער איז ארײַן נאָך אין איין טראנשיי און מיטאמאָל דערזען דאָרט דעם אָרדינארעץ — ער איז געשטאנען באם לייִמיקן ווענטל, די פּיס צעשפּרייט, צוגעבויגן מיטן גאנצן גוף צום אווטאָמאט, וואָס איז געווען אָנגעשפּארט אין א שנייִיקן ברוסטווער. דערהערט טריט, האָט יענער געגעבן א קערעווע אויס דעם קאָפּ און דערזען דעם ארטיסט. דעם אָרדינארעצעס פּאָנעם האָט אויסגעדריקט פארוואונדערונג, נאָר באלד זיך איבערגעקרימט אין בייזן פאָרוואורפּ צי אפילע פאראכטונג. ער האָט, דוכט זיך, אפילע א געשריי געטאָן, — וואָס טוט איר דאָ? גייט אוועק. דער ארטיסט האָט ניט פאנאנדערגעקליבן זײַנע ווערטער, בלויז אָנגעשטויסן זיך, וואָס יענער מיינט, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט און איז ווידער ארויס אין באלקע.

און באלד האָט ער דערזען, וואָס ער האָט צו טאָן. אפן ראנד באלקע איז אפּ צוויי פּיסלעך געשטאנען א האנט־קוילנוואַרפער, דערנעבן איז געלעגן א דערהארגעטער רויטארמייער — ניט נאטירלעך אָנגעבויגן, ווי ער זאָל מיט די הענט וועלן פארשארן דעם שניי, איז ער געשטאנען אפּ די קני, און מיטן קאָפּ, פון וועלכן דאָס היטל איז ארויפגעפאלן, זיך אָנגעשפּארט אין דער ערד. א רויטער פלעק האָט זיך אין שניי צערונען — די קויל האָט געטראָפן אין קאָפּ. א צווייטער רויטארמייער האָט צוגעפּויזעט צום קוילנוואַרפער, גענומען שנעל זיך פּאָרען בא אים, ארײַנגעשטעלט א דיסק, נאָר ער האָט זיך באלד א כאפּ געטאָן מיט בײדע הענט פארן פּאָנעם און ליגן געבליבן א רעגע א פארגליווערטער. דערנאָך האָט ער אײַליק, מיט איין האנט גענומען שעפּן הויפנס שניי און לייגן זיי צום געזיכט, פון וועלכן ס'איז גערונען בלוט, און מיט דער צווייטער פיבערדיק זיך געפּלײַסט א קער טאָן דעם קוילנוואַרפער.

דער ארטיסט האָט זיך אָנגעבויגן, איז צוגעלאָפן צו אים און זיך א לייג געטאָן אין שניי. דער רויטארמייער האָט אָפּגענומען פאָנעם פונעם מיטן רויטן, מיט בלוט דורכגעזאפטן שניי, א קוק געטאָן אף אים מיט אייגן גרויסן, פארלאָפענעם אויג, דאָס צווייטע איז גיט צו זען געווען אין דער טונקעלער, שרעקלעכער קאַשע פון צעבראָכטן ביין און פלייש, האָט א זאָג געטאָן מיט אן איבערגעטריקנטן, פרעמדן, ניט מענטשלעכן קאָל:

— קאָנסט זיך באגיין מיטן קוילנווארפער? שיס, אָט זיינען די דייטשן! — און ווידער א כאַפּ געטאָן א הויפן שניי שוין מיט ביידע הענט און פארשמירט זיך דאָס פּנים.

דער ארטיסט האָט אָן ווערטער א קער געטאָן דעם קוילנווארפער. ער האָט א קוועטש געטאָן פאַרן צינגל און ארויסגעלאָזט עטלעכע קוילן. אזוי, אזוי, ער געדענקט נאָך! איצט — איבער די דייטשן. זיי זיינען טאקע נאָענט, מע זעט זייערע צעלאָזטע, ברייטע שינעלן, ווי פרויען־פעלערינעס, די אראָפּגעלאָזטע פּילאָטקעס און די פּענעמער, וואָס זיינען פארוויקלט מיט פארשיידענע שמאטעס. עפּעס שרייען זיי, די דייטשן. איז נאָכאמאָל א דריק אפן צינגל פון קוילנווארפער. א־הא, אין סאמע קופּע געטראָפן. אָט האָט ווידער עפּעס בייז א שנייד געטאָן לעבן אים דעם שניי, פּונקט ווי דאַן, ווען ער איז נאָך ארויס פון בלינדאזש. א פריידיקער געפיל, אז די קויל־רייע האָט אין אים ניט געטראָפן, טוט א ברי דאָס הארץ. און ליכטיקער ווערט פון דער דאָזיקער קורצער פרייד דאָס פעלד ארום. נאָך די סאקאָנע פלאטערט איבערן קאָפּ, אָט זאָגט ווידער א קויל דורכגעפייפט איבער זיין אויער, א שווארצער זייל ערד האָט זיך אופגעהויבן ניט ווייט פאָרויס. נאָך ווענן דעם אלעמען דארף מען אפילע ניט טראכטן. מ'האָט ווידער זיך אופגעהויבן א הייפל דייטשן און לויפט אהער — איז צוגעשמורעט דאָס אויג און א דריק דאָס צינגל, א־הא, אזוי!

דער קויל־דיסק איז אויסגעגאנגען. ווו זיינען די דיסקן? נאָך עפּעס א האנט טוט טייקעף א שמיעק אויס א פרישן דיסק. הער, דאָס איז דאָך דער פארוונדעטער רויטארמייער! ער איז ניט אוועקגעגאַנגען. בלוט האָט געדיכט פארגאָסן זיין שינעל, דעם ארבל, בלוטיקע שניי־קייקלעך ליגן ארום און ארום, נאָר ער גייט ניט אוועק. דער ארטיסט דערפילט א גרויסע צארטקייט צו אים, ער וואָלט אים עפּעס געזאָגט. דאָס אלץ געדויערט אָבער א קורצטשן אויגנבליק, דער קויל־דיסק איז שוין אין זיינע הענט, מע דארף אים באלד ארייַנשטעלן. ערשט איצט דערפילט ער ווידער, אז די הענט זיינען בא אים פארקאָוועט פון פראָסט, די פינגער פאָלגן ניט. ער מאכט די גרעסטע אָנשטרענגונג. און די דייטשן זיינען שוין זייער נאָענט, א דריַיק שפּאַן, עטלעכע דייטשן אינגאנצן, מע דארף זיי אונטערשניידן. דער דיסק איז שוין ארייַנגעשטעלט. א דייטש, וואָס איז נעענטער פון אלע, טוט א הייב אוף דעם אווטאָמאט, נאָר דער ארטיסט האָט שוין אָפּגעזוכט מיטן פינגער דאָס צינגל. א דריק. דער קוילנווארפער נעמט אונטערשפּרינגען פון די שאָסן. איצט איז גוט, איצט — דריקן אזוי און דריקן. עפּעס האָט א זעץ געטאָן אין קאָפּ, עפּעס האָט זיך אופגעפלאמט פאר די אויגן און טייקעף אויסגעלאָשן געוואָרן. עפּשער אויך פרווון א כאַפּ טאָן שניי, נאָר ערגעץ וואלגערט ער זיך נאָך דורך, ווי אין אן אָפּגרונט, געדענקען געדענקט ער אָבער, אז ער דארף דריקן דאָס צינגל פון קוילנווארפער. און ער דריקט, דריקט מיט די לעצטע כוחות...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צו אָוונט־צו איז די אטאקע אָפּגעקלאפּט געוואָרן. דער פיינט איז אָפּגעטראָטן. א מידער, אן אופגערודערטער האָט דער קאָמאנדיר פון פּאָלק זיך אומגעקערט אין בלינדאזש. דער פּום האָט אים ווי געטאָן, ער האָט שטארק געהונקען. אראָפּגעלאָזט זיך אף א בענקל, האָט ער זיצנדיק גענומען אויסטאָן דעם שינעל. באם יונגן אדיוטאנט איז דער קאָפּ געווען פארבונדן מיט מארליע, אף וועלכער ס'איז ארויסגעטראָטן א רויטער פלעק. ער האָט זיך א מידער צוגעזעצט אף דער נארע און, זעט אויס, פון שארפן ווייטיק צוגעמאכט די אויגן, נאָר באלד האָט ער זיי אן עפן געטאָן. דערזען, אז דער פּאָדפּאָלקאָווניק באמיט זיך אראָפּשלעפן דעם שינעל, האָט

ער זיך א לאָז געטאָנ אימ העלפנ. יענער האָט אימ א ווינק געטאָנ מיט דער האנט, ער זאָל זיצנ. דער באיאָרטער אָרדינארעץ האָט שטיל זיך געפּאָרעט באמ אוויוטלע, מיט א דייטשישנ טעסאק אָפּגעשפּאָלטנ דינע שפּענדלעך פונ א שייט האָלץ.

— און דער ארטיסט איז וואָס, טאקע אוועקגעגאנגענ אינ דיוויזיע?

— כאָווער פּאָדפּאָלקאָווניק, — האָט דער אָרדינארעץ אופגעהערט שפּאלטנ די שפּענדלעך און אופגעהויבנ זיך אפ די קני, — כ'האָב אימ געוואָלט אָפּפירנ, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— איז ווו זשע איז ער?

— ער איז אומגעגאנגענ דאָ אינ באלקע ביימ דער שלאכט, — האָט דער אָרדינארעץ פארלוירנ, נאָר מיט וואָגיקער ניט-באוויליקונג געזאָגט, — מיסטאמע איז ער אוועק אינ דיוויזיע. נאָר איך האָב שוינ קיינ צייט ניט געהאט אימ באגלייטנ, כ'האָב אליינ געשאָסנ...

דער קאָמאנדיר פונ פּאָלק האָט מיט א שטרענגנ בליק זיך אָנגעשטעלט אפנ אָרדינארעץ, וועלכער איז פארגליווערט געוואָרנ מיטנ שייטל האָלץ אינ האנט, דערנאָך אומרויִק אריבערגעפירט דעמ בליק אפנ אדיוטאנט.

— אָט 'א נייס... — האָט ער פארלוירנ אויסגעצויגנ.

א פּעסטער, אנ אופגערוימטער, אינ א ווייס, קורץ פּעלצל, איז ארייַנגעקומענ דער פּארטרעטער פונעמ פּאָלק-קאָמאנדיר און הויך זיך באגריסט. ער איז דעמ גאנצנ טאָג געווענ אפנ באאָבאכטונגס-פּונקט און ערשט איצט זיך אומגעקערט אינ בלינדאזש.

— האָסט ניט באמערקט, — האָט ער זיך געווענדעט צומ קאָמאנדיר פונ פּאָלק, — דאָ ניט וויַט, לעבנ באלקע, בא א האנט-קוילנוואַרפער, ליגט א דערהארגעטער אינ א שינעל, נאָר אינ א ציווילנ אָנצוג... עפּעס ניט קיינ אונדזעריקער.

— וואָס!? — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק ראַשיק זיך געגעבנ א הייב אופ, — אנו, קומ, באוויַז ווו!

ער האָט א כאפּ געטאָנ דעמ שינעל אפ די אקסל, און אָנ א היטל ארויס אינדרויסנ. נאָך אימ — דער פּארטרעטער און דער אדיוטאנט. וויַטער מיט א פּאָר שפּאנ — דער אָרדינארעץ. מע האָט זיך אופגעהויבנ אפנ ראנד פונ דער באלקע, ווו ס'איז באטאָג פארגעקומענ א בלוטיקער האנט-געראנגל און ווו ס'זיַנענ געלעגנ פיל דייטשישע און אויך אונדזערע דערהארגעטע. דער פּארטרעטער פונעמ קאָמאנדיר האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבנ איינעמ, וואָס איז געלעגנ אינ שניי, בא א קוילנוואַרפער, ברייט פאנאנדערגעוואָרפנ די הענט און די פיס, מיטנ פּאָנעמ ארופ, ווי ער זאָל זיך איַינקוקנ אינ טיפנ, אויסגעשטערנטנ הימל. איינ פּאָלע פונ זיַינ שינעל איז געווענ פארבויגנ און האָט אָפּגעדעקט א ציווילנ קלאָש-הויז און א פארקיילעכטנ ראנד פונ א פּידזשאק. אפ דער ברוסט בא אימ האָמ, פארוקט אינ שינעל, געשטעקט א פּעקעלע.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט זיך אָנגעבויגנ איבערנ ארטיסט. גרייַפּעלעך שניי זיַינענ געלעגנ אינ די ווינקלענ פונ יענעמס אָפּענע, פארגלייזטע אויגנ, צווישנ די געדיכטע וויַעס און לעבנ מויל. נאָר אינעמ גאנצנ געזיכט, נאָך ניט קיינ פארענדערטנ פונ טויט, א פארקאָוועטנ פונ פראָסט, איז געווענ אנ אויסדרוק פונ טיפער ווירדע און פארנומענקייט, ווי ס'זאָל פארבאָרגנ אינ זיך, א שטרענגס און א שטייַנערנס, דעמ לעצטנ געדאנק, דורכ וועלכנ ס'איז באגייסטערט געווענ. דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט פאמעלעך זיך אופגעהויבנ, אָנשפּארנדיק זיך מיט דער האנט אינ קני פונ דעמ געזונטנ פוס, נאָר מיטאמאָל ווידער זיך אָנגעבויגנ און ארויסגענומענ דאָס פּעקעלע, וואָס איז געלעגנ באמ טויטנ אפ דער ברוסט. ער האָט עס פאנאנדערגעוויקלט. דאָס זיַינענ געווענ א פּאָר שווארצע, לאקירטע שיך.

— קאָנצערט-שיך... — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק שטיל געזאָגט, זיַינ שטימ האָט א ציטער געטאָנ — אנ ערלעכ הארץ האָט דער מוזיקער ארטיסט געהאט... לאָמיר אימ אָפּגעבנ קאָוועד, כאווײרימ...

אינ דער טונקעלער נאכט, בא דער שייַנ פונ וויַיטע ראקעטנ, איז א הייפל מענטשנ עטלעכע רעגעס געשטאנענ מיט אנטבלויזטע, פארנייגטע קעפּ.

★✦★

איציק פעפער

# א באַלאַדע וועגנ דעמ באַלעגאָלע זכאַריע און זײַנ פּאָר פערד

זומער מיט א וואָגנ, ווינטער מיט א שליטנ,
זומער אינ א קעפּקע, ווינטער אינ א היטל,
ווינטער מיט א שליטנ, זומער מיט א וואָגנ,
אונ די פּע·דלעכ יאָגנ אונ די פּערדלעכ טראָגנ,
אונ די בײַטש די לאַנגע פּאָכט אינ אַלע זײַטנ,—
מאַזלטאָוו אײַכ, זכאַריע, מיט א וועג א ווײַטנ!

ס׳רוט דער ליבער זומער אַפּ די ביימער-קרוינעג,
אונ כ׳איז זכאַריעס וואָגנ פול הײַנט מיט פּאַרשוינענ.
אונ וווּהינ זשע פירט זיי זכאַריע באַלעגאָלע?
אינ געדיכטע וועלדער זײַנענ וועגנ שמאָלע...
זכאַריע באַלעגאָלע! ווי צו זײַנע יאָרנ,
זכאַריע באַלעגאָלע האָט דעמ וועג פאַרלאָרנ...

דרײַסיק יאָר האָט זכאַריע איבער אַלע וועגנ
זיכ אַרומגעטראַסקעט. ער זאָל דאַרפנ פרעגנ?
ער זאָל אַמאָל בלאָנדזשענ? דאַכט זיכ, אַלע וועגנ
פלעגנ זיכ אימ טראָגנ ווי די פרײַנט אַנטקעגנ.
ס׳איז שוינ טאָג געוואָרנ, ס׳איז שוינ נאַכט געוואָרנ,
זכאַריע באַלעגאָלע ווייסט ניט וווּ צו פאָרנ...

זכאַריע זאָל ניט וויסנ! ס׳איז דאָכ א בזיון,
ס׳איז א וויסטע ברשע פאַר זײַנ קאָפּ דעמ גרויענ.
נאָר וואָס קענ מענ העלפנ? זכאַריע באַלעגאָלע
האָט ניט אויסגערעכנט אַפּ אזא בעהאָלע,
אַפּ אזא מינ הודענ, אַפּ אזא מינ שיסנ,
אַפּ אזא מינ גוירל אַפּ אזא מינ „זיסנ".

ס׳דאַכט זיכ אימ נאָכ איצטער: נאָכנ וואָגנ לויפנ
פלאַקערדיקע שטיבלעכ, שרײַענדיקע הויפנ,
טופּענדיקע שטיוול שווינדלענ ערגעצ הינטנ,
פאָכנדיקע שפּיזנ רײַטנ אַפּ די ווינטנ.
אונ פּאָריס איז פינצטער אונ פונ הינטנ — מלאָסנע,
אינ די זײַטנ — פלאַמענ העכער פונ די סאָסנעס...

אונטער זײַנע פּלײצעס ליגט זײַנ שטעטל — קוואָרימ...
שוידער. נאַקעט. וועגנ — אויסגעשטרעקטע אָרעמס.
סרײפּעס. אינ די סרײפּעס טוקנ זיכ געשרײענ,
גויסעסדיקע געסלעכ קאָרטשענ זיכ אינ ווײענ.
אַלע הימלענ ווײענ, ס׳יאָמערט דער פרימאָרגנ,
אונ די הײַזער שרײַענ מיט צעפּליקטע גאָרגלענ.

ווענ דער גרויסער קוילער איז אַרײַנגעפלויגנ
אונ דערזענ דאָס שטעטל מיט פאַרווײנטע אויגנ,
האָט ער אָנגעהויבנ שרײַענ, קאָכנ, זידנ:
ווו זײַנענ די רוסנ? ווו זײַנענ די ייִדנ?
זוכ אינ פעלד די ווינטנ, זוכ א כונק אינ פלאַמענ,
זוכ אינ זאַמד א נאָדל, זוכ א טרער אינ יאַמענ...

אויב דו דאַרפסט די יוגנט — זעט זי אפ א טאַנק שויב,
אויב דו דאַרפסט די יוגנט — זוכט זי דיכ פונ לאַנג שויב
מיט א שווערער באָמבע, מיט א ביקס א נײַער,
מיט א טײַכ פונ סינע, מיט א יאַמ פונ פײַער.
אויב דו דאַרפסט די זקײנימ, וואָס איז עפּעס זאָגנ,
טרײסלענ זײ זיכ נעבעכ אפּנ אַלטנ וואָגנ...

אינ דער מאָרגנ-טפילע האָבנ זײ געבעטנ:
בעסער זאָל א דונער אינעמ וועג זײ פּלעטנ,
בעסער זאָל א שטורעמ זײ אינ דר׳ערד פאַרקנעטנ,
בעסער זאָלנ כײַעס זײער פלײש צעטרעטנ,
אײדער פאַר דײַנ גזײלע זײער שטאָלצקײַט בויגנ,
אײדער דיר א קוק טאָנ, קוילער, אינ די אויגנ.

הוידענ זיכ די זקײנימ הינטער שטילע צווײַגנ
אונ קײנ דונער קומט ניט, אונ די שטורעמס שווײַגנ,
אונ די כײַעס ליגנ ערגעץ אינ די נאָרעס,
אונ די זקײנימ פילנ, אַז מע איז אפּ צאָרעס;
ערגער פונעמ דונער כײַעט זײ די ווײענ,
אונ די אַלטע מויכעס דרײענ זיכ אונ דרײענ...

זכאַריע באַלעגאָלע! ווײ צו דײַנע יאָרנ,
ווו ביסטו פאַרקראָכנ? ווו ביכטו פאַרפאָרנ?
ווער האָט דיכ פאַרפלאָנטערט? וואָס האָט דיכ געטראָגנ?
זעכצנ גרײַזע זקײנימ שטײענ אַרומ וואָגנ
שוידערלעכ אונ שטיל... אונ ס׳הערנ הערצער זעכצנ,
ווי ניט ווײַט דאָ צווײַגנ ברעכנ זיכ אונ קרעכצנ...

מאַזלטאָוו דיר, זכאַריע! מאַזלטאָוו אײַכ, זקײנימ!
מאַזלטאָוו אײַכ, ייִדנ, מיט א גאַסט א שײנעמ׳

דורכ געדיכטע צווייַגנ רויבער־אויגנ קוקנ,
אונ מע זעט נאָר שאָטנס רוקנ זיכ אונ רוקנ —
רויבער צי גאנאָווימ, אויסשפירער צי וועכטער?
דייַטשישע שטיוואלעס, ראָצכישער געלעכטער...

— נו, איר גיט זיכ אונטער, צי איר וועט זיכ שלאָגנ? —
כויזעקנ די דייַטשנ. אונ צומ אלטנ וואָגנ
טוליענ זיכ די יידנ. ס׳שמעקט דער וואלד מיט כמאָלע.
ס׳קוקט אפ זייַנע פערדלעכ זכאריע באלעגאָלע —
פערדלעכ ווי די אָדלערס, גריוועס, ווי די פליגל.
זעכצנ הערצער קלאפנ מיט דערשרעק פארזיגלט.

כויזעקנ די דייַטשנ: — זעט נאָר די גווארדייצעס!
אונ די יידנ שווייַגנ, קנייטשנ מיט די פלייצעס.
— קוקט נאָר אָנ די העלדנ! — אונ די דייַטשנ לאכנ:
— ווארט נאָר, מיט די יודעס מ׳עט שוינ עפעס מאכנ...
אונ ס׳באפעלט דער עלטסטער: — ראָק- אונ גאָרגל-שניידער!
נעמט צראָפ בא צווייענ די פארשמוצטע קליידער,

טוט זיכ איבער שנעלער, נעמט די פערד אונ וואָגנ.
אינעמ שטעטל קאָרסונ זאָלט איר באלד זיכ טראָגנ.
ביז איר וועט דעמ „נאכריכט” צומ פאָלקאָווניק ברענגענ,
וועלנ שוינ די יודענ אפ דיביימער הענגענ!...”
זכאריע באלעגאָלע טוט א וווּנק א גיכנ:
כופצנ אלטע יידנ אפ די קניעס קויכנ...

אונ די דייַטשנ ווארטנ — זאָלנ זיי נאָכ בעטנ,
זאָלנ זיי נאָכ מיינענ, אז ס׳וועט גאָט זיי רעטנ,
זאָלנ זיי זיכ בוקנ... יידנ פויזענ שטומע,
קושנ זיי די שטיוול. פלוצימ — א מעהומע,
כ׳כאפנ פאר די פיס זיי די צעדולטע זקיינימ.
יידנ מיט די דייַטשנ קנוילנ זיכ אײנײנעמ...

שאָסנ אונ געשרייענ. ס׳פלאמענ ביימער-רייענ.
ס׳פאלנ יידנ, דייַטשנ. שאָסנ אונ געשרייענ.
אונ די פערדלעכ פאלנ מיט צעטרענטע בייַכער.
זכאריע וויינט אונ מורמלט: — אָט אזוי איז גלייַכער!
אויב עס רופט דער טויט שוינ — איז ניט שייַעכ ריידנ,
פיר איכ כאָטש אויכ דייַטשנ מיט זיכ אינ גאנ־עדנ!

——— ★✦★ ———

# ראָכל קאָרן

## אויסלייז־געלט

### I

עס האָבן אַ הוריע געטאָן אויטאָ־סירענעס. די שויבן אין די פֿענצטער האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי אויפֿגעוועקטע פֿון עפּעס אַ בייזן חלום און נאָכגעגלאַנצט נאָך דער אונטערגייענדיקער זון. אָקאָרשט ערשט דורכגעהאַקט אינמיטן דורך די לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן דאָ געוואַרט אויף די מענטשן, וואָס מע האָט געהאַט צונויפֿגעטריבן פֿון די הײַזער און וואָס זײַנען עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד געשטאַנען ביז כאַלאָשעס, מיט די הענט פֿאַרלייגט אויפֿן נאַקן לויטן באַפֿעל פֿון דײַטשישן אונטעראָפֿיצער, האָט זיך די גאַס איצט געצויגן מיט איר טרייסטלאָזער פּוסטקייט, ביז זי איז אויסגעגאַנגען ווי אַ זיפֿץ צווישן די צוויי שורעס ביימער.

ערשט איצט, ווען דער לעצטער אויטאָ, אָנגעלאָדן מיט די ייִדן, איז פֿאַרשוווּנדן, האָט כאַנע אָפּגעלאָזט די פֿענצטער־ראַם, אָן וועלכער זי האָט זיך די גאַנצע צײַט אָנגעהאַלטן מיט פֿאַרקראַמפּטע פֿינגער. און ערשט איצט, ווען ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די געפֿאַר איז דערווײַל פֿאַרבײַ, האָבן די פֿיס אונטער איר אָנגעהויבן דרייבלען און אַקשאָנעסדיק צו ציטערן. די ליפּן האָבן זיך אויסגעקרימט ווי אַליין פֿון זיך.

די קינדער, וואָס האָבן נאָך גאָרניט פֿאַרשטאַנען פֿון דעם אַלעם, וואָס קומט דאָ פֿאָר, זײַנען מיטן אינסטינקט פֿון כײַעלעך פֿאַרקראָכן אין די טיפֿסטע ווינקעלעך. איצט האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אין דער מוטערס קלייד, גלײַך עס וואָלט אין אַ רעגן אַרום געהאַרפּט אונטערגייען די שטוב, די וועלט מיט זיי אַלעמען אינאיינעם.

— מאַמע, מאַ־אַ־מע!

כאַנע האָט זיי גישט באַרויִקט מיט קיין איין וואָרט, בלויז אירע הענט האָבן ווי בלינדע אָנגעטאַפּט די קינדערשע קעפּלעך, זיך אַראָפּגעלאָזט איבער שטערן און אויגן צו די ליפּן און זיי פֿאַרמאַכט מיט צונויפֿגעדריקטע פֿינגער.

מיט די אויגן, די ליפּן, דער הויט, מיטן גאַנצן לײַב און לעבן האָט איצט כאַנע אויסגעוויינט די גאַנצע שרעק פֿון די פֿאַרגאַנגענע עטלעכע שעה, זינט די געסטאַפּאָ־לײַט האָבן זיך מיט זייערע לאַסט־אויטאָס אָפּגעשטעלט אויף איר גאַס און גענומען אַרויסשלעפּן פֿון די שטיבער די מענער.

יעדער מינוטמער שאָרך, יעדער טראָט אין קאָרידאָר, יעדער ריר אין שאָכנס דירע האָט זיך אָפּגערופֿן אין איר בלוט מיט אַ נײַער כוואַליע שרעק.

און איצט איז פֿאָשעט ניט מעגלעך צו באַנעמען דאָס גרויסע גליק, אַז ביז מאָרגן אינדערפֿרי איז אָפּגערוקט געוואָרן די געפֿאַר, באַנאַכט וועט מען קאָנען רויִק שלאָפֿן, ווײַל די דײַטשן, וואָס טוען אַלץ פּלאַנמעסיק, האָבן אויך אײַנגעפֿירט געוויסע געזעצן באַם גרויזאַמען אויסמאָרדן די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין די שטעט פֿון באַזיגטן פּוילן. די מאָרדן זײַנען פֿאָרגעקומען בלויז באַטאָג.

כאַנע, וואָס איז געוואָרן פֿרײַ פֿון אייגענער פֿאַרקלעמטקײַט, האָט זיך איצט מיט אַלע אירע כושים אומגעקערט צו דער לעבעדיקער מענטשלעכער לאַסט, וואָס די אויטאָמאָבילן האָבן אוועקגעפֿירט.

אין ווינקל הײַזער שטייען איצט פֿרויען, אַזעלכע פֿרויען ווי זי, און קוקן נאָך די שפּורן פֿון זייערע טײַערסטע און ברעכן די הענט און רײַסן זיך די האָר פֿון קאָפּ,

אונ האָבנ נישט קיינ מעגלעכקײַט זיי צו העלפנ אונ ווייסנ אפילע נישט, וווהינ מע פירט זיי אונ ווו זייער געביינ וועט אהינקומענ.

אונ די פרויענ פונ די, וואָס מע האָט זיי געפאקט אפ דער גאַס, ווייסנ נאָכ אפילע נישט פונ זייער אומגליק, ווארטנ אפ זייערע מענער.

נאָר וואָס איז דאָס?

די שטיינערנע טרעפ האָבנ איבערגעגעבנ די טירנ, די ווענט, דעמ באַלקנ דעמ ווידערקלאַנג פונ א שווערנ, אײַזנ=געקאָוועטנ גאַנג. דאָס גלעקל בא דער טיר איז קימאַט מעשוגע געוואָרנ פאַר שרעק, זיכ ארײַנגעבויערט אינ כאַנעס אויערנ, אינ כאַנעס האַרצ מיט זײַנ ווילדער, גרילצנדיקער קלינגערײַ.

בא כאַנעס זײַנענ די פיס געוואָרנ ווי געליימט, נישט געקאָנט זיכ אָפרײַסנ פונ אָרט, דערפאַר האָבנ די געדאַנקענ געיאָגט איינער נאָכנ צווייטנ מיט דאָפּלטער געשווינדקײַט.

אופמאַכנ צי ניט?

צי וועלנ זיי דעמ מאַנ געפינענ אינ קליינעמ האָלצ=קעמערל?

עפשער איז נאָכ צײַט, ער זאָל אראָפּשפרינגענ פונ פענצטער אינ הויפ?

— אופמאַכנ!

אונ א רעוואָלווער קאָלבע האָט א זעצ געטאָנ אינ טיר, אזש דער טינק האָט זיכ אָנגעהויבנ שיטנ.

צוויי זײַנענ זיי געווענ.

— מאַנ דאַרפ זי פילײַכט שיינ ביטענ, דאָס זי עפנענ?

האָט איר א סאַפע געטאָנ אינ פאָנעמ דער נידעריקער מיט די רויטלעכע האַרטע וואָנצעס. דער הויכער, בלאַסער, מיטנ לענגלעכנ פערדישנ פאָנעמ האָט זי אוועקגעשאַרט פונ דער טיר, ווי מע שאַרט אוועק א שטיק האָלצ.

— וואָ איזט איר מאַנ?

— ער איז ניטאָ אינ דער היימ.

— זאָ, זאָ, אונדז וויר האַבענ גאַנצ אַנדערע אינפאָרמאַציאָנ, נא, דא ווערדענ וויר אונז זעלבער ראַט שאַפענ.

דער נידעריקער רויטלעכער האָט זײַנ שטילעט ארײַנגעשטאָכנ אינ די בעטנ, די שאַפעס, די ווענט, אָבער בלויז קאַלכ אונ ציגל=שטויב האָבנ זיכ א שאָט געטאָנ. ער האָט אופגעמאַכט די טיר אינ צווייטנ צימער אונ, נישט געפינענדיק קיינעמ אינ די שאַפעס, אונטער דער קאַנאַפע, האָט ער א זאָג געטאָנ גלײַכגילטיק:

— דאָ ווערדענ זי פאָרלויפיק מיט אונדז מיטגעהענ. איר מאַנ ווירד זיכ פילײַכט אינצווישנ אירגענדוואָ פינדענ.

— אונ מײַנע קינדער? הער, גנעדיקער הער, האָט ראַכמאָנעס אפ מײַנע קליינע ווערעמ.

דער הויכער, בלאַסער, בא וועלכנ עס האָט אויבנ, אונטערנ האַלדז, געפינקלט ווי א בראָש א ווײַסער טויטנ=קאָפ, האָט א צי געטאָנ מיט פאַראַכטונג די אַקסלענ:

— מאַכענ זי קײַנע געשיכטענ אונ קאָמענ זי מיט.

די קינדער, זעענדיק, ווי די מאַמע בעט זיכ בא די פרעמדע מענטשנ, כאַפט זיי אָנ בא די הענט, נעמט ארומ די פיס, האָבנ זיכ יאָמערלעכ צעוויינט אונ זיכ אָנגעטשעפעט אינ דער מוטערס קלייד. דער רויטלעכער האָט זיי אוועקגעשאַרט מיטנ שפיצ שטיוול, ווי קליינע הינטלעכ.

— מאַכענ זי עס שנעלער, וויר האַבענ קײַנע צײַט. עס וואַרטעט אונדזער אייגענע מאַסע אַרבײַט, — האָט ער א זאָג געטאָנ, פאַרקלעמענדיק גנייוויש דאָס וואַסער=בלאָע כאַזער=אייגל.

כאַנע האָט אימ די ערשטע דערזענ שטיינ אפנ שוועל, א טויט=בלאַסנ, אָבער רויִקנ. זי האָט א געשריי געטאָנ קורצ אונ שאַרפ, ווי א פאַרווונדעטע כײַע. גלײַכצײַטיק האָבנ זיכ אויכ אומגעקוקט די געסטאַפּאָ=לײַט אונ, דערזעענדיק דעמ קאָרבנ,

וואָס גיט זיכ זיי אַלײנ איבער אינ די הענט, האָבנ זיי אויסגעשאָסנ מיט א הויכ, כויזעקדיק געלעכטער.

— אָ, דאס האבנ וויר פײנ געמאכט הויטע, וואס?

— פארוואָס האָסטו עס געטאָנ, שלוימע?

— כ'האָב אלצ געהערט דורכ דער וואנט — דו ביסט א מאמע פונ אונדזערע קינדערלעכ. זײ שטיל, כאנע, דער, וואָס איבער אונדז, וועט האַלטנ זײנ רעכטע האנט.

— נא, גענוג, געהענ זי פאָראָנ, פערהאסטע יודענראצע!

די טיר איז געבליבנ האלב אָפנ, ווי א פארשטארט מויל, וואָס האָט ארויסגעוואָרפנ פונ זיכ דעם לעצטנ געשריי. דער שמאָלער פאס שײנ, וואָס האָט זיכ דורכ דער אָפענער טיר ארויסגעגאָסנ פונ צימער אפ די טונקעלע טרעפ, האָט ווי א צונג פונ א געטרײענ הונט געלעקט די לעצטע שפורנ פונ שלוימעס טריט, וואָס האָבנ זיכ פארלוירנ אינ הארבסטיקנ דעמער.



די טונקעלע טוכ אפ כאנעס קאָפּ האָט געפרווט פארשטעלנ פארנ ווינט איר שמאָלע פלייצע אונ פאר די מענטשנ אירע רויטע, פארשוואָלענע אויגנ, דאָס אָנגעדראָלענע, ווייטעק־צעאקערטע פּאָנעם.

געקומענ צום שוואָגער, האָט כאנע צוגעלייגט דאָס מויל צו דער שפארע פונ שליסל אונ אָנגעהויבנ רופנ די שוועגערנ. זי האָט געהערט, ווי דאָרט אינעווייניק האָט זיכ אָנגעהויבנ א רוקעניש מיטנ מעבל, דערנאָכ האָבנ זיכ דערנעענטערט שארנדיקע, ניט דרייסטע טריט.

— ווער איז?

— מאלקע, מאלקע, האָב גאָט אינ הארצנ, עפנ.

— דאָס ביסטו, כאנע?

עס האָט א סקריפע געטאָנ דער שלאָס, כאנע איז ארופגעפאלנ דער שוועגערנ אפנ האלדז.

— וואָס איז געשענ, כאנע? רייד אויס א וואָרט!

— שלוימענ, שלוימענ האָבנ זיי בא מיר צוגענומענ, מײנ מאנ, מײנ שפײזער.

עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ רירנ פונ אָרט קישנס, דאנ א גרויסער קויש, פונ וועלכנ ס'איז ארויסגעקראָכנ א דארער, בלאסער ייד.

— זאלמענ, דו הערסט? שלוימענ, מײנ אײנציקנ ברודער, האָט מענ אונדז אוועקגעריסנ, — האָט אימ אָנגענומענ בא די אקסלענ זײנ ווײב אונ ארײנגעשריענ אינ פּאָנעם ארײנ, גלײכ ער וואָלט געווענ טויב.

כאנע האָט, שלוכצנדיק, דערציילט וועגנ איר גרויסנ אומגליק.

— זאָגסט, כאנע, אז מע האָט אימ גענומענ ניט אוועקגעפירט צוזאמענ מיט אנדערע? מוז ער נאָכ אוואדע זײנ אינ שטאָט אונ מע וועט אימ קאָנענ מיטנ אייבערשטנס הילפ אָפּראטעווענ פונ זייערע הענט.

— וויאזוי, שוואָגער?

— גיי צו זייער עלטסטנ, ווארפ זיכ אימ צו די פיס, נעמ מיט דײנע צוויי שוועלבעלעכ. ער האָט דאָכ מיסטאמע אינ דער היימ אויכ א ווײב מיט קינדער, אונ א הארצ פונ שטיינ קאָנ מענ אויכ רירנ מיט מענטשלעכע טרערנ. ווארט נאָר, ווארט, מע האָט מיר געזאָגט, אז דעמ אדוואָקאט קראָנפעלדס טאָכטער האָט אזוי לאנג געבעטנ, געכאלעשט אונ נישט נאָכגעלאָזט זייער עלטסטנ, ביז ער האָט ארויסגעלאָזט איר פאָטער.

— צו וועמענ גייט מענ? כ'וויס ניט, כ'קאָנ קיינעמ ניט...

— וואַרט, הײנט קאָנסטו שוינ גאָרניט אופטאָנ, באלד וועט מענ זיכ ניט טאָרנ ווײזנ אינ גאס. גיי אהיימ צו די קינדערלעכ אונ מאָרגנ וועט מאלקע מיט דיר מיטגיינ.

## II

די גאַסנ, מיט וועלכע כאַנע מיט מאַלקען זײַנענ געגאַנגענ, זײַנענ געווענ קימאַט ווי ליידיק.

אייגנטלעכ האָבנ ביידע פרויענ ניט גערעדט, צו וועמענ מע ווענדט זיכ. מע האָט אָנגעהויבנ אויסצורעכענענ דעמ, יענעמ. ענדלעכ האָט זיכ מאַלקע דערמאָנט אינ א פרוי האָלענדער, דער קלאַל-טוערנ, וואָס איז שטענדיק איבעראַל פול אונ ווייסט, וווהינ מע דאַרפ אָנקלאַפּנ.

אויפגעמאַכט האָט זי א קליינ, פאַרדאַרט באָבעלע אינ א צעפלעקט ברוינ סור-דוקל אונ אַנ אַלטמאָדיש, פאַרדרייט היטעלע, וועלכעס זי פלעגט אפילע בא זיכ אינ שטוב ניט אויסטאָנ.

ווענ ניט דאָס, וואָס איר זונ איז געווענ איינער פונ די אָנגעזעענסטע דאָקטוירימ אינ שטאָט, וואָלט מענ די אַלטע שוינ פונ לאַנג געווענ נאָכגעלאָפנ אינ די גאַסנ אונ זי געהאַלטנ פאַר מעשוגע. אזוי האָט שטאָט געמוזט אָנעמענ פאַר ליב, וואָס א גע-שעצטנ סוויכערס פרוי איז פּלוצימ איינגעפאַלנ איבערצולאָזנ שטוב אונ געוועלב אַפ העפקער אונ זיכ אָנהייבנ צו פאַרנעמענ בלויז מיט די אַלטע לײַט פונ מוישעוו-זקיי-נימ, מיט אָרעמע געווינערס, מיט א בייס-יעסוימימ. שטענדיק האָט מענ זי געזענ מיט א קוישל אינ האַנט קלאַפּנ אינ די געגידישע הײַזער, אויסבעטלענ דאָ א ברויט, דאָרט עטלעכע מיטיקנ פאַר אירע „קינדער“, ווי זי פלעגט זיי אַלע אָנרופנ. אינ מע-שעכ פונ די יאָרנ, זינט זי האָט אָנגעהויבנ ארומצוגייַנ מיטנ קוישעלע, איז איר מאַנטל געוואָרנ אָפּגעבליאַקעוועט פונ זונ אונ רעגנ, דאָס היטעלע איינגעדאַרט, ווי זײַנ באַ-לעבאָסטע, נאָר דאָס האַרצ פונ דער אַלטער פרוי האָט גאָרניט פאַרלוירנ פונ זײַנ אומאָליקנ גלאַנצ.

דער זונ פלעגט איר שיקנ פונ צײַט צו צײַט קיצווע-געלט, מיטנ טנײַ, זי זאָל זיכ מאַכנ א נײַ מאַלבעש, ווײַל אימ פאַסט ניט, אַז זײַנ מאַמע זאָל ארומגייַנ איבער דער שטאָט אזוי אָפּגעריסנ. זי פלעג נעמענ דאָס געלט, עס אוועקגעבנ די אָרעמעלײַט אונ דעמ זונ האָט זי באַפוילנ צו זאָגנ, אַז מירצעשעמ אַפ פייסעכ וועט זי באַנײַענ די צוואַנציקסטע קאַליקע אינ מוישעוו-זקיינימ.

— א, ס'קאָצל קומט, געסט, געסט, קומט ארײַנ, איכ האָב אײַכ שוינ לאַנג ניט געזענ, — האָט זי אויסגערופנ מיט פרייד, ווענ אירע רויט ארומגעזוימטע, האַלב-פאַר-וישמורעטע אויגנ האָבנ ענדלעכ דערקענט די ארײַנגעקומענע.

— אונ בא אײַכ, — האָט זי זיכ געווענדט צו מאַלקען, — קומט מיר א כויוו. איר געדענקט, ווענ אײַער לייבעלע איז געוואָרנ באַר-מיצווע, האָט איר מיר צוגעזאָגט פינפ אונ צוואַנציק ברויטנ פאַרנ בייס-יעסוימימ אונ געשיקט האָט איר בלויז דרײַ אונ צוואַנציק. איר זײַט בא מיר אַפ דער ליסטע מיט די צוויי ברויטלעכ.

כאַנע האָט אויפגעהויבנ ביידע הענט, ווי זי וואָלט זיכ געוואָלט ראַטעווענ פונ דער אַלטיטשקערס ווערטער-פאַרפלייצונג.

— אונד וואָס פירט זי צו מיר? — האָט זיכ פּלוצימ א כאַפּ געטאָנ די פרוי האָלענדער מיט איר האַלב ייִדיש, האַלב דײַטשמעריש, וואָס איז איר נאָכ געבליבנ פונ יענער צײַט, ווענ זי איז געווענ די טאָכטער פונ א רײַכער בירגערלעכער היימ.

כאַנע האָט בלויז באַוויזנ ארויסצוברענגענ פונ פאַרשטיקטנ האַלדז צוויי ווערטער:

— מײַנ מאַנ...

דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע פאָנעמ מיטנ פויגלשנ פּראָפיל האָט זיכ א הייב געטאָנ צו כאַנען. דער אויפגעייענדיקטער שמייכל איז געוואָרנ פאַרגליווערט אינ גנעצ פונ די קניימשנ, אונ די גאַנצע קליינע געשטאַלט האָט זיכ א צי געטאָנ צו כאַנען, גרייט אויפ-צונעמענ פרעמדנ ווייטיק.

נאָר אָנשטאָט דער צעוויינטער כאַנען האָט אָנגעהויבנ ריידנ מאַלקע אונ זיכ א ביסל לײַכטער געמאַכט דאָס האַרצ מיטנ איבערדערציילנ אַלצ פונ אָנהייב ביזנ סאָפּ.



2087—7

— איכ וויים שוינ, איכ וויים שוינ, — האָט א פלעסקע געטאָנ מיט די הענט די אלטע. — געהענ זי צו דער פרוי ראטנער, זי וועט אינענ געוויס העלפנ. איר קענט זי? דעמ אדוואָקאטס פרוי, מע האָט מיר געזאָגט, אז זי קאָנ א סאכ אופטאָנ. אָהאָ, איכ אלײנ האָב זי געזעענ ארײנגײנ אהינ.

צוויי פינגער, צוגעלײגטע צו די ליפנ, האָבנ געדארפט באווײזנ די געפאר ארויסצוברענגענ פארנ מויל, ווו דאָס אָרט געפינט זיכ.

זיי זײנענ אלע דרײ ארויס אפ דער גאס. אפנ ראָג גאס האָבנ זיי געטראָפנ עטלעכע פרויענ, אײנגעוויקלטע אינ שווארצע שאליקלעכ.

— ווהינ קאָנ דאָס לויפנ אזוי פרי עטלע, דעמ דײַנעמ פרוי? — האָט זיכ אפ א קאָל געבידעשט פרוי האָלענדער אונ האָט זיכ געלאָזט נאָכלויפנ די ווײַבער מיט אירע דרעפטשענדיקע טריטלעכ. ווענ זי האָט זיכ אומגעקערט, זײנענ אירע רויטארומגעזוימטע אויגנ געווענ נאָכ מער אָנגעצונדנ, ווי שטענדיק, אינ די קנײטשנ ארומ מויל האָבנ זיכ ווי אינ א נעץ פארפלאָנטערט צוויי שווערע טראָפנס אונ דאָס שפּיציקע גאָמבעלע מיט די עטלעכע סטארטשענדיקע געלע האָר האָט געציטערט ווי אינ פיבער. די קלײנע פרוי האָלענדער איז געווענ אזוי צערודערט, אז זי האָט אפילע פארגעסנ איר דײַטשמעריש אונ אָנגעהויבנ צו דערצײלנ אפ פראָסט מאמעלאָשנ דאָס, וואָס זי איז אָקאָרשט געוויר געוואָרנ.

הײַנט אינדערפרי האָבנ פרויענ פונ די שכײנעסדיקע דערפער דערצײלט אינ שטאָט, אז נעכטנ, בײַסנ קארטאָפל־גראָבנ, האָבנ זיכ צו זיי דערטראָגנ שרעקלעכע, קימאט אומענטשלעכע געשרײענ אונ צוגלײַכ דערמיט — הארטע שאָסנ. אײנער פונ די פויערימ האָט צוגעפויזעט צומ ראנד פונ וועלדל אונ פונ דאָרט דערזענ אינמיטנ פעלד אויסגעשטעלטע מענטשנ מיט לאָפעטעס אינ די הענט. די מענטשנ זײנענ געווענ אויסגעשטעלט צו פינפ אינ א ריי. זיי האָבנ געגראָבנ גריבער. פונ בײדע זײַטנ זײנענ געשטאנענ היטלעריסטנ מיט אָנגעשטעלטע רעוואָלווערנ. ווענ די גריבער זײנענ שוינ געווענ גענוג טיפ אונ לאנג, האָט מענ די מענטשנ צעשאָסנ, בא א טײל פונ זיי האָט מענ לעבעדיקערהײט אויסגעשטאָכנ די אויגנ, אָפגעהאקט די גלידער. אָט פונ דאָרט האָבנ זיכ עס געטראָגנ די דאָזיקע גרוליקע קוילעס. די, וואָס זײנענ געבליבנ לעבנ, האָבנ געמוזט מיט די אײגענע הענט פארשארנ די אומגעקומענע אונ דאנ צוגרײטנ קוואָרימ פאר זיכ, ביזוואנענ די לעצטע זײנענ נישט געפאלנ פונעמ דײַטשנ ענגט. דער פויער האָט אפילע עטלעכע ייִדנ דערקענט, איז ער געקומענ צו לויפנ אינ שטאָט מיט דער בשורע. דאָס זײנענ די, וועלכע מע האָט אוועקגעפירט אינ לאכטאוטאָס הינטער דער שטאָט. אונ איצט לויפנ די פרויענ, בא וועלכע די היטלעריסטנ האָבנ צוגענומענ זײערע מענער, בעטנ הילפ בא די טויטע, רײַסנ קוואָרימ.

כאנע, א טויט־בלאסע, האָט זיכ אָנגעשפּארט אינ א וואנט. נאָר באלד האָט זי זיכ אופגעכאפּט אונ ווי אירע קויכעס וואָלטנ פארדאָפּלט געוואָרנ, האָט זי אָנגעהויבנ יאָגנ, די פארטריקנטע ליפנ אָפנ, דער בליק ארײַנגעשפּיזט אינ א ווײַטנ פונקט, די אקסלענ אײַנגעהויקערט.

— אָט דאָ איז עס, — האָט א שעפּטשע געטאָנ כאנע אינ אויער פרוי האָלענדער אונ, ווי א גוטע באקאנטע, א פרעג געטאָנ דאָס שטוב־מײדל:

— פאנא מאניו, אײַער פאני איז אינ דער הײמ?

— די פאני איז נאָכ אינ וואנע־צימער, — האָט אינפאָרמירט מיט אנ ערנסטער מינע דאָס בלאָנדע שטוב־מײדל.

נימ געקוקט אפ דער פריִער מאָרגנ־שאָ, זײנענ אינ די טיפע לעדערנע פאָטעלנ בא ראטנערנ אינ אופנעמ־צימער געזעסנ עטלעכע מענטשנ. פונ די אָפגעהאקטע שטילע ווערטער, וואָס זײנענ דערגאנגענ צו כאנענ, איז איר קלאָר געוואָרנ, אז די אלע, וואָס זיצנ דאָ, זײנענ נישט געקומענ פרעגנ קײנ יורידישע אײצעס, זיי האָט געבראכט אהער א בעשוטפעסדיק אומגליק. אינ שטאָט האָט מענ געשמועסט, אז נאָר פרוי ראטנער קאָנ דאָ עפּעס אופטאָנ. גײט מענ צו איר נאָכ פראָטעקציע. מע טראָגט ארויס פונ שטוב דאָס לעצטע, קעדײ צו באצאָלנ די „טאקסע“, וועלכע עס באשטימט

די פרוי ראַטנער. ביז איצט איז נאָכ קיינער פונ אירע פראָטעזשירטע ניט אַרויס, אָבער פרוי ראַטנער פאַרזיכערט, אַז דאָס האָט ניט קיינ שום באַדײַטונג, זיי וועלנ מיסטאָמע די טעג זײַנ צוריק אינ דער היימ, ווי ס'האָט איר פאַרזיכערט דער הער קאָמענדאַנט אַליינ.

ווענ פרוי ריסיאַ ראַטנער פלעגט מענ זיכ אינ שטאָט דערציילנ אַפנ אויער פאַרשיידענע ניט איבעריקס אָנשטענדיקע אַנעקדאָטנ.

יעדנ טאָג פלעגט מענ זי טרעפנ מיט אַנ אַנדער אָפיצער אַפ די פאַרבאָרגנסטע ראַנדעוווּ-פלעצער. בייזע צונגענ האָבנ דערציילט, אַז באַלד נאָכנ אַרײַנמאַרש פונ די דײַטשנ האָט מענ פרוי ריסיאַ געזענ אַפ די זעלבע ראַנדעוווּ-פלעצער, אונ אירע פאַרמגיאָרנ האָבנ געטראָגנ שוואַרצע האַקנקרייצנ.

ענדלעכ האָט זי זיכ באַוויזנ אַפנ שוועל, אַנ אויסגערוטע, אונ אויסגעפוצטע. דאָס עלעגאַנטע שפּאַציר-קלייד האָט איידעם געזאָגט וועגנ די געשיקטע הענט פונ דער שנײַדערנ, וואָס האָבנ זיכ באַמיט מיט אַ יעדנ פאַלד אונ קנייטש צו מאַסקירנ די ברייטע מאַסיווע פאָרמענ. די רויטלעכע האָר, די נאָז, צוגעבויגנ צו די פולע ליפנ, ווי זי וואָלט בעדייע געהאַט מיטצושלעפנ מיט זיכ די צוויי ברייטע, אַראָפּהענגענדיקע באַקנ, האָבנ איר צוגעגעבנ דעמ אויסדרוק פונ אַ פאַרשײַטנ רויב-פויגל. מיט איר גראָבער, הייזעריקלעכער, מענער-שטימ האָט זי באַגריסט די וואַרטנדיקע.

— גוט מאָרגנ, מײַנע הערשאַפטנ. אַזוי פרי זײַט איר שוינ אַפ די פיס?

א גראָ, דאַר ייִדל, וואָס האָט בײַ פרוי ריסיאַס אַרײַנקומענ אַראָפּגעכאַפּט פונ קאָפּ דעמ שטײַפנ קאַפּעליוש, איז צוגעפאַלנ צו אירע הענט אונ זיי אָנגעהויבנ קושנ.

— לאַנג לעבנ זאָלט איר אונדז, גנעדיקע פרוי, אָנ אײַכ וואָלטנ מיר דאָ אַלע אונטערגעגאַנגענ. יאָ, איכ בינ געקומענ וועגנ מײַנ זונ — ווייסט מענ שוינ עפּעס?

א זעלבסטצופרידנ שמייכעלע האָט באַגלייט איר ענטפער:

— מע טוט אַלצ, וואָס מע קאָנ.

— עפּשער דאַרפ מענ נאָכ געלט, גנעדיקע פרוי, אינ דעמ זאָל עס ניט זײַנ געווענדט. מיר וועלנ אַלצ טאָנ, פאַרקויפנ דאָס לעצטע, אַבי צו ראַטעווענ מײַנ קינד. — ער האָט זיכ צעוויינט אַזוי ווילד אונ יאָמערלעכ, אַז ס'איז פּאָשעט ניט געווענ צו פאַרשטיינ, וויאַזוי ס'קאָנ זיכ אינ אַזאַ דאַרער, שמאָלער ברוסט צונויפזאַמלענ אַזוי-פיל געוויינ.

— באַרויקט אײַכ, הער שענפעלד, — האָט אימ דערמונטערט פרוי ריסיאַ, צונויפציענדיק אומגעדולדיק די טונקל-געפאַרבטע ברעמענ, — זעט, וויפל מענטשנ עס וואַרטנ דאָ כוצ אײַכ. אונ יעדנ באַזונדער דאַרפ מענ אויסהערנ. איר זײַט ניט דער איינציקער מיט אײַערע צאָרעס, ס'איז הײַנט אַ גרעטעניש אַפ זיי. לײַדער, אַ צײַט אַזאַ.

שענפעלד האָט געווישט די אויגנ אונ ניט דרייסט, מיט אַ פאַרשולדיקטער מינע, איבערגעגעבנ פרוי ריסיאַ:

— אַנטשולדיקט מיכ.

כאַנע האָט פרוי ריסיאַ אויפמערקזאַמ אויסגעהערט, געשטעלט עטלעכע פראַגנ, ווי אַ דאָקטער בײַ ניט קיינ זייער געפערלעכנ כוילע, אַ דריי געטאָנ עטלעכע מאָל מיטנ קאָפּ, אַ צמאָקע געטאָנ מיט די ליפנ אונ דאַנ אַרויסגעזאָגט דעמ דיאַגנאָז:

— מע מוז גיינ בעטנ באַמ קאָמענדאַנט.

— מע וועט מיכ דאָכ ניט צולאָזנ צו אימ.

פרוי ריסיאַ האָט אָנגעבלאָזנ די ליפנ, ווי באַליידיקט דורכ כאַנעס ווערטער.

## III

כאַנע האָט עס אַ שווינדל געטאָנ פאַר די אויגנ, ווענ זי האָט דערזענ דעמ קאָמענדאַנטס מאַסיווע געשטאַלט אינעמ גרינלעכנ מונדיר מיטנ קרייצ אַפ דער ברוסט. דאָס ברייטע בולדאָגנ-פּאָנעמ האָט זיכ נאָכ מער אויסגעצויגנ אינ דער ברייט פונ האַנאָע, ווענ כאַנע איז צוגעפאַלנ צו זײַנע הענט,

— הער קאָמענדאַנט, האָט ראַכמאָנעס אַפ מײַנע צװײ אױפעלעך, נעמט בא זײ ניט צו דעם טאַטנ. מײַנ מאַנ האָט דאָך קײנמאָל קײנעם קײנ שלעכטס ניט געטאָנ, ניט באַרירט קײנ פליג אַפ דער װאַנט. דערבאַרעמט זיך, הער קאָמענדאַנט.

— שאָנ גוט,—האָט ער א בורטשע געטאָנ אונטער דער װאָנצע,—יעצט געהענ זי אונד װאַרטענ דראַוסענ אַאוף בעשײד.

כאַנע האָט ניט געקאָנט זאָגנ, צי האָט עס געדױערט א האַלבע שאָ, צי אַנ אײביקײט, אײדער פרױ ראַטנער האָט זיך באַװיזנ אַפ דער שװעל פונ דער מיט פאָרטיערנ באַהאַנגענער טיר.

כאַנע האָט געװאָלט א פרעג טאָנ, זי האָט אָבער בלױז באַװיזנ זיך אָנצוכאַפנ מיט ביידע הענט באַם װילד קלאַפנדיקנ האַרצ.

— איר זײַט אפילע גאָר ניט נײַגעריק, פרױ קלײנמאַנ,—האָט פרױ ראַטנער א זאָג געטאָנ מיט א זיגעריש שמײכעלע, — עס קומט מיר בא אײַך א שײנער דאַנק. װער נאָך װאָלט געקאָנט דורכפירנ אַזױ אײַער איניענ? כ'זאָל אײַך נאָר ניט פאַרגעסנ צו זאָגנ דאָס װיכטיקסטע. איר דאַרפט צוגרײטנ פאַר אײַער מאַנ אױסלײז-געלט — פינפ טױזנט זלאָטעס. דאָס געלט מוז איך איבערגעבנ דעם קאָמענדאַנט שפּעטסטנ ביז אַכט אַזײגער אינאָװנט, אונ מאָרגנ גאַנצפרי װעט איר האָבנ אײַער מאַנ אינ דער הײמ.

כאַנע האָט געװאָלט אױפקלערנ דער פרױ ריסיא, אַז פינפ טױזנט זלאָטעס איז אַזאַ סומע, װעגנ װעלכער זי קאָנ אפילע ניט כאָלעמענ, זי האָט אָבער מוירע געהאַט, אַז מיט אײנ װאָרט קאָנ זי קאַליע מאַכנ אַלצ, אַרײַנזאָגנ אינ קאַס דעם אַדװאָקאַטס פרױ.

ביז מאָרגנ אינדערפרי, האָט זי געקלערט בא זיך, איז שלוימעס לעבנ מעכוצ יעדער סאַקאָנע אונ װײַטער... װײַטער — האָט זי מוירע געהאַט צו טראַכטנ אפילע.

איצט האָבנ זי אירע פיס געטראָגנ װי אַלײנ פונ זיך צומ שװאָגערס הױז. אומקוקנדיק זיך איבער דעמ שװאָגערס שטוב, האָט זי זיך דערמאָנט אינ איר אײגענער באַלעבאַטישקײט, געזענ אינ די שאַפעס, בעטנ ניט קײנ מעבל פונ האָלצ, נאָר לעבעדיקע נעפאַשעס, װאָס דאַרפנ זיך מאַקריװ זײַנ פאַר איר מאַנ.

— װױפל אַנ ערעך קאָנ באַטרעפנ אינ דער איצטיקער צײַט מײַנ אײַנריכטונג צוזאַמענ מיטנ בעטגעװאַנט אונ מיט די קלײדער, — האָט זי פלוצימ א פרעג געטאָנ זאַלמענענ.

דער שװאָגער האָט לאַנג געקנײטשט דעמ שטערנ, געקנאַקט די פינגער, אײדער ער האָט איר געענטפערט.

— מע מוז אַרײַנרופנ אײנעמ פונ די הענדלער אונ געװאָר װערנ, װױפל ס'מעבל איז װערט, אינ אַזאַ מינ צײַט װעט מענ עס װעלנ צונעמענ פאַר א שיבעש, אָבער די קלײדער מיטנ בעטגעװאַנט װעסטו דאָך ניט פאַרקױפנ, עס גײט צו װינטער.

— װאָס רעדסטו, זאַלמענ? דאָס לעצטע העמד װעל איך אױסטאָנ פונ לײַב, איך װעל מיך לאָזנ אָפשינדנ די אײגענע הױט, אבי...

זאַלמענ האָט אָנגעהױבנ װיגנ דעמ קאָפ אינ בײדע זײַטנ, גלײַך װי ער האָט געהאַלטנ אַנ אײצע בא מיזרעך אונ מײַרעװ.

— אפילע מיטנ לעצטנ העמד דײַנעמ איז עס אױך צו װײניק, כאַנע. מיר מוזנ דיר צוהעלפנ מיט װאָס מיר קענענ, — אונ דאַנ גיך צוגעגעבנ, גלײַך װי ער װאָלט געװאָלט פאַטער װערנ פונ אַנ אָל, — מײַנ װינטערדיקנ מאַנטל אונ מאַלקעס גאָלדענע קײט אונ זײגער קאָנסטו אַרײַנעמענ אינ כעזשבנ.

עס האָט זיך אָנגעהױבנ א יאָגערײַ אונ לױפערײַ צו אונ פונ כאַנעס שטוב. מע האָט געטראַסקעט מיט די טירנ, געלאָזט זײ אָפנ, אונ פונ דער גאַנצער הײמישער אָפגעצאַמטקײט האָט עס שױנ געװײעט מיט העפקײרעס.

דער מאַנדעטניק זעליק-מײער האָט געשטאָכנ די לופט מיט זײַנ שפיציק בערדל, געװאָרטשעט װי א הונט, װענ מאַלקע אָדער כאַנע פלעגנ אימ איבערשלאָגנ בא זײַנ אָפשאַצנ די שטוב-כפײצימ אַפ א צענטל פונ זײער װערט. יאָסקע, זעליק-מײערס שװעפ, באַקאַנט דורכ די פיש, װעלכע ער פלעגט האַקנ לעקאָװעד שאַבאָסימ אונ יאָמ=

טוווימ, און דורכ די גראָבע רייד און זידלערייענ, מיט וועלכע ער פלעגט מעכאבעד זיינ זיינע קוינימ, די שענסטע באלעבאטימ פונ שטאָט, וואָס פלעגנ אלצ אָנעמענ פאר ליב, מיט א שמייכעלע, קעדיי צו באקומענ דעמ פעטסטנ קארפנ-קאָפ אָדער דאָס גרעבסטע מיטלשטיק, — יאָסקע האָט אויכ געהאט זיינ אייגענע מעטאָדע בא דעמ סאָרט מיסכער. ער פלעגט ארומשפרייזנ מיט זיינע ברייטע שריט, די הענט פארלייגט אפ הינטנ, ווי א צוקוקער, וועלכנ עס גייט גאָרניט ניט אָנ. נאָר ווענ זעליק-מייער פלעגט זיכ אָנהייבנ צו היצנ, פלעגט ער אימ פלעגמאטיש א שלעפ טאָנ באמ ארבל און צו-פירנ צו דער טיר.

— קומ, זעסט דאָכ, אז דאָ טראכט מענ אפילע ניט וועגנ פארקויפנ. וואָס גייסטו זיכ נאריש מאכנ.

זעליק-מייער מיט יאָסקענ האָבנ אוועקגעפירט כאנעס צוויי שאפעס, די בעטנ, דעמ טיש און די בענקלעכ, די סאָפע, דעמ קיכ-בופעט, דאָס בעטגעוואנט, די גאנצע וועש פונ איר אויסשטייער, דעמ מאנס נייעמ אָנצוג מיטנ ווינטער-ראָק, אפילע דאָס קינ-דער-וויגעלע אלס צוגאָב. נאָר די סומע, וואָס זי האָט באקומענ פאר דעמ אלעמ, איז געווענ לעכערלעכ קליינ אינ פארגלייכ מיט די געפאָדערטע פינפ טויזנט זלאָטעס. אינ שטוב האָבנ זיכ אפ דער ערד געוואלגערט אלטע שיכ, עס זיינענ געשטאנענ עטלעכע טעפלעכ און טעלער. די קינדער האָבנ זיכ געשפילט מיט קעמלעכ, קנעפלעכ, געש-ניצטע קעסטלעכ, פאָטאָגראפישע בילדער פונ טאטע-מאמע, פונ פעטערס און מומעס, סאמע אזעלכע זאכנ, צו וועלכע זיי האָבנ קיינמאָל ניט געהאט קיינ צוטריט. איצט, אויסגעטרייסלט פונ די שטענדיק פארשלאָסענע שופלאָדנ, האָבנ זיי אריבערגעפירט די קינדער אינ דער ווּנדערלעכסטער וועלט, דער וועלט פונ ניסימ.

כאנע, וואָס האָט מער ניט געקאָנט איינזיצנ אינ דער אויסגעליידיקטער שטוב, האָט קוימ מיט צאָרעס אוועקגעשלעפט די קינדער פונ די צעשאָטענע אוצרעס און איז אוועק מיט זיי צומ שוואָגער.

מאלקע האָט כאנענ ארײַנגעשטופט א קניפל — די סומע פאר זאלמענס ווינטער-מאנטל און איר קייט און זייגער. די שוויגער, וואָס איז געלעגנ אינ צווייטנ צימערל, האָט זיכ פונ שטענדיקנ שושקענ און סוידענ אינ די ווינקלענ מעשאער געווענ, אז עפעס קומט דאָ פאָר, עפעס באהאלט מענ דאָ אויס פונ איר.

— וו איז מיינ שלוימע, פארוואָס קומט ער ניט צו מיר. גאזלאָנימ, פארוואָס זאָגט איר מיר ניט דעמ עמעס?

האָט מענ אפדערגיכ צוגעטראכט א ליגנ, קעדיי צו בארויקנ די אלטיטשקע, אז בא שלוימענ האָט מענ געפונענ טאבעק, און אזוי ווי ער האָט ניט קיינ פאטענט אפ צו האנדלענ מיט מאָנאָפאָל-זאכנ, וועט ער מוזנ צאָלנ שטראָפ. נאָר דערווייל וועט ער מוזנ אָפזיצנ עטלעכע טעג, ביז מע וועט אויפקלייבנ דאָס געלט. די אלטע האָט ארויסגענומענ פונ אונטערנ קישנ איר שטערנ-טיכל, מיט וועלכנ זי האָט זיכ קיינמאָל ניט צעשיידט און עס בעדייע געהאט איבערצולאָזנ אלס ירושע דעמ עלטסטנ אייניקל, אירע פארגעלטע דארע פינגער האָבנ, ציילנדיק די פערל, באטאפט יעדנ איינעמ בא-זונדער, ווי זיי וואָלטנ זיכ געוואָלט אָנוואָרעמענ צומ לעצטנ מאָל בא זייער מילדנ, ראָזלעכנ גלאנצ.

— נעמ, כאנע, פארקויפ עס און זאָל עס זיינ אינ א גוטער שאָ. מיינ הארצ זאָגט מיר, אז שלוימע איז ארײַנגעפאלנ אינ בייזע הענט.

די זונ איז שוינ געשטאנענ נידעריק, די שאָטנס זיינענ געוואָרנ אלצ לענגער. דער קורצער כעשוונדיקער טאָג האָט אָנגעהויבנ ארײַנצודעמערנ אינ א לייכטנ, פיאָלעטנ נעפל. עס האָט זיכ דערנעענטערט די שאָ, אינ וועלכער כאנע האָט געזאָלט איבער-געבנ דאָס אויסלייז-געלט, אָבער צו דער סומע האָט נאָכ געפעלט קימאט העלפט.

אינ שטאָט האָט מענ זיכ דערוווּסט וועגנ דעמ קאָמענדאנטס „אולטימאטומ" און האגאמ עס איז געווענ א לעבנס-סאקאָנע ארויסצוגיינ אינ גאס, האָבנ זיכ עטלעכע מענטשנ אײַנגעשטעלט און זיינענ געגאנגענ צונויפזאמלענ די פעלנדיקע סומע.

איינִיקע האָבנ אָפּגעראטנ, געמײנעט, אז פרוי ראטנער האָט שוינ איינמאָל גענומענ געלט אפ אויסקויפנ די אומגליקלעכע פונ ראָצכישע הענט, אָבער מע זעט יאָקאָש ניט צוריק ניט די מענטשנ, ניט דאָס געלט.

מאטעס רובינ, באקאנט דורכ זײנ ווילקענוודיקײט אונ באשיידנקייט, איז ארויסגעשפרונגענ דער ערשטער מיט אזא לאָס, אז ס'האָט זיכ געדאכט — דאָס פונ אופרעגונג רויטע פּאָנעם וואָלט געפּלאצט, ווענ עס וואָלט ניט געווענ צונויפגעהאלטנ דורכ די אָדערנ, וואָס האָבנ זיכ איצט געהויבנ ווי לעבעדיקע הארטע שלענגלעכ.

— ווער דערוועגט זיכ אינ אזא מינוט צו ריידנ וועגנ געלט? א?

אלע האָבנ אראָפּגעלאָזט פארשעמטערהייט די קעפּ. דער קורצפּיסיקער פּראָיִמ העלמרײכ האָט מיט זײנ פעט הענטל זיכ א נעמ געטאָנ פאר זײנ גרויסער בוזעמקעשענע אונ ארויסגעשלעפּט דאָס לעדערנע געלט־בײטל.

— אז עס גייט אומ ראטעווענ א מענטשנ... איכ גיב צו שטײער מײנע פינפ הונדערט זלאָטעס.

ארומ זעקס אזייגער אינ אָוונט איז כאנע געלאָפנ מיטנ געלט צו פרוי ראטנער.

א גאנצע נאכט האָט זיכ כאנע געוואָרפנ אומרויִק אפנ געלעגער. דער הייזעריקער וואנט־זייגער האָט מיט די אויסגעכריפּעטע שאָענ געפּערטלט די נאכט. ערשט פארטאָג איז זי ארײנגעפאלנ אינ א קורצנ, פיבערנדיקנ דרעמל. זי האָט זיכ מיטאמאָל דערזענ אינ א גרויסנ זאל, וואָס איז געווענ ארומגעצוימט מיט ווענט פונ בלוטנדיקע בעהיימע־לײבער. אינ דער נאָז האָט געעקלבערט אנ עקלדיקער רייעכ פונ פריש בלוט. זי האָט געזוכט די ארויסגאנג־טיר, אָבער וואָס ווײטער זי איז געגאנגענ, אלץ שמעלער איז געוואָרנ דער זאל, ביזוואנענ זי האָט זיכ קוימ דורכגעשטופּט צווישנ די פארבלוטיקטע אָקסנ־לײבער אינ געפּילט אפנ פּאָנעם אונ אפ די הענט זייער גליטשיקע נאסקײט. זי האָט פארבלאָנדזשעט, ניט געקאָנט טרעפנ צו דער טיר אונ אויכ צוריק האָט זי מער דעמ וועג ניט געקאָנט געפינענ. עס האָט זיכ איר געדוכט, אז דאָ וועט זי שוינ מוזנ בלײבנ אייביק. ערשט איר אייגענער געשריי האָט זי אופגעוועקט פונ שלאָפ אונ באפרײט פונ גרויזאמענ קאָשמאר.

IV

ווענ כאנע איז ארײנגעקומענ אינ דער געסטאפּאָ־קאנצעליאריע, האָט זי געטראָפנ דעמ קאָמענדאנט זיצנ איבער א שטויס פּאפּירנ. איבער זײנ ראָזלעכ פּאָנעם האָט א שטראָל פונ דער פרימאָרגנדיקער זונ אָנגעצייכנט א סיווע פרעגנ, ווי א פלעק נאָכ בײטשנ־שמיץ. ער האָט זיכ אפילע ניט אויסגעדרייט בא כאנעס ארײנקומענ.

זי איז געשטאנענ בא דער שוועל אזוי לאנג, ביזוואנענ עס האָבנ ניט אָנגעהויבנ צו ציטערנ אונטער איר די קני. מיט גוואלד האָט זי צונויפגעפּרעסט די צײנ, זיי זאָלנ ניט קלאפּנ אייגער אינ צווייטנ.

— וואָס ווילענ זי היר? — האָט איר פלוצלימ א טשמעלע געטאָנ אינ קאָפּ א בייזער וואָרטש.

— איכ, איכ, הער קאָמענדאנט, בינ געקומענ. נעכטנ בינ איכ שוינ דאָ געווענ מיט פרוי ראטנער. כ'איז וועגנ מײנ מאנ.

— א־א־א־א — האָט ער פּאמעלעכ צעצויגנ דאָס וואָרט.

פונ אונטער די האלב אראָפּגעלאָזטע ווִיעס האָט זיכ א גליטש געטאָנ צו איר א פּאָרשנדיק שטעכיקער בליק. ווענ דער קאָמענדאנט האָט דערזענ דאָס פארמאטערטע, פארוויינטע פּאָנעם פונ דער פרוי, האָט זיכ אפ זײנ פּאָנעם באוויזנ א צופרידנ זײטשמייכעלע אונ די ליפּנ האָבנ זיכ באלעקט נאָכ יעדנ וואָרט, ווי נאָכ א גוטנ מיטיק.

— דאָס זינד זי, יא? זי ווערדענ אירענ מאנ באלד בעקאָמענ.

אונ ניט אראָפּנעמענדיק פונ כאנענ דעמ בליק, האָט ער אופגעהויבנ צומ אויער דאָס טעלעפאָנ־טרײבל.

— אָבערלויטנאנט קלעווינ, יא, דיזע קאָמישע געשיכטע, ערלעדיקט? קאָכ געסטערנ, אאוסגעצײכנעט, אינ וועלכענ צושטאנד? הא, הא, הא, דא ווירד זי אירע פרוידע האבענ.

א הויכער הילכיקער געלעכטער האָט אריינגעדונערט אינ טונקעלנ טרייבל. פונ דאָרט האָט אימ געענטפערט ווי א בייזער ווידערקאָל א צוגעדושעטע הירזשענ.

— אירע אנגעלעגנהייט איז ערלעדיקט. געהענ זי צומ הערנ אָבערליטנאנט קלעווינ. — אונ דעמ קאָמענדאנטס ברייטע פלייצע האָט זיכ אויסגעדרייט צו כאנענ, פארשטעלנדיק ווי א וואנט דאָס ליכט פונ פענצטער.

ווענ כאנע האָט זיכ געוואָרפנ קושנ דעמ קאָמענדאנטס הענט אונ פיס, האָט ער דעמ קאָפ ניט אויסגעדרייט פונ פענצטער, גלייכ דאָס, וואָס קומט דאָ פאָר צווישנ די ליפנ פונ א מענטש אונ דעמ לעדער פונ זיינע שטיוול, איז א גאנצ נאטירלעכע דערשיינונג.

V

כאנע האָט לאנג ארומגעזוכט דעמ אָבערלייטענאנט קלעווינ, ביז מע האָט איר ענדלעכ אָנגעוויזנ אפ דער געביידע פונ אוקראינישנ „דאָמ נאראָדני“... צומ אָבער-לייטענאנט גופע האָט זי די וואכ ניט געוואָלט ארייננלאָזנ.

— מיכ האָט געשיקט אהער דער קאָמענדאנט אליינ, דער הער אָבערלייטענאנט ווייסט שוינ.

— דאנ ווערדענ וויר מאל נאכשאוענ. האנס, גע הינ אאופ, — האָט זיכ א הויכער, עלטערער דייטש געווענדט צומ יונגערנ זעלנער.

— זאָל זי ווארטנ אונטנ, די יודענ-זאָו, — האָט יענער אינ א ווײלע ארומ אראָפ-געשריענ פונ דער הייכ.

כאנע האָט זיכ געזעצט אפ א בענקל אינ פאָיע, וואָס פירט צומ קינאָ-זאל. האנאט ס'איז אינדרויסנ געווענ איינער פונ די לעצטע ברוינ-גאָלדנדיקסטע הארבסט-טעג, אונ די זונ האָט נאָכ אלצ ניט געוואָלט פארגעסנ דעמ זומער, — איז פונ די שטיינער געקראָכנ אונ ארומגענומענ די פיס א יאדעשליווע קעלט, ווי ס'וואָלטנ אינ דעמ פאר-לאָזטנ קינאָ-זאל געווענ באגראָבנ אלע פארגאנגענע ווינטערס.

אלטע קינאָ-פלאקאטנ אונ פראָגראמענ האָבנ געפלאמט איבער די גראָע ווענט מיט די רויטע קארמענ-געשטאלטנ, געבלענדט מיט דראָעמדיקע אויסגעשטערנטע הימ-לענ איבער די ראָמאנטישע געשטאלטנ פונ ראָמעאָ אונ דזשוליעטא אונ אפ כוואליעס פונ טונקעלנ אולטראמארינ איז געשוואומענ דער צארטער, בלאָנדער קאָפ פונ דער שיינער אונ אומגליקלעכער אנא באָלעינ.

מיטאמאָל האָט זיכ ערגעצ געעפנט מיט א טראסק א ווייטע טיר, אינ ווינט-צונ האָבנ אָנגעהויבנ פלאטערנ אונ שאָרכנ די פלאקאטנ ווי אָפגעריסענע בלעטער.

איבער דעמ פארענטש האָט זיכ אריבערגעבויגנ א מענערישער קאָפ אינ א זעל-נערישנ היטל.

— זי ווארטעט נאָכ?

אונ פונ אונטנ ארופ:

— יאוואָל, זי ווארטעט אאופ דענ מאנ.

— דא האבענ זי אירענ מאנ, — האָט עמעצ א געשריי געטאָנ פונ אויבנ. אונ גלייכצייטיק האָט זיכ איבער די טרעפ אָנגעהויבנ צו קוילערנ א לענגלעכער שווערער קעגנשטאנד.

כאנעס גרויליקער, אופשוידערנדיקער געשריי האָט זיכ אויסגעמישט מיט א הויכ, שפּאָטיש געלעכטער, וואָס איז פארצענפאכט געוואָרנ דורכנ ווידערקאָל פונ דעמ גרויסנ, פוסטנ קינאָ-זאל.

ביי כאנעס פיס איז געבליבנ ליגנ דער טויטער קערפער פונ א מענטש. פונ דער ברוינער דעק, אינ וועלכער ער איז געווענ איינגעוויקלט, האָט זיכ בייסנ קוילערנ ארויסגעריסנ דער עלנבויגנ פונ אָפגעהאקטער האנט אונ א קאָפ, באדעקט מיט שווארצ, פארטריקנט בלוט. דאָרט, ווו עס זיינענ אמאָל געווענ אויגנ, האָבנ איצט גע-שטעקט צוויי ליידיקע, אָפענע לעכער.

כאנע האָט דערקענט איר מאנ.

——— ★✦★ ———

## ייִצחאָק יאָנאסאָוויטש

# די ליד פונ האס

זאָל זײַנ, אז גוט געווענ איז דאנ,
ווענ דורכנ גלאָז
פונ מאַט-פארהויכטער שויב
עס האָט דער בעז געבליט
מיט בלויענ פלאמ אפ צווײַגנ...
זאָל זײַנ, אז גוט געווענ איז דאנ,
ווענ אינעמ ראָז
פונ זונ-פארגאנג געוואָרקעט האָט די טויב
אינ אונדזער רו ארײַנ,
אינ אונדזער שווײַגנ.

נאָר איצט איז גרעסער נאָכ
אונ ווילדער נאָכ מײַנ פרייד,
מיט וועלכער כ'וואָלט אמאָל
פאר זיכ אליינ פארשעמט זיכ:
ווענ אפנ פעלד באנאכט
איכ וואָלט זיכ שטילערהייט
מיט הענט מײַנע, ווי שטאָל,
אינ סוינעס האלדז פארקלעמט זיכ.

זאָל זײַנ, אז גוט געווענ איז דאנ,
ווענ איכ אונ דו —
מיר פלעגנ שאָענלאנג
אינ בענקשאפט צו דער ווײַט
זיכ זיס אזוי דערמאנענ...
זאָל זײַנ, אז גוט געווענ איז דאנ,
אינ בלויער רו,
אינ ווייכנ טענער-קלאנג
צו צאפלענ שטיל
באמ פײַפ פונ ווײַטע באנענ.

נאָר קיינמאָל האָב איכ נישט
א פרייד אזא געהאט,
א ווילדע שטורעמ-פרייד,
וואָס וואנזיניק פארטויבט מיכ,
ווענ אפנ פעלד באנאכט
רײַסט אופ זיכ א סנאריאד
אונ אינעמ הייסנ בלײַ
דעמ סוינעס לײַב צעשטויבט זיכ.

אָ, גיב מיר בלוט אצינד!
אונ זאָל דעמ סוינעס קרעכצ
זיכ רײַסנ צו מײַנ אויער,
ווײַל זײַנ פארשטיקט געשריי
אינ האנט פונ פארטיזאנ,
ווענ ס'בלוט זײַנס רינט אונ רינט,
לעשט אָפ אינ מיר א ווײַל
דעמ אופגעפלאמטנ טרויער.

ווײַל יעדער קייווער ערד,
דער שווארצער קרייצ אינ ווינט,
קילט אָפ אינ מיר דאָס בלוט
פונ מײַנע רויע וווּנדנ.

— — — — — — — — — — —

פארשאָלטנ זאָל ער זײַנ
דורכ אונדזער בלײַ אונ שווערד,
וואָס ער ט'דעמ האס אינ מיר,
ווי פײַער אָנגעצונדנ.

——— ✶✦✶ ———

## ס. װעריטע

# אָדעס בלײַבט אָדעס...

היטלערס מעכאבלימ זײַנענ, װי די הײשעריקנ, אָנגעפֿלויגנ אַפֿ אָדעס און איבער־געלאָזט אַש פֿונ די שענסטע גאסנ: פּושקינסקע, רישעליעװסקע, דעריבאסאָװסקע, לאַנזשעראָנאָװסקע — גאסנ, מיט װעלכע יעדער אָדעסיט שטאָלצירט.

נאָר אָדעס בלײַבט אָדעס!

מײַנ שװאָגער, נאָכעמ גאָנגער פֿונ דער מאָלדאװאַנקע, האָט מיר געזאָגט:

— א לאָכ דיר אינ בורדאָנ, אורעלע לימאָנטשיק! דו האַלסט זיכ בא דער װײַבס פֿאַדאָלעק, און אונדזער מאָלדאװאַנקע, אַלט און יונג, איז אװעק אינ אָפּאָלטשעניע...

האָב איכ זיכ געזעגנט מיט מײַנ הינדענ און מיט מײַנ צירעלענ און געזאָגט נאָכעמענ:

— אויב מאָלדאװאַנקע גײט, גײט אורעלע לימאָנטשיק אויכ...

אָדעס בלײַבט אָדעס!

מיר האָבנ זיכ געשלאָגנ מיט די דײַטשישע קאָלבאַסניקעס און רומענישע קאַמערינשטשיקעס אַפֿנ באָלשאָי פֿאָנטאַנ און מאַלי פֿאָנטאַנ, צװישנ די יארעס ארומ ארקאדיע, צװישנ די געדיכטע אַלײענ אַפֿנ פֿראַנצוזסקי בולװאר, אַפֿנ לאַנזשעראָנ.

אָדעס בלײַבט אָדעס!

אַפֿ באלשאיע און מאַלע ארנאוטסקע האָבנ מיר געשאָסנ אינ די עסעסאָװצעס דורכ די פֿענצטער פֿונ די הײַזער, פֿונ די בוידעמער און דעכער. אַפֿ דער מאָלדאַװאַנקע און אַפֿ די „בליזשנע מעלניצעס" האָבנ מיר אופֿגעשטעלט באַריקאַדנ...

אָדעס בלײַבט פֿאָרט אָדעס!

װי די װעלפֿ האָבנ זײ זיכ ארײַנגעריסנ אינ די הײַזער, געשניטנ שפּיקער לעבעדיקערהײט פֿונ אונדזערע װײַבער און קינדער. פֿינ דער פֿראָכאָראָװסקע ביז דער באַלקאָװסקע איז געלאָפֿנ מײַנ הינדע און אַפֿ די הענט געטראָגנ די צעריסענע אײװורימ פֿונ צירעלענ. צענ טריט פֿונעמ יאר, װו איכ מיט מײַנע בראטאנעס פֿונ דער מאָלדאװאַנקע זײַנענ געלעגנ, האָט מײַנ הינדע אָנגעיאָגט א פֿאשיסטישע קויל. זי איז געפֿאַלנ אַפֿ צירעלענ. זי האָט מיכ געזענ, אָבער רײדנ שוינ ניט געקאָנט. זי האָט נאָר געקוקט אַפֿ מיר, געקוקט ביז אינ דער לעצטער מינוט...

אַפֿנ באַלטער שליאכ האָבנ מיר פֿארשפּארט צװישנ צװײ בערג הונדערט פֿופֿציק דײַטשנ. זײ האָבנ ארא‌פּגעלאָזט די ביקסנ און אופֿגעהױבנ די הענט. מיר האָבנ זײ געהאַקט די הענט און די קעפּ. מײַנ שװאָגער, נאָכעמ גאָנגער פֿונ דער מאָלדאװאַנקע, האָט מיר געזאָגט:

— הינדע און צירעלע א מאציװע געשטעלט!..

אָדעס בלײַבט מאַקע אָדעס!

דערנאָכ בינ איכ געלעגנ אינ שפּיטאָל מיט אָנדערהאַלבנ טוץ װונדנ: געריסענע, געשטאָכענע, געשניטענע. אנ אַלטיטשקער דאָקטער האָט פֿארלאטעט מײַנ לײַב און געבורטשעט אונטער דער נאָז:

— ארויסגעװאָרפֿענע ארבעט.

נאָר מײַנ צונויפֿגעשטוקעװעטע הויט איז זיכ צענויפֿגעװאַקסנ. דער אַלטער דאָקטער האָט זיכ אַזש צעװײנט און מיכ ארומגעכאפּט קושנ.

אינ קופּיאנסק האָב איכ זיכ ארײַנגעזעצט אינ אנ עשעלאָנ און זיכ געלאָזט אינ עק װעלט זוכנ מײַנע אָדעסער. אינ טשקאלאָװ אַפֿנ װאָקזאַל האָט מיר א טיראַס־

פֿאָלער ייִד געזאָגט, אַז אינעמ דאָרפֿ באָגדאַנאָווקע, פֿערציק ווערסט פֿונ דער באַנ־סטאַנציע טאָנקע אונ העכער צוויי הונדערט צוואַנציק ווערסט פֿונ טשקאַלאָוו, ווױ־נענ אָדעסער.

האָב איכ גלײַכ פֿאַרקערעוועט דעמ דישל קיינ באָגדאַנאָווקע, אַרופֿגעכאַפּט זיכ אױפֿ אַ „טאָוואַרנע“ אונ הײַדאַ צו מײַנע זעמליאַקעס.

עוואַקוירטע האָבנ זיכ געכידעשט:

— אַ באַלאַנעס אַ ביסל... צוויי הונדערט צוואַנציק ווערסט „האַשיוואַינו נאַזאַד“...

דער פּאַיעזד האָט אַ פֿײַפֿ געטאָנ, אונ איכ האָב זיי געענטפֿערט:

— אָדעס בלײַבט אָדעס!

אינ טאָנקע האָב איכ געזוכט אַ מאַשינ, אַ פֿור אַריבערצוכאַפּנ זיכ קיינ באָג־דאַנאָווקע אונ ווי אַפּצולאָכעס ניט געפֿונענ. האָב איכ אײַנגעשפּאַנט מײַנע אײגענע צוויי ריסאַקעס אונ אַוועקגעשפּאַנט קיינ באָגדאַנאָווקע.

פֿונ ביידע זײַטנ וועג — סטעפּ, טיפֿע באַלקעס, יאַרעס אונ קײַלעכיקע, אָפּגעריסענע בערג, וואָס וואַקסנ גלײַכ פֿונ דער ערד אַרויס. איבערנ קאָפּ אַ פֿאַרכמאַרעטער, פֿרעמדער הימל, ווי אַ בײזע שוויגער. אַ ווינט בלאָנדזשעט איבערנ סטעפּ, ווײנט, קאָנ זיכ אינ ערגעצ ניט פֿריטיקענ. אױפֿנ האַרצנ איז מיר קאַלאַמוטנע, בײזע געדאַנ־קענ קריכנ אינ קאָפּ אַרײַנ. נאָר איכ מאַכ זיכ האַרצ, טיאָפּקע אינ דער טיפֿער בלאָטע אונ זינג מיר אַ לידעלע:

כ'בינ געקומענ קיינ אָדעס
אױפֿ דער מאָלדאַוואַנקע,
טשײַ פּיל, זאַקוסיל
בײַ דער מומע כאַנקע.

געקומענ קיינ באָגדאַנאָווקע, אָפּגעזוכט דעמ כאָוועמ, אַרײַנגעקומענ, פֿאַרגע־שטעלט זיכ אַזוי, ווי מיר, אָדעסער, קאָנענ, אונ גלײַכ אױפֿנ אָרט:

— אָדעסער פֿאַראַנ?

ענטפֿערט מענ מיר:

— געווענ... אַוועקגעפֿאָרנ... ס'איז זיי קאַלט בײַ אונדז...

מיר איז אויכ קאַלט געוואָרנ אינ יעדנ אײבער. נאָר פֿאַרפֿאַלנ. ס'וועט אויסקו־מענ איבערצווינטערנ אינ באָגדאַנאָווקע, אַרבעטנ אינ קאָלווירט.

פֿרעגט מענ מיכ:

— אַ פֿאַסטעכ בײַ די שאָפֿ וועסטו זײַנ? מיר האָדעווענ אַ סטאַדע פֿאַר דער רויטער אַרמיי...

ענטפֿער איכ:

— צו אַכט יאָר בינ איכ געווענ אַ שרײַבערל אינ אַ קלייט; צו נײַנ יאָר — אַ מעשוירער בײַ אַ כאַזנ; אינ פֿאָרט שאַלאַנדעס געלאָדנ; געווענ אַ זייגערמאַכער אױפֿ גאָוואָריבנע, סאַמע לעבנ וואָקזאַל. כאָטש זייגערמאַכער פֿלעגנ פֿונ מיר מאַכנ כוויזעק: „אורעלע לימאָנטשיק פֿאַריכט אַ זייגער, גייט ער ביז סטאַנציע ראַזדעלנע“... דער־נאָכ בינ איכ געווענ אַ שיבער אינ אַ מאַצע־פֿאָדריאַד, אַ שטיוול־פּוצער, אַ קוריער אינ „ריבאָטרעסט“, אַ גאַבע בײַ די מייסימ אינ מעד.אינסטיטוט, אַנ אופּראַוודאָמ, אַ פּאָזשאַרניק, ביז דער אָדעסער שטאָט־סאָוועט האָט זיכ אַרומגעקוקט אונ דערזענ, אַז ס'וועט שוינ באַלד ניט סטײַענ קיינ פּראָפֿעסיעס פֿונ מײַנעטוועגנ, אונ האָט מיכ געשיקט אינ אַרטעל „מעטאַליסט“ מאַכנ לעמפּלעכ. אַז כ'האָב געקאָנט פֿונ אַנ אופּ־ראַוודאָמ ווערנ אַ פּאָזשאַרניק, וועל איכ פֿונ אַ לאָמפּנמאַכער ווערנ אַ פּאַסטעכ.

אָדעס בלײַבט אָדעס!

בינ איכ מיט מאַזל געוואָרנ אַ פּאַסטעכ.

דאָרפֿ אַ שאָפֿ האָבנ שעפּעלעכ — בינ איכ די באַבע. די קינפּעטאָרנ מיט די לעמעלעכ נעמ איכ אַהיימ צו זיכ אינ דער זעמליאַנקע, וואָס שטייט ווײַט פֿונעמ דאָרפֿ אַזש פֿונ יענער זײַט ווײַהאָג. פֿונ די לעמעלעכ קלײַב איכ נאַכעס. באַנאַכט

קריכנ זיי ארופ צו מיר אפנ געלעגער, לעקנ מיר דאָס פּאָנעמ, שלעפּנ פונ מיר אראָפּ די קאָלדרע. א „פּאָטיעכע“ אונ גאָר!..

איינמאָל, ווינטער באנאכט, בינ איכ געזעסנ באמ פענצטער, ארויסגעקוקט אפנ פארשנייטנ, לײדיקנ סמעפּ אונ האָב געטראכט וועגנ אָדעס, וועגנ מײַנ צעבראָכנ לעבנ, וועגנ מײַנע אָדעסיטנ, וועלכע זײַנעג צעזייט אונ צעשפּרייט איבער אלע שיווע יאמימ. פּלוצעמ האָב איכ דערזענ פונ יענער זײַט פענצטער גרינע פּײַערלעכ. עפּעם א טונקעלע מאָרדע האָט זיכ צוגעטוליעט צו דער שויב. כ'האָב זיכ גוט אײַנגעקוקט: נאָכ א מאָרדע אונ א פּאָר גרינע, ראָצכישע אויגנ, אונ נאָכ א מאָרדע...

— וועלפ!

פונעמ ווינקל האָב איכ דערהערט א ראכמאָנעסדיק מעקענ.

כ'טו א קוק, מײַנ קינפּעטאָרג, די שאָפ, שטייט אונ ציטערט, ווי א בלאט, אונ אירע צוויי לעמעלעכ, נאָכ קיינ מעסלעס ניט אלט, טוליענ זיכ צו איר, שטייענ קוים אײַנ אפ די דינינקע, שוואכינקע פיסעלעכ.

די וועלפ, זע איכ, דרייענ זיכ ארומ דער זעמליאנקע, קערנ זיכ אומ צוריק צומ פענצטער, זעצנ זיכ אראָפּ אפנ שניי אונ קוקנ אפ מיר מיט הונגעריקע אויגנ, ווי אפ א געשמאקנ ביסנ. כ'נעמ פויקנ אינ די טאפּליעס, שרײַענ, נאָר זיי רירנ זיכ ניט. זיי שטשירענ נאָר די ציינ אונ סקאווטשענ שטיל אונ הייזעריק.

ווײַז איכ זיי א פײַג אונ זאָג:

— אז אייערע בראטשיקלעכ, די היטלעראָווצעס, האָבנ מיכ ניט געקאָנט נעמענ, וועט איר מיכ אוודע ניט נעמענ... גאט אײַכ!..

ענטפערנ זיי מיר אָפּ מיט א געוווי.

זיצ איכ באמ פענצטער, קוק אפ די וועלפ, אונ די וועלפ זיצנ אפ די ווײדלענ אונטערנ פענצטער אונ וויענ אונטער. כ'וויים ניט, וויפל כ'האָט געדויערט, כ'זע די וועלפ הייבנ זיכ אופ אונ פארשווינדנ הינטער דער זעמליאנקע. איז מיר אראָפּ א שטײנ פונעמ הארצנ. ס'געדויערט אָבער ניט לאנג, כ'הער מ'קראצט די טיר, גו, רעב וועלפעלעכ, טראכט איכ מיר, די טיר איז א שטארקע, ניט פּאר אײַערע לאפּעם. די וועלפ, זע איכ, דרייענ זיכ ארומ דער זעמליאנקע, זעצנ זיכ אויס אינ א רעדל, ווי זיי האלטנ זיכ אנ אייצע, אונ פארקערעווענ ווידעראמאָל הינטער דער שטוב. מיינ איכ שוינ, פּאָטער געוואָרנ פונ זיי. ס'הייבט זיכ ניט אָנ. זיי קראצנ, הער איכ, מיט די לאפּעס די וואנט פונעמ קעמערל, וווּ ס'ליגט דער קיזיק, מיט וועלכנ כ'הייצ דעמ אויוונ. אוי, ס'איז שלעכט! — טראכט איכ — די וואנט איז פונ ליימ, זיי קאָנענ זי אונטערגראָבנ. וואָס טוט מענ? עפּשער אויסשלאָגנ דאָס פענצטער אונ ארויסשפּרינגענ?

פּלוצימ דערפיל איכ, אז עמעצער רײַבט זיכ אינ מײַנע פיס. כ'טו א קוק — לעבנ מיר שטייענ די לעמעלעכ, רײַבנ זיכ אָנ מיר אונ שפּארנ די קעפּעלעכ צווישנ מײַנע פיס. אונ איבער זיי שטייט די שאָפ, די קינפּעטאָרג, אונ קוקט מיר אינ די אויגנ ארײַנ... אקוראט אזעלכע אויגנ זײַנענ געווענ בא מײַנ הינדעלע, ווענ זי איז געלעגנ אפ צירעלענ, געקוקט אפ מיר, געקוקט, נאָר ריידנ ניט געקאָנט...

אונ כ'קלער ניט לאנג, כאפּ די האק פונ ווינקל אונ שפּרינג ארויס אינדרויסנ.

אָדעם בלײַבט אָדעם!

אינ שפּיטאָל האָט מענ מיר דערציילט, אז מ'האָט מיכ געפונענ אונטער א טויטנ וואָלפ. כ'האָב אימ אזוי שטארק געהאלטנ באמ גאָרגל, אז מ'האָט קוימ אָפּגעריסנ מײַנע פינגער.

פונ ראיאָנ איז געקומענ א קאָמיסיע. כ'האָב זיי דערציילט, ווער איכ בינ אונ פונוואנענ איכ קומ. דערנאָכ איז געקומענ צו מיר א מאיאָר אונ האָט מיכ אויסגעפרעגט וועגנ אָדעס אונ מײַנע אָדעסער בראטאנעס פונ דער אָפּאָלטשעניע.

נאָכדעמ, אז כ'בינ געזונט געוואָרנ, האָט מענ מיכ ארויסגערופנ קיינ טשקאלאָוו אונ ארײַנגעפירט גלײַכ אינ איספּאָלקאָמ. דאָרטנ האָב איכ געטראָפנ דעמ אייגענעמ מאיאָר. ער האָט מיר דערלאנגט א מעדאל אונ געזאָגט מיט א שמייכל:

— אָדעם בלײַבט אָדעם!

# דער באָבעס צאַוואָע

די אַלטע סאָרע, אָדער די בענמשיכע, ווי מע פלעגט זי רופן אין גראַדיזשסק, האָט זיך עוואַקוירט צוזאַמען מיט איר אייניקל, דעם צען־יאָריקן פיניעלען, קיין טשקאַלאָוו און זיך באַזעצט אין אַ קליין צימערל אויף דער טאַשקענטער גאַס, נומער 151.

דער עלטערער זון אירער, אַ שלאָסער אויף אַן עוואַקוירטן זאַוואָד, האָט מיט איר אײַנגעטײַנעט:

— קאָנסט דאָך וווינען בײַ מיר... אין צענטער שטאָט.

סאָרע איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אָנגעטאָן די שפּאַקולן, צוגערופן דעם זון און מיט אַ שטילן זיפץ געפרעגט:

— וואָס זעסטו?

לייזער איז אַ פאַרכידעשטער צוגעגאַנגען צום פענצטער.

— כ'זע... אַ בוים...—האָט לייזער נאָך אַ קורצן יִשעוואהדאס געענטפערט,— נו, איז וואָס?

— אַ בוים? דו זעסט אָט יענע בעריאָזקעלע? ווי פון גראַדיזשסק אַראָפּגע־בראַכט. דאָ איז מיר אָנגענעמער, דערמאָנט מיר אין דער היים.

פיניעלע האָט אויך צוגעפּלעטשעט די נאָז צו דער שויב.

— און וואָס זעסטו, פיניעלע? — האָט אים סאָרע געפרעגט.

— אַ טײַך, באָבע, אוי, אַ גרויסער! אַ דניעפּער...

לייזער האָט זיך צעלאַכט:

— אַ דניעפּער? ווי קומט אהער דער דניעפּער?..

— איז ניט דער דניעפּער, — האָט סאָרע געזאָגט מיט אַ זיפץ, — נאָר פאָרט אַ טײַך. אָן אַ טײַך איז מיר שווער צו לעבן אויף דער וועלט. קינדווײַז נאָך פלעג איך אומפאָרן מיטן טאַטן אויפן דניעפּער כאַפּן פיש...

אויף מאָרגן נאָך מיטיק האָט סאָרע אָנגעטאָן דאָס סאַמעטענע מענטעלע, דאָס זײַדענע טיכל, גענומען דאָס אייניקל פאַר דער האַנט און אַוועק אין דער ביוראָ פאַר עוואַקוירטע כוויקער־ווערדווירעש זײַן, צי וווינען ניט אַמאָל אין טשקאַלאָוו אירע גראַדיזשסקער. צוערשט האָט זי זיך נאָכגעפרעגט אויף קרוויווים: אויף דער מעכוטע־נעסטע טעלצען, אויף נאָמע יוינעס, דערנאָך אויף שכיינים און צולעצט גלאַט אויף גראַדיזשסקער.

— נישטאָ, באָבעשע, נישטאָ... — האָט איר געענטפערט אַ שוואַרצייגעוודיק מיידל, וועלכע האָט לאַנג און געדולדיק געזוכט די גראַדיזשסקער אין אַ גראָבן בוך מיט אדרעסן.

פון דער ביוראָ איז זי אַוועק צום וואָקזאַל. אין וואָקזאַל־סעדל, ווו צווישן פּעק און פּעקלעך זײַנען געזעסן עוואַקוירטע, איז זי געגאַנגען פון איין גרופּע צו דער צווייטער.

— נישטאָ דאָ קיין גראַדיזשסקער?

— וויטעבסקער...

— האָמלער...

— דניעפּראָפּעטראָווסקער...

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געשוויגן.

יעדן אינדערפרי פלעגט זי מיטן טערקישן שאַל אויף די אַקסלען שטיין באַם טויער און אַרויסקוקן אויף בריוו.

דער בריוועטרעגער, אַ קורצער, אַ פול־געפּאַקטער מיט אַ לאַנגער באָרד, האָט איר אַ צײַט נאָכאַנאַנד געכאַזערט איינס און דאָס זעלבע:

— מ'שרײַבט, באָבעשע, מ'שרײַבט..

— סאַכאַקל איין בריוו פון אים געהאַט.

— שטאַרק פֿאַרנומענ, באָבעשע... ער שלאָגט די דײַטשנ...

אונ יעדעס מאָל צוגעגעבנ: — איר וועט נאָכ האָבנ א גוטנ בריוו, באָבעשע.

אַפֿ אָט דעם דאָזיקנ גוטנ בריוו, האָט סאָרע אויסגעקוקט די אויגנ.

אונ סאָפֿקאָלסאָפֿ האָט זי באַקומענ דעמ בריוו. געווענ איז עס אָנהייב נאָיאַבער. א קוויטיקער הימל האָט זיכ אַראָפּגעלאָזט ביז צו די דעכער. סאָרע איז געזעסנ באַמ פֿענצטערל, געלאַטעט פֿיניעלעס העמדל, פֿונ צײַט צו צײַט געכאַפּט א קוק איבער די שפּאַקולנ אַפֿנ נאַקעטנ בעריאָזקעלע, וואָס דער ווינט טרייסלט אַזוי, שיר וואָס ער רײַסט אימ ניט ארויס מיטנ וואָרצל.

— א יונגער בוימ, — טראַכט זיכ סאָרע, — וועט גאַנצ זײַנ...

מיט א ברייטנ גוטמאָרגנ אונ א טאַנצנדיק געננעלע איז אַרײַנ אינ שטוב דער בריווטרעגער, מיט צוויי פֿינגער ארויסגעשלעפּט פֿונעמ נאַסנ לעדערנעמ טאַש א בריוו אונ פֿײַערלעכ געזאָגט:

— פֿונ פֿראָנט!

סאָרעס איז די פֿאַרב געקומענ אינ פּאָנעמ אַרײַנ. זי איז ווי יינגער געוואָרנ. באַטראַכט דעמ בריוו פֿונ אַלע זײַטנ, האָט זי אימ אַוועקגעלייגט אַפֿנ טיש. דער בריווטרעגער האָט זיכ אויסגעקערעוועט צו איר, א גלעט געטאָנ די באָרד אונ געזאָגט:

— כאָטש איכ אײַל זיכ שטאַרק, נאָר דעמ בריוו וועל איכ אײַכ איבערלייענענ...

— א דאַנק, מע דאַרפֿ ניט, — האָט זיכ איר געוואָלט זאָגנ, נאָר ארויסגעריסנ האָט זיכ בא איר: — לייענט!

„— באָשעווע באַווערטע רובינ! מיט טיפֿנ טרויער זײַנענ מיר אײַכ מודיע, אַז אײַער זונ שלוימע רובינ...

סאָרע האָט זיכ שווער אופֿגעהויבנ פֿונעמ בענקל, ווי עמעצער וואָלט איר איבערגעהאַקט די קרייזשעס. מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט זי געמאַכט א פּאָר טריט צומ בריווטרעגער, וועלכער האָט זיכ גערוקט צו דער טיר.

מיט בײדע הענט האָט סאָרע צוגענומענ בא אימ פֿונ די הענט דעמ בריוו. גוט, גוט אויסגעווישט די שפּאַקולנ, לאַנג זיי געריבנ מיטנ בריג טישטעכ, ווי זי זאָל וועלנ אויסלייענענ פֿונעמ בריוו ניט דאָס, וואָס דאָרט שטייט געשריבנ.

* *
*

אײנמאָל, שאַבעסצונאַכטס, האָט סאָרע מיט א פֿאַרשולדיקטנ שמייכל געזאָגט צומ עלטערנ זונ:

— כ'פֿיל זיכ עפּעס ניט מיט אַלעמענ, זונ מײַנער.

אַפֿ מאָרגנ איז זי ניט אופֿגעשטאַנענ פֿונעמ בעט. זי האָט זיכ אַפֿ גאָרניש ניט געקלאָגט, זיכ אַוועקגעלייגט אונ שטילערהייט אויסגעגאַנגענ.

אונטערנ קישנ בא איר האָט מענ געפֿונענ א קאָנווערט. אַפֿנ קאָנווערט אַנ אויפֿשריפֿט: „מײַנ צוואָע".

— „...ווײַנט ניט, קינדערלעכ! קײנ יינגערע פֿונ מיר זאָלנ ניט אַוועקגײנ. מיטײַנ יערושע, מישטײַנס געזאָגט, צעטיילט זיכ. איכ האָפֿ, איר וועט זיכ ניט קריגנ. ...בער דאָס רויטע קעסטעלע זאָג איכ בעפֿײַרעש אָפּ פֿיניעלענ. פֿאַרלאָזט אימ ניט, ... קײַלעכיקער יאָסעמ געבעכ"...

פֿיניעלע איז געווענ ניט צופֿרידנ. אימ זײַנענ בעסער געווענ געפֿעלנ דער באָ...עס שפּאַקולנ.

ווענ מ'האָט געעפֿנט דאָס רויטע קעסטעלע, האָט מענ דאָרט געפֿונענ א קאָנווערט ...ימ א שטעמפּל פֿונ דער פֿעלד-פּאָטשט. אינ קאָנווערט איז געלעגנ א בריוו. אינ ...ריוו איז געווענ געשריבנ:

— „...דעמ סויגעס טאַנקענ האָבנ זיכ געריסנ צו אונדזערע שוצגראָבנס. אײַער ...נ האָט זיכ ארומגעבונדנ מיט גראַנאַטעס, איז ארויסגעלאָפֿנ פֿונ שוצגראָבנ אונ ...כ א וואָרפֿ געטאָנ אונטער דעמ פֿאָדערשטנ טאַנק. דער טאַנק האָט זיכ אופֿגעריסנ. ...י נאָענטסטע צוויי טאַנקענ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ"...

——— ★✦★ ———

## ד. האָפשטיין

# מײַנע שוואַכע הענט

מײַנע שוואַכע הענט,
טוט איצט, וואָס איר קענט.

ניט צופיל איך שעצ
מײַנע שוואַכע הענט —
טוט דאָך, וואָס איר קענט,
פלעכט און פלעכט די נעצ!..

ס'איז אַ שירם פאַר זיי
דאָרט אין פעלד, אין שניי...

אָט די נעצ איז ווײַס.
ס'איז אַ שירם פאַר זיי,
דאָרט אין פעלד, אין שניי...
דאָרט אין שניי, אין אײַז...

זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט,—
כ'האָב געזען אַ בילד...

אונטער נעצ אַ טאַנק,
זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט,
נאָר איך האָב דאָס בילד
פאַרגעדענקט אף לאַנג.

קום איך אויך צונוצ, —
אויך די נעצ איז שוצ!

ניט צופיל איך שעצ
מײַנע שוואַכע הענט.
טוט דאָך, וואָס איר קענט,
פלעכט און פלעכט די נעצ!

ס'איז אַ שוצ פאַר זיי
דאָרט אין פעלד, אין שניי....

# באַם טײַך דיאָמע

כ'האָב קיינמאָל ניט געטראַכט,
אַז כ'וועל אַמאָל דאָ זײַן,
אַהער האָט מיך געבראַכט
אַ פּאַס פון לייד און פּײַן.

אוי, אוי, ס'איז ניט דאָס לאַנד,
וואָס כ'האָב אַמאָל געזוכט,
נאָר מילך איך האַלט אין האַנט,
אויך האָניק כ'האָב פאַרזוכט.

און ברייט זיך שפּרייט אַ טײַך,
און פרידן זאָגט נאָך צו,
ווען איך, מיט אַלע גלײַך,
געניסן וועל פון רו.

דערפאַר מײַן זון דאָרט קעמפט,
דערפאַר לײַד איך אָט דאָ,
און האָפענונג מיר דעמפט
די אָוונטיקע שאָ.

מיט אַלע פעלקער גלײַך,
אין אונדזער גרויסן לאַנד
מיר זײַנען זאַט און רײַך
און שטרײַטן קעגן שאַנד.

פון לייד און פּײַן אַ פּאַס
האָט מיך אַהער געבראַכט,
און אויך מײַן אַלטער האַס
איז דאָ מיט מיר און וואַכט.

איך טראָג מײַן לייד, מײַן פּײַן
מיט האָפענונג אין בליק,
אף נײַעם כרײַעג זײַן,
אף פולשטענדיקן זיג.

★✦★

ה. בלאָשטיין

# די ליבע פֿון פֿאָלק

אויב רעכענען לויטן שטעטל, איז אונדזער דאָרף זייער ווײַט פֿונעם פֿראָנט: אַ קילאָמעטער פֿיר טויזנט לויט אַ גראָדער ליניע. אויב אָבער מעסטן דעם שטעטל ניט לויט געאָמעטרישע ליניעס, נאָר לויט די הייס־צאַפּלענדיקע נערוון־ליניעס, וואָס ציִען זיך פֿון אַ טרײַ סאָוועטיש האַרץ צו די שלאַכט־פֿעלדער, וווּ עס אַנטשיידט זיך איצט דער גורל פֿון דער מענטשהייט, וועט אויסקומען, אַז אונדזער דאָרף געפֿינט זיך ניט ווײַטער פֿונעם פֿראָנט, איידער אַ ליאַדע יִישעוו, וואָס די רויטע אַרמיי האָט נעכטן ערשט באַפֿרײַט פֿון די משוגענע היטלער־הינט...

נעמט אָן אַ טשיקאַוועס אַ צײַטונג אין דער האַנט און פּרובירט זיך דורכגיין איבערן דאָרף אָוונט־צײַט, ווען די קאָלווירטניקעס קערן זיך אום פֿון פֿעלד אַהיים. איר וועט ווײַט ניט אַוועק: שוין באַלד בײַ די ערשטע טריט אײַערע ווערט איר אַרומגעקלעפּט מיט מענטשן — מענער, פֿרויען, גרעסערע קינדער; איר מוזט זיך אָפּשטעלן און נעמען לייענען אויפֿן קאָל און דערציילן מיט אַלע פּינקטלעכקייטן, וואָס מע שרײַבט וועגן פֿראָנט; און וויפֿל איר דערציילט ניט, איז אַלץ ווייניק. אָט־אָט און עמעצער פֿון די קאָלווירטניקעס טוט אײַך אַ זאָג: „דערציילט נאָך! אַזאַ פֿולע צײַטונג אָנגעשריבן, און דו דערציילסט איבער אין פֿינף מינוט?" דערבײַ איז אַרום די שטילקייט אַזאַ, אַז קיין לעקטאָר וואָלט זיך קיין בעסערע אַודיטאָריע ניט געדאַרפֿט ווינטשן.

עמעס, אונדזער דאָרף איז אַ ביסל אַ פֿאַרוואָרפֿנס: פֿופֿציק קילאָמעטער פֿון אַ באַן־סטאַנציע, זיבן קילאָמעטער פֿון דער נאָענטסטער פּאָסט־אָפּטיילונג. עס ליגט זיך אַזוי אַ צוגעטוליעט צופֿוסנס פֿון דער מיט אייביקן שניי באַדעקטער באַרג־קייט אַלאַ־טאַו אויף די פּרוכטבאַרע קינסטלעך־באַוואַסערטע טאָלן. מע האָט דאָ נאָך קיינמאָל אויף דער ערד קיין אַעראָפּלאַנען ניט געזען; און טרעפֿט אַמאָל, אַז אַ פֿליִער לאָזט צופֿעליק אַראָפּ זײַן מאַשין נידעריק, אַזוי, אַז זי באַרירט שיִער ניט די שפּיצן פֿון די ריזיק־אויסגעוואַקסענע זילבערנע טאָפּאָליעס, לויפֿט קינד־און־קייט אַרויס פֿון די הײַזער אַ קוק טאָן... און באַווײַזט זיך אַ נײַער, אַ שטאָטיש־געקליידטער מענטש אין דאָרף, לאָזט מען זיך צו אים פֿון אַלע זײַטן — נאָך נײַעס וועגן דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע. און וואָס איז דער כידעש! עס איז דאָך ניטאָ קיין איין שטוב אין דאָרף, וואָס זאָל ניט האָבן וועמען אין דער רויטער אַרמיי. כוץ דעם איז מען דאָך ביכלאַל סאָוועטישע מענטשן און דערצו נאָך אַזעלכע, וואָס בלויז די ראַטנמאַכט האָט געמאַכט פֿאַר מענטשן: שטעלט אָפּ אַ ליאַדן אײַנוווינער פֿון דאָרף, אַ קאַזאַך, אַן אויגור, אַ דונגאַן, אויב נאָר ער איז ניט עלטער פֿון דרײַסיק יאָר, וועט איר נאָך בײַ אים — אויב שוין ניט אויף דער פּליצע, איז אין האַרצן — זיכער געפֿינען בלוטיקע שראַמען פֿון די בייטשן, וואָס ער האָט אַרײַנגעכאַפּט, פּאַשענדיק די טויזנטקעפּיקע טשערעדעס פֿון די בײַען און בעקן...

און אָט, איינמאָל פֿאַרנאַכט, ווען די זון אויף די שניי־בערג האָט געשפּילט מיט אַזאַ וווּנדערלעכער ראָזקייט, וואָס בלויז קינדווײַז אין דײַן פֿאַנטאַזיע האָסטו אַזעלכע פֿאַרבן געזען, — איז אינעם דאָרף אַרײַנגעפֿאָרן אַ באַקאַנטע טאַטשאַנקע, ווײַך אָנגעבעט מיט פֿרישן גראָז, אײַנגעשפּאַנט איז אין איר געווען אַ שלאַנק גרוי פֿערד

מיט ברויגע עפּל אפנ גלאַנציקנ פעל. דאָס איז די טאַטשאַנקע פונעמ רעוויספירקאָמ. זי קומט אָפּט אַהער. דאָס דאַרפ קענ שוינ זײַנ פּאַסאַזשירנ, וואָס פאָרנ אַפּ דער טאַטשאַנקע. גראָד זיי, אַז מע דערזעט, לויפט מענ ניט צו זיי נאָכ קיינ נײַס: מע ווייסט — מענטשנ פאַרהאַוועטע, פאַרטאָגנע; וויכטיקע איניאָנימ, צײַט ווייניק, קאָלווירטנ אַ סאַכ — ניטאָ קיינ האָזע זיי אָפּצושטעלנ און פאַרנעמענ מיט זײַטיקע זאַכנ. נאָר דאָס מאָל זײַנענ די פּאַסאַזשירנ אַפּ דער רעוויספירקאָמישער טאַטשאַנקע געווענ ניט קיינ געוויינלעכע. אייגנטלעכ, אינגאַנצנ איז געווענ בלויז איינ פּאַסאַזשיר, און פונ פאָרנט באַמ פערד איז געזעסנ עפּעס אַ יונגל פונ אַ יאָר דרײַצנ — פערצנ. דער פּאַסאַזשיר איז געווענ אָנגעטאָנ אינ אַ מיליטערישנ כאַקי־העמדל, אינ אַ היטל מיט אַ רויטנ שטערנ, און אַז ער איז צוגעפאָרנ נעענטער, האָט מענ שוינ דײַטלעכ געקאָנט זענ די שפּאַלעס אַפּנ קאָלנער פונעמ העמדל. האָט מענ פאַרשטאַנענ: דער דאָזיקער מענטש אינ די דרײַסיקער מיט די גלאַט־אויסגעראַזירטע באַקנ און גרויסע שוואַרצע אויגנ איז אַ קאָמאַנדיר. אַזאַ קער אַוואַדע ווייסנ, וואָס עס טוט זיכ אַפּנ פראָנט. ווי שטעלט מענ אָבער אָפּ אַזאַ כאָשעווע מענטשנ? ער האָט דאָכ זיכער נאָכ ווייניקער צײַט און נאָכ וויכטיקערע איניאָנימ איידער די רעוויספירקאָמאָווצעס... מיילע, אויב ער פאָרט טאַקע אינ דאָרפ, וועט מענ ווי־ניט־איז זיכ עפּעס דערוויסנ פונ אימ; טאָמער אָבער פאָרט ער נאָר דורכ? איז ווי לאָזט מענ עס דורכ אַזאַ געלעגנהײַט!

איז מענ געשטאַנענ בײַ די טויערנ, זיכ ניט געקאָנט אַנטשליסנ, ווי זיכ דאָ צו באַגייִנ, און דערווייל איז דאָס פורל, גאַנצ פּאַמעלעכ, זיכ געפאָרנ אַלצ ווײַטער מיט דער גאַס, גאַנצ פּאַמעלעכ, ווי בעקיוונ; און דער קאָמאַנדיר האָט געקוקט אינ אַלע זײַטנ, זיכ צוגעקוקט צו אַלע פּענעמער, ווי ער וואָלט עמעצנ געזוכט, און פאַרווײַלנגס האָט ער גריסנדיק געשאָקלט מיטנ קאָפּ און גוטמוטיק געשמייכלט.

און פּלוצעמ, ווענ די טאַטשאַנקע איז אַזוי פּאַמעלעכ געפאָרנ פאַרבײַ איינער אַ כאַנזע, איז פונעמ טויער אַרויסגעלאָפנ איינער אַנ עלטערער ייִד פונ די עוואַקוירטע, וואָס לעבנ און אַרבעטנ דאָ אינ קאָלווירט, אַ ייִד אַ דאַרער, אַ ביסל אַנ אײַנגעבויגענער, מיט אַ גרויענ קאָפּ און מיט גרויסע שוואַרצע אויגנ. און ס׳איז געווענ מאָדנע צו קוקנ, וויאַזוי ער גייט צומ פורל: צוערשט האָט ער געטאָנ אַ לאָפ, אַ שפּרונג; נאָכדעמ איז ער אַפּ איינ רעגע געבליבנ שטיינ, ווי עמעצ וואָלט פּלוצימ אַ וואָרפ געטאָנ אַ פּענטע אַפּ זײַנ פיס. די קני האָבנ זיכ אימ געטרייסלט, די הענט און די ליפּנ האָבנ געציטערט, קיינ וואָרט האָט ער ניט געקאָנט זאָגנ, נאָר טרערנ האָבנ זיכ אימ אַ לאָז געטאָנ פונ די אויגנ. דאָס פורל האָט זיכ שוינ אָבער געהאַט אָפּגעשטעלט, דער קאָמאַנדיר איז אַראָפּגעשפּרונגענ, און אַלע האָבנ געזענ, ווי ער האָט מיט דער ליגקער האַנט אַרומגעכאַפּט דעמ ייִדנ אַרומ האַלדז, אימ גענומענ קושנ און מיט אַ ציטער אינ קאָל געפּליסטערט:

— מײַער, טײַערער, ברודערל...

און מײַער האָט, וויינענדיק און לאַכנדיק, אימ געטוליעט צומ האַרצנ און געמורמלט:

— דאָווידל, דאָס ביסטו, ברודער מײַנער?..

אַרומ פורל איז דערווײַל אויסגעוואַקסנ אַ היפּש געזעמל מענטשנ; און דאָס יונגל, וואָס האָט דעמ פּאַסאַזשיר געבראַכט פונעמ ראַיאָנישנ צענטער, האָט דערווײַל אויסגענוצט די געלעגנהײַט זיכ „אַרויסצורוקנ“, צו באַווײַזנ, אַז ער איז אויכ ניט אַבי ווער, אַז ער קענ אויכ עפּעס דערציילנ, וואָרעמ דער קאָמאַנדיר איז אַזאַ ווילער און צוגעלאָזטער מענטש, אַז ער האָט דעמ גאָר גאַנצנ וועג גערעדט מיט אימ, אַכמעטנ, גאָר ווי מיט זײַנס אַ גלײַכנ. איז אָט ווייסט ער, אַכמעט, אַז דער קאָמאַנדיר איז גאָר אַ וויכטיקער מענטש, ער האָט אַנ אָרדענ, אַפּנ פראָנט האָט מענ אימ פאַרווונדעט אינ דער רעכטער האַנט, אַ שטיקל צײַט איז ער געווענ אינ שפּיטאָל, ווו מע האָט אימ שוינ קימאַט אינגאַנצנ אויסגעהיילט, ער קענ שוינ אַפילע באַוועגנ אַלע

פינגער. נאָר די דאָקטוירים האָבנ געזאָגט, אַז ער דאַרפ זיכ נאָכ א ביסל אָפּרוען און פאַרריכטנ. אינ שפּיטאָל האָט דער קאָמאַנדיר זיכ דערוווּסט, אַז זײַנ אײנציקער און עלטערער ברודער וווינט איצטער דאָ אינ קאָלווירט, איז ער געקומענ זיכ זענ מיט אים. יאָ, אַכמעט ווײסט נאָכ עפּעס — דעם איקער מאַקע; די פאַשיסטנ קריגנ בײ=טערע קלעפּ און מע יאָגט זײ, ווי די הינט. דער קאָמאַנדיר האָט דאָס אים דערציילט, דער קאָמאַנדיר מיט די שפּאַלעס און מיטנ אָרדענ...

און דערווײַלע, ביז בײדע ברידער זײַנענ אַזוי געשטאַנענ באַם פּוריל און, ווי ס'האָט זיכ געדוכט, זיכ ניט געקאָנט רירנ פונ אָרט פאַר אומגעריכטקײט און שאַרפע איבערלעבונגענ, האָט אײנס א יאַטל שוינ באַוויזנ אָנצוזאָגנ אינ דער קאָלווירטישער קאָנטאָר וועגנ דער נײַער געשעעניש אינ דאָרפ. אַהער איז שוינ האַסטיק געגאַנגענ דער פאָרזיצער פונעם קאָלווירט. דער אוילעם האָט מיט אַכטונג זיכ צערוקט, געמאַכט א וועג. דער פאָרזיצער — א מיטליאָריקער ברײטפּלײציקער מענטש, א געוועזענער פּאַרטיזאַנער — איז ברײט שמײכלענדיק צוגעגאַנגענ צו מײערנ, אים דערלאַנגט די האַנט און אים געזאָגט.

— איכ באַגריס אײַכ, כאַווער קאַפּלאַנ! דער גאַנצער קאָלווירט פרײט זיכ מיט אײַער סימכע... כאַווער קאָמאַנדיר! — האָט ער דערלאַנגט די האַנט דעם גאַסט, — באַפעלט א געוועזענעמ פּאַרטיזאַנער!.. קומט אַרײַנ אינ שטוב. איכ בינ דער פאָרזיצער פונ קאָלווירט.

— זײער און זײער אָנגענעם. איכ האָב מאַקע צו אײַכ א צעטעלע.

דער אוילעם איז נאָכדעם נאָכ א ווײַלע געשטאַנענ אַרומ פּוריל; נאָר אַכמעט, וועל=כער האָט שוינ געהאַט אויסגעשעפּט זײַנ גאַנצנ ברונעמ נײַס, האָט א שמיץ געטאָנ דאָס פערד און אויסגעקערעוועט צוריק אַהײם. איז דער אוילעם זיכ צעגאַנגענ.

— ווו באַזעצט מענ אײַכ, כאַווער קאָמאַנדיר? — האָט דער פאָרזיצער אַזוי פאַרקנײטשט דעם גרויסנ ברוינעם שטערנ, אַז די ברעמענ האָבנ זיכ אַזש פאַרהויבנ — דאָס איז, פאַרשטײט איר, א גאַנצ שווערע פראַגע.

— דאָס איז אינגאַנצנ קײנ פראַגע ניט, — האָט געזאָגט דער עלטערער ברודער. — ס'איז מײַנ גאַסט און ער וועט זײַנ בא מיר.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקנ, כאַווער קאַפּלאַנ, — האָט זיכ צעלאַכט דער פאָר=זיצער, — מאַקע אײַער גאַסט, אָבער אונדזערער אויכ. מאַקע אײַער ברודער, אָבער א ביסעלע אונדזער ברודער אויכ... און מיר זײַנענ אים עפּעס שולדיק אויכ... אײַער דירעלע, כאַווער קאַפּלאַנ, איז צו קלײנ, צו נידעריק, און די מישפּאָכע איז א גרויסע, און דער כאַווער קאָמאַנדיר דאַרפ רו... בא יוסופּאָוונ איז דאָ א גוט און גרויס ליכ=טיק צימער. וועט אָבער זאָגנ נאַדיראָוו, אַז זײַנ צימער איז דאָכ אויכ ניט ערגער... און דער אַלטער אַכמעדזשאַנ האָט אי א גוטנ צימער, אי פינפ זינ אַפּנ פראָנט, קומט דאָכ אים דער קאָוועד... אָבער אַזעלכע, ווי אַכמעדזשאַנ, זײַנענ דאָכ אינ קאָלווירט פאַראַנ א גאַנצער צענדליק! וואָס זשע טוט מענ? איכ האָב אויכ אי זינ אַפּנ פראָנט אי גוטע צימערנ...

דער גאַסט האָט אים פרײַנטלעכ איבערגעשלאָגנ:

— איז דאָכ מײַנ ברודער גערעכט. קעדײ ניט צו מאַכנ קײנ קריגערײַענ אינ דאָרפ, וועל איכ בלײַבנ באַם ברודער.

— רעכט, — האָט א זאָג געטאָנ דער פאָרזיצער, האַסטיק און פרײלעכ, — איר וועט בלײַבנ באַם ברודער; נאָר דער ברודער וועט זיכ מאָרגנ איבערקלײַבנ צו מיר!.. און בא מיר וועט ער מאַקע פאַרבלײַבנ ביז מירנ אינגאַנצנ צעקלאַפּנ היטלערנ און איר וועט זיכ אומקערנ אַהײם.

און נאָכ אײדער בײדע ברידער האָבנ באַוויזנ עפּעס צו זאָגנ, האָט דער פאָרזיצער א כאַפּ געטאָנ דעם גאַסטס טשעמאָדאַנ און איז ניט געוואָרנ.

— זע נאָר, זע ס'אַרא נאַציע! — האָט מײער א זאָג געטאָנ. — ער האָט עס א כאַפּ געטאָנ דעם סאַקוואָיאַזש!.. ער האָט מוירע די מיצווע אָנצוווערנ...

אינ עטלעכע מינוט ארומ איז בא מײערס פּאנזע שוינ געשטאנענ א קאָלווירטיש פּורל, אונ עטלעכע קאָלווירטניקעס האָבנ אפּ דעמ געפּאקט מײערס אָרעמע עטלעכע קלומעקעס.

אינדערפרי, קימאט נאָכ באגינענ, האָט עמעצער שטיל אונ אומדרײסט אָנגעקלאפּט צו מײערנ אינ טיר. ס'איז ארײַנ אנ עלטערע אוינורישע פרוי מיט לאנגע גרויע צעפּ. פונ אונטער דער שאַל, וואָס איז געלעגנ אפּ דער פּלײצע אונטער די צעפּ, האָט זי שעמעוודיק זיכ רויטלענדיק, ווי א יונג מײדל, ארויסגענומענ א שיסעלע מיט עטלעכע אײער, עפּעס געזאָגט אפּ איר שפּראכ, נאָכ מערער גערעדט מיט די הענט אונ מיט די אויגנ, איבערוואָרפנדיק אירע רײד מיט אײניקע רוסישע ווערטער, איבערגעחזרט קוימ צו פארשטײנ:

— נעמ די אײער... א מאטאָנע... גאסט... זאָל געזונט זײַנ... מײַנע זינ... פראָנט...

מײער האָט ניט געוואָלט נעמענ, אונ דאָוויד איז אויכ מיט אימ מאסקימ געווענ:

— מע טאָר ניט נעמענ. אונדזער באלעבאָס קאָנ זיכ נאָכ באלײדיקנ.

לאנג האָבנ זײ זיכ געשפּארט מיט דער אלטער, וועלכע האָט זיכ געסטארעט מיט גאנצנ באגאזש רוסישע ווערטער אונ מיט טנועס זײ איבערצורײדנ, אז מע דארפ נעמענ. דערווײַל האָט זיכ ווידער דערהערט א קלאפּ אינ טיר. ס'איז ארײַנ א שלאנק אָפּגעברוינט מײדל מיט א היפּשנ שטיק פריש פּוטער אינ א פּיאלע, אונ באלד נאָכ איר — א מיטלוויקסיקער קאָלווירטניק מיט לאנגע גרויע וואָנצעס, ער האָט געהאלטנ פאר זיכ א הויכנ גרויסנ טאָפּ מיט מילכ...

בײדע ברידער האָבנ זיכ איבערגעקוקט אינ פארלעגנהײט. אונ די טיר האָט זיכ געהאלטנ אינ אײנ עפענענ.

— ווײסטו נאָר וואָס, דאָוויד! איכ וועל א פרעג טאָנ אונדזער באלעבאָס...

ווענ דער פאָרזיצער האָט געעפנט די טיר, האָבנ אלע מאטאָנע־ברענגער קימאט מיטאמאָל עפּעס האסטיק גענומענ רײדנ צו אימ, אונ ער האָט א שמײכל געטאָנ אונ געזאָגט:

— מע דארפ נעמענ, מע מוז נעמענ... בא אונדז, אוינגורנ, איז דאָ אזא לידל: „אז עמעצ דערלאנגט דיר זײַנ הארצ, טרעט ניט ארופּ אפּ דעמ“... מיר זײַנענ אײַכ שולדיק א סאכ, גאָר א סאכ, כאָווער קאָמאנדיר... נעמט כאָטש עפּעס! קײנ בעסערס האָבנ מיר ניט...

אונ שוינ שפּעט פונ אָוונט איז געקומענ דער בריגאדיר יוסופאָוו — א הויכער מענטש מיט א כינעזישנ אויגנ־שניט, א פרײלעכער, א שטארק באוועגלעכער. ער האָט דאָווידנ דערלאנגט די האנט אונ צוגעפּאַלנ אימ קושנ, הײס, שטארק, אימ גישט אָפּצורײַסנ. אונ דאָוויד האָט, אומבאמערקט פאר זיכ אלײנ, אימ אויכ געענטפערט מיט א הײסנ קוש.

— דו — ייִד, איכ — דונגאנ... לענינ — רוס... סטאלינ... אונדזערע פאָטערס... אלע אײנס... מאָסקווע — אלעמענס... דו היטסט מאָסקווע... הײמלאנד אונדזערע... — האָט גיכ אונ הײס געמורמלט יוסופאָוו, אונ די אויגנ האָבנ אימ געברענט פאר באגײַסטערונג.

אינ א ווײַלע ארומ האָט דאָוויד אימ געקלאפּט איבערנ אקסל אונ געזאָגט צו אימ:

— ביסט א מאָלאָדיעצ! כ'האָב דיכ ליב. דײַנע רײד זײַנענ בא מיר די בעסטע מאטאָנע, אונ א דאנק דיר, וואָס דו האָסט גאָרנישט געבראכט. דו זעסט, שוינ ניטאָ ווו צו לײגנ... א גאנצער גאסטראָנאָמ!

— וואָס זאָגסטו? איכ ניט גראמאָטנע... סטאָאָנאָמע?.. וואָס דאָס איז? איכ ניט געבראכט... נײנ... דו צו מיר קומ... שוינ... געקוילעט א שאָפּ... א קלײנס אזא.. קומ עסנ... טײ... מענטשנ וואַרטנ, מאנצבלענ א ביסל...

עס זײַנענ געגאנגענ טעג, ווײלע פרילינגדיקע טעג מיט א סאכ זונ, מיט א סאכ בלומענ אונ ווײכע כינעסדיקע ווינטלעכ. דאָוויד האָט שוינ באוויזנ ווערנ אנ אײגענער

מענטש אינ קאָלווירט, גייט אינ פעלד, אינ די בריגאַדעס, ער דערציילט אינ דער מי=טיק=שאָ עפּיזאָדנ פונ פראָנט, קומט אַרײַנ אינ די אויגורישע פאַנזעס, זיצט שאָענלאַנג אונ לייענט די בריוו, וואָס מע באַקומט פונ די קינדער, מענער אונ ברידער אַפנ פראָנט.

איינמאָל, ווענ דער פאָרזיצער האָט דאָווידנ באַוויזנ דעמ גרויסנ, נײַט פאַרענדיקטנ קאָלווירטישנ קלוב אונ זיכ געקלאָגט פאַר אימ, אַז ס'איז איצט שווער צו קריגנ ערגעצ ברעטער אַפ אויסלייגנ אַ פאָדלאָגע אונ פאַרענדיקנ דעמ קלוב, האָט דאָוויד זיכ אויס=גערופנ, אַז ער וועט אַליינ פאָרנ אינ נאָענטסטנ געהילצ=זאַוואָד אונ זיכ אַ סטאַרע טאָנ וועגנ ברעטער.

— ע, דאָרטנ זיצט אַ דירעקטאָר מיט זייער אַ האַרטנ קאָפּ... אימ איז שווער אײַנצורעדנ, — האָט געענטפערט דער פאָרזיצער.

— מירנ זיכ פּרוּװנ גייג אינ אַמאַקע, — האָט אַ לאַכ געטאָנ דאָוויד, — פאַר מײַנ קאָלווירט...

אונ ער איז געפאָרנ אינ „אַמאַקע" — געבראַכט ברעטער, אונ נאָכדעמ גאַנצע טעג געשטאַנענ אונ געקוקט, ווי מע פאַרענדיקט בויענ דעמ קלוב, אַליינ אויכ געהאָלפנ אינ דער אַרבעט; אונ גראָד דאָ באַ אַ צופעליק איבערטראָגנ אַ ברעט, האָט ער דער=פילט, אַז די רעכטע האַנט איז שוינ אינגאַנצנ געזונט אונ מע קאָנ זיכ שוינ דרייסט אומקערנ צוריק אַפנ פראָנט. אונ טאַקע דאָ אָרט האָט ער דערפילט, אַז דאָס האַרצ האָט אַ צאַפּל געטאָנ: ס'האָט אַרומגעכאַפּט אַ בענקעניש, אַזאַ בענקעניש, ווי דעמלט ווענ ער פלעגט נאָכ קינדווײַז דאַרפנ אוועקפאָרנ פונ דער היימ... „מײַנ קאָל=ווירט, — האָט ער געשמייכלט צו זיכ אַליינ, — מײַנע ברעטער, מײַנ קלוב, מײַנע קאָלווירטניקעס..."

געזעגנט האָט מענ זיכ מיט דאָווידנ טאַקע אינעמ נײַעמ קלוב, אונ צונויפגעקומענ אַהער אַפ דער געזעגעניש איז זיכ קימאַט דאָס גאַנצע דאָרפ. מע האָט געטרונקענ אויגורישנ געזאַלצענעמ טיי אונ פאַרביסנ מיט קאַזאַכישנ געשמאַקנ מילכ=פּלעצל. געטרונקענ טיי אונ געשמועסט. מאַמעס אונ טאַטעס האָבנ מיטגעגעבנ גרוסנ צו זיי=ערע קינדער אַפנ פראָנט, אונ דער אַלטישקער אַכמעדזשאַנ מיט דער שמאָלער לאַנגער ווײַסער באָרד האָט אויכ גענומענ אַ וואָרט אונ האָט געזאָגט:

— זונ מײַנער! גיב אָפּ אַ גרוס מײַנע פינפ זינ אונ מײַנ מאַמענ...

— דײַנ מאַמענ? — האָט דאָוויד זיכ פאַרכידעשט. — האָסט נאָכ אַ מאַמענ? איז ווי אַלט איז זי שוינ!

— אוי, אַ סאַכ, אַ סאַכ... מאָסקווע הייסט זי... כ'פלעג גאַנצע נעכט ניט שלאָפנ, ביימ די היטלערס האָבנ געוואָרפנ באָמבעס אַפ איר...

דאָס לעצטע וואָרט האָט געהאַט דער פאָרזיצער. ער האָט קימאַט ניט גערעדט; ער האָט זיכ בלויז צעקושט מיטנ גאַסט, אונ נאָכדעמ אַרויסגענומענ פונ קעשענע עפּעס אַ קונציק אײַנגעבונדנ דינ ביכעלע אונ דערלאַנגט דאָווידנ:

— דאָס איז אײַער קאָלווירטיש אַרבעטס=ביכל, כאַווער קאָמאַנדיר! דאָ זײַנענ פאַרשריבנ אײַערע אַרבעטס=טעג, וואָס איר האָט פאַרדינט באַמ פאַרענדיקנ דעמ קלוב. אונ אַז מירנ אַראָפּנעמענ די גרעטעניש, קומט צו פאָרנ אָפּנעמענ דעמ ווייצ, וואָס אײַכ קומט.

דאָוויד האָט דאָס ביכעלע מיט גרויס ליבע אַרײַנגעלייגט צו זיכ אינ דעמ מילי=טערישנ וועג=טאַש.

אונ אַז דער אוילעמ האָט זיכ שוינ געהאַט אויפגעהויבנ פונ די ערטער אַפ צו פאַ=נאַנדערגיינ זיכ, זײַנענ פלוצעמ אינ קלוב אַרײַנ דרײַ קינדער — צוויי יינגלעכ אונ אַ מיידל — שילער פונעמ 4—5=טנ קלאַס; זיי האָבנ אַרײַנגעטראָגנ מיט זיכ אַ גרויסנ פולנ זאַק, אוועקגעשטעלט לעבנ טיש, ווו דאָוויד איז געזעסנ. דער עלטסטער פונ די דרײַ — אַ רוסיש יינגל פונ אַ יאָר 13 — האָט, אינגאַנצנ פלאַטערנדיק, מיט פלאַמענ=דיקע באַקנ, געזאָגט:

— כאַווער קאָמאַנדיר! די גאַנצע צײַט, וואָס איר זײַט געווענ בײַ אונדז, האָבנ מיר אַלע דרײַ עפּעס געטאָנ... מיר האָבנ געלייענט אינ צײַטונג, אַז די פאַשיסטנ האָבנ באַראַבעוועט אַלע שטעט אונ דערפער, ווו זיי זײַנענ געווענ, אַפילע די קליינינקע קינדער... מיר בעטנ אײַכ, אַז איר וועט קומענ אינ די באַפרײַטע דערפער, זאָלט איר איבערגעבנ די קינדער אונדזער גרוס אונ מאַטאָנע... דאָס האָבנ מיר צוגויפגענומענ איבערנ דאָרפ... פאַר די גאָר קליינינקע...

ער האָט אופגעבונדנ דעמ זאַק אונ גענומענ אויסלייגנ אפנ טיש: צעלאָלוידענע פּופּנ, ליאַלקעס, בערעלעכ, מאַלפּעלעכ, פּילקעס, גומענע הינטעלעכ, פאַרביקע פּאַיאַצלעכ... דער באַרג אפנ טיש האָט געהאַלטנ אינ איינ וואַקסנ אונ זיכ איבערגעגאָסנ מיט אַלערליי פאַרבנ. אפ דאָוויחנ האָט אַ ווייע געטאָנ מיט קינדהײַט, מיט אייגענער ווײַטער קינדהײַט, אונ אַ גרויסע וואַרעמקײַט האָט זיכ צעגאָסנ איבערנ האַרצנ.

— אונ גיט איבער די קינדער, — האָט דאָס יונגל פאַרענדיקט נאָכדעמ זײַנ רעדע, — אַז מיר געדענקענ וועגנ זיי אונ אַז מיר, פּיאָנערנ, האַלטנ וואַכ אונ היטנ אָפּ די העקטאַרנ, וואָס אונדזער קאָלווירט האָט פאַרזייט צו הילפ די באַפרײַטע געגנטנ... זײַט גרייט!

דאָוויד האָט אויכ פּיאָנעריש פאַרזויבנ זײַנ האַנט אינ דער הייכ אונ געזאָגט:

— פאַראַנ, כאַווער פּיאָנער, ס'וועט זײַנ איבערגעגעבנ!

אונ ער האָט ברייט געשמייכלט. נאָר עטלעכע פונ די, וואָס זײַנענ בײַסמײַכע געשטאַנענ לעבנ אימ, האָבנ נאָכדעמ דערציילט, אַז זיי וואָלטנ שווערנ — בײַמ קאָמאַנדיר אינ אויג האָט אַ פינקל געטאָנ אַ טרער...



## מ. טאלאלאיעווסקי

# מיר שפרייזנ אפ מיירעוו!

דורכ קאלמיקער סטעפעס,
מיט באקאנטע וועגנ,
פארביי וואָלגער קריעס,
פארביי דאָנער ברעגנ,
דורכ סטאניצעס פוסטע,
דורכ די דערפער־צווינטערס,
אינ די גרעסטע וויוגעס
פונעם שווערסטנ ווינטער —
גייענ מיר אפ מיירעוו,
שפרייזנ מיר אפ מיירעוו!

שארפער פונ די שפיזנ
איז אינ הארצ די סינע,
שווערער פונ די טאנקענ
איז אינ הארצ די סינע,
פריי זאָל ווערנ קיעוו,
אונ אָדעס זאָל גרינענ,
שיינענ זאָל אונ פרייענ זיכ
אונדזער אוקראינע, —
גייענ מיר אפ מיירעוו,
שפרייזנ מיר אפ מיירעוו!

ווי נית שווער דער וועג איז —
רייג איז דאָס געוויסנ!
אָפגעברענטעביימער
ליפנ אונדז באגריסנ.
באָבעציס פארוויינטע,
אויסגעדארטע מאמעס
אונדז אינ וועג באגלייטנ,
ווינטשנ אונדז צוזאמענ:
גייט געזונט אפ מיירעוו,
שפרייזט געזונט אפ מיירעוו!

ס׳זיינענ שוינ פאָריבער
שווערע טעג אונ וואָכנ,
ס׳האָט געגנוג דער צאָרנ
אונדז דאָס הארצ געשטאָכנ,
אוי, א סאכ צעשטערט איז,
אוי, א סאכ צעבראָכנ,
נאָר קעדייי צו ברענגענ
אונדזער פאָלק ניצאָכנ —
גייענ מיר אפ מיירעוו,
שפרייזנ מיר אפ מיירעוו!

# אוי, דו טרויער...

פונ פארנאכט אונ ביז באגינענ
שטייט א קעלבעלע באם טויער,
קוקט אינ פעלד ארייננ אינ גרינעמ —
אינ די אויגנ — שרעק אונ טרויער.

נאָר די שטאל איז גאנצ געבליבנ.
אלצ ארום — פארברענט, פארסארפעט.
גאָר דאָס דאָרפ — ארויסגעטריבנ,
בלויז דאָס קעלבל קיינער דארפ נית.

ווענ מע האָט די שטוב געצונדנ,
ווענ מע האָט די קי געשאָסנ,
איז דאָס קעלבעלע, דאָס בלינדע,
אינ א שטאל געווענ פארשלאָסנ.

שטייט עס איינזאמ ווי געפענטעט
בא דעמ אופגעפראלטנ טויער
לעמ א סלופ אונ אָפגעברענטנ,
לעמ א הויפנ קוילנ גרויע.

אוי, דו טרויער, גרויער טרויער...



מ. גאָלדשטיינ

# דער מאַמעס וואָרט

כאַנע איז די נאַכט ניט געשלאָפנ. מיט אומגעדולד האָט זי געוואַרט אפ טאָג און ווענ די גרויע פרימאָרגנ=שײַנ האָט אַרײַנגעקוקט דורכנ איבערגעבליבענעם שטיקל שויב, האָט זי זיך אופגעהויבנ פונ די פאָר ברעטער, וואָס האָבנ איר איצט אפ די עלטערע יאָרנ געדינט אלס געלעגער, האָט גענומענ דאָס פעקעלע, וואָס איז געלעגנ נאָכ פונ נעכטנ אײַנגעבונדנ אינ איר אלט קאָפּ=טיכל, און האָט זיך געלאָזט גיינ צו דער טיר.

שוינ בא דער טיר שטייענדיק, האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער ליידיקער שטוב, מיט די אויסגעשטריקנטע אויגנ געקוקט אפ די קאַלטע ווענט, און איר גאָמבע האָט אָנגעהויבנ ציטערנ. זי האָט געוויינט אָנ טרערנ. אלע קוואַלנ פונ איר מוטער=האַרצ זײַנענ אויסגעטריקנט געוואָרנ, און געוויינט האָבנ אינ איר די ביינער, די אָדערנ, די הויט פונ איר לײַב. זי איז געבליבנ איינע אליינ. די דײַטשנ האָבנ דערמאָרדעט איר אלטנ קראַנקנ מאַנ, בא איר פאַר די אויגנ האָבנ זיי פאַרגוואַלטיקט איר יונגע צוואַנציקיאָריקע טאָכטער און דערנאָכ ערגעצ אוועקגעפירט, און ביז הײַנט צו טאָג ווייסט זי ניט, ווו איר געביינ איז אהינגעקומענ. די עלטערע טאָכטער מיט צוויי פיצעלעכ קינדער האָבנ די ראָצכים פאַרשפאַרט אינ איר אייגנ הויז, דאָס הויז אונטערגעצונדנ און פאַרברענט. און זי, כאַנע, איז געבליבנ לעבנ. ניט אנדעריש, נאָר די דײַטשנ האָבנ עס צוגעטראַכט פאַר איר די גרעסטע שטראָף — זי געלאָזט לעבנ. זי האָט א וויש געטאָנ מיט די טרוקענע פינגער די צאַפּלדיקע נאָז, האָט איבערגעבונדנ דאָס טיכל אונטער דער גאָמבע און האָט שווער אריבערגעשפרײַזט די שוועל. זי האָט די טיר ניט פאַרשלאָסנ ווי אמאָל און די לאָדנס ניט פאַרמאַכט.

צוויי מאָל האָט פאַר דער לעצטער צײַט די זונ אַרײַנגעשײַנט צו כאַנענ אינ האַרצנ: איינ מאָל, ווענ אונדזער אַרמיי האָט פאַרטריבנ די דײַטשנ פונ שטעטל, און צום צווייטנ מאָל — אָט דאָ ניט לאַנג, מיט א פאָר טעג צוריק איינגאַנצנ, אינ דעם טאָג, ווענ אפנ שטעטלשנ מאַרק האָט צוריק אָנגעהויבנ ריידנ די ראַדיאָ און האָט געבראַכט א גרוס פונ דער גרויסער וועלט און האָט אָנגעזאָגט דעם אויסגעמאַטערטנ, באראבעוועטנ, געשענדטנ שטעטעלע, אז די וועלט לעבט און. אז ס'לעבנ הייבט זיך אָנ פונדאָסנײַ. אינ דעם זעלבנ טאָג טאַקע האָט צו איר אָנגעקלאַפּט דער פּאָסט=טרעגער און האָט איר געבראַכט א בריוו פונ איר זונ, דעם רויטנ שלאַכטמאַנ שלוימע.

לאַנג האָט כאַנע געקוקט אפ דעם בייגעלע פאַפּיר און האָט גאָרניט געזענ. די אויסיעס האָבנ געטאַנצט, די ווערטער זײַנענ געשפרונגענ און פאַרשיידענע קאָלירנ האָבנ זיך געמישט פאַר אירע אויגנ, פונקט ווי איר שלוימעלע וואָלט ניט געשריבנ מיט פאַשעטנ טינט, נאָר געטונקט די פענ אינ דער זונ און טאַקע אזוי מיט צעשמאָלצענער זונ=שײַנ געשריבנ דער מאַמענ. נאָר גיינ, שלוימע שרײַבט ניט נאָר צו דער מאַמענ. ווענ זי האָט מיט גרויס מי און מאַטערניש צונויפגענומענ די אויסיעלעכ מיט די ווערטערלעכ, האָט זי געזענ, אז איר זונ שלוימע ווייסט ניט פונ זײַנ גרויסנ בראָכ און ער שרײַבט צום דערשאָסענעם טאַטנ ווי צו דער לעבעדיקער מאַמענ; ער גריסט די אומגעקומענע שוועסטער און ער קושט די פאַרברענטע פלימעניקלעכ.

„ס'איז צו מיר דערגאנגענ די פריידיקע בסורע, — שרייבט ער, — אז אונדזער רויטע ארמיי האט פארטריבנ די דייטשישע מערדער פונ שטעטל און האט אייכ באפרייט. מיט שרעק טראכט איכ פונ דעם, וואָס די אויסוווּרפנ האבנ דארט בא אייכ געמוזט אָפּטאָנ. איכ שרייב צו אייכ, און ווי איר געפינט זיכ, ווייס איכ ניט. לויטנ גאנג פונ די געשעענישנ האָט איר פונ שטעטל ניט געדארפט באוויזנ צו אנטלויפנ און וואָס מיט אייכ איז געשענ, ווייס איכ ניט. פונ זיכ האָב איכ איצט קיינ צייט ניט צו שרייבנ. איכ לעב און בינ געזונט. איכ האָב געשלאָגנ די דייטשנ אָנ ראכמאָנעס ביז איצט און אפ ווייטער וועל איכ זיי שלאָגנ נאָכ שטארקער".

אינעם בריוו זיינענ געווענ א פאָר שורעלעכ, וואָס כאנע האט זיכ אויסגעוויזנ, אז אויסער איר, קאָנ זיי קיינער ניט פארשטיינ. אָט די פאָר שורעלעכ האבנ אוועקגענומענ דעם שלאָפ פונ אירע אויגנ און האבנ אופגערודערט איר אויסגעטריקנטע הארצ. זי האָט זיכ דערוווּסט, אז איר שלוימעלע שטייט דאָ גאָר ניט ווייט, אינגאנצנ א וויאָרסט עטלעכע און פעריציק פונ שטעטל, און ער בעט, אז זיינ יונגערע שוועסטער כאָרע זאָל קומענ זיכ זענ מיט אים און אים ברענגענ א גרוס פונ דער היימ.

און כאנע האָט באשלאָסנ גיינ צו איר זונ, זיכ זענ מיט אים און אים זאָגנ א ווארעמ וואָרט.

* * *

דער וועג האָט כאנענ אויסגעזענ צו זיינ ניט גאָר ווייט, נאָר געגאנגענ איז זי א טאָג און אפ דער נאכט זיכ אָפּגעשטעלט אינ א דאָרפ איבערנעכטיקנ, דערנאָכ נאָכ א טאָג און ווידער איבערגענעכטיקט אינ א דאָרפ. ערשט אפנ דריטנ אינדערפרי איז איר געבליבנ צו גיינ נאָר א קליינ שטיקל וועג.

אינ די דערפער האָט מענ כאנענ אופגענומענ גאָר פיינ, ווי אנ אייגענע. ווייל ווי זאָל מענ זי ניט אופנעמענ גוט און ווויל, אז דערפער זיינענ עס געווענ אָפּגעברענטע, כאָרעוו געוואָרענע, בארויבעוועטע און געשענדעטע. עס איז ניט געווענ קיינ שטוב, וואָס די מערדערישע פאשיסטישע לאפע זאָל זיכ ניט געווענ האָבנ אפ איר אראָפּגעלאָזט. אומעטום האָט כאנע דערציילט פונ איר גרויסנ אומגליק און אומעטום האָט זי געהערט פונ אכזאָריעסנ, וואָס די דייטשנ האָבנ אָפּגעטאָנ מיט אלטע לייט, מיט פרויענ און קינדער. נאָר איינ טרייסט און איינ האָפענונג איז אינ יעדנ הויז געווענ: ווי א זונ, ווי צוויי און דריי, ווי א מאנ, א ברודער און א טאטע, ווי איידעמס און אייניקלעכ, וואָס האָבנ געדינט אינ דער רויטער ארמיי. און הערנדיק פונ כאנענ, אז זי גייט צו איר זונ, האָט מענ פונ אומעטום געשיקט גרוסנ, און מאמעס האָבנ אָנגעזאָגט צו נעמענ נעקאָמע, מיט צענפאכ אופגעגאנגענער קראפט פארניכטנ די דייטשנ, אָנ שום ראכמאָנעס זיכ נויקעמ זיינ אָנ זיי פארנ אומשולדיק פארגאָסענעמ בלוט.

דער וועג פונ דאָרפ האָט געפירט גלייכ צומ וואלד. כאנע האָט געקענט גוט די וועגנ. פאר אירע אכט און פופציק יאָר האָט זי זיי ניט איינ מאָל געטאָפּטשעט: זי איז דאָ, אינ דער געגנט, געבוירנ געוואָרנ, אויסגעוואקסנ, קינדער געהאט און זיי דאָ באגראָבנ. געבליבנ איז איר איינ זונ, שלוימע. אָט דאָ אינ וואלד דארפ זיכ געפינענ דער לאגער, ווו ער שטייט. דער וואלד איז אָפּגעשלאָגנ, ארומגעפליקט, נאָר ער גרינט. איבער אימ האָט זיכ אופגעהויבנ א יונגע ווארעמע פרילינג־זונ. דער וואלד, וואָס גאָר ניט לאנג האָט פונ אימ געטראָגנ מיט שרעק און טויט, ציט איצט צו זיכ, רופט און רייצט, עס טראָגנ זיכ פונ אימ שמעקנדיקע רייכעס פונ יונגנ טאָג, פונ פריש גראָז, פונ שטשאוועל און פעלד־בלומענ. בא כאנענ האָט פארכאפט דער אָטעמ. עס איז איר מיטאמאָל געוואָרנ שווער צו גיינ. באמ ברעג פונ א פלאכ טייכל, וואָס זי האָט באדארפט אריבערגיינ, האָט זי זיכ צוגעזעצט אָפּרוענ. אָט דאָרט, באמ ראנד פונ וואלד, זעט זי, שטייט א רויטארמייער מיט א ביקס, און אפ דער ביקס — א גלאנציקער באגנעט. דאָס מוז אוודע זיינ איינער פונ שלוימעס

כאוויירים. ער קאָנ אווארע שלוימענ — טראַכט כאַנע. און זי הערט זיך צו צום שטאַרקנ קלאַפּנ פונ איר הארצ.

זי האָט אָפּגערוט א ביסל, אָפּגעוואַשנ האָס פּאָנעם אינ פרישנ וואַסערל, האָט איבערגעדרייט אַפ דער אנדערער זײַט דעם שאַל, וואָס איז געלעגנ אַפ אירע אַקסלענ, איבערגעבונדנ דאָס קאָפּ-טיכל און איז אריבערגעגאַנגענ דאָס טײַכל. נאָר איידער זי האָט באַוויזנ א שפּרײַז צו טאָנ צום וואַלד, האָט זי דערהערט א געשריי:

— שטיי!

זי האָט זיך דערשראָקנ און איז געבליבנ שטיינ. „טאַטעלעב מײַנע“ — האָט זי פאַר זיך געשעפּטשעט: — „זאָלנ דאָס זײַנ דײַטשנ?“ די נעשאָמע איז איר שיר ניט ארויס פונ דעם אייג גערדאַנק בלויז, אַז ערגעצ-ווו אינ דער געגנט זײַנענ נאָך געבליבנ פאַשיסטנ. זי האָט צוגעשטעלט די האַנט צו די אויגנ, געמאַכט א דרעבעלע און זיך אײַנגעקוקט. זי האָט געזענ א רויטאַרמייער, אַנ אייגענעם רויטאַרמייער, און ער טאַקע האָט דאָס געשריענ „שטיי“. נאָר זי וועט פונדעסטוועגנ צוגייג. וואָס האָט זי מוירע? שיסנ וועט מענ זי דאָך ניט. און זי האָט זיך געלאָזט גייג גלײַך צום רויטאַרמייער,

— שטיי, מאַמאַשע, מע טאָר ניט גייג! — האָט זי ווידער דערהערט א האַרב געשריי. נאָר זי האָט זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט פונ דעם. ווייס איך וואָס, עס איז נאָך ניט געווענ דער פאַל, אַז אַנ אייגענער רויטאַרמייער זאָל עמעצנ שלעכטס טאָנ. זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי הערט ניט. זי איז געגאַנגענ און האָט זיך אָפּגעשטעלט ערשט האַנ, ווענ דער באַגנעט פונעם רויטאַרמייערס ביקס האָט איר א גלאַנצ געטאָנ פאַר די אויגנ:

— שטיי, זאָג איך, מאַמאַשע!

ערשט איצט האָט כאַנע פאַרשטאַנענ, אַז ווײַטער גייג טאָר מענ ניט.

דער רויטאַרמייער, וואָס איז געשטאַנענ אַפ דער וואַך, האָט זיך ארויסגעוויזנ פאַר א גרויסנ שווײַגער. ער האָט קיינ אייג וואָרט ניט געוואָלט זאָגנ, צי ווייסט ער פונ איר שלוימענ, צי ווייסט ער ניט פונ אים, צי געפינט זיך דאָ אַזעלכער אָדער ניט. ער האָט זי פאַרהאַלטנ, געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג, ווהינ זי גייט און וויאַנאָך זי קומט אהער, און ניט אַנדערש, נאָר קעדיי איבערצושרעקנ די פייגל אינ וואַלד, האָט ער אופגעהויבנ די ביקס און אויסגעשאָסנ גלײַך אינ הימל ארײַנ. אַפ דעם שאָס איז גלײַך געקומענ צו לויפנ א רויטאַרמייער מיט רויטע גלאַנציקע קנעפּלעך אַפנ קאָלנער. דער רויטאַרמייער מיט דער ביקס האָט זיך פאַר אים א שטעל געטאָנ, האָט זיך אויסגעצויגנ ווי א סטרונע און אָנגעוויזנ אַפ כאַנען: געכאַפּט, הייסט עס. כאַנע האָט אַפ זיי ביידנ א קוק געטאָנ, האָט זיך אַפ א האָר ניט דערשראָקנ און גלײַך געפרעגט באַם עלטסטנ, צי געפינט זיך דאָ איר שלוימע, צי קאָנ ער אים. זי האָט אָנגערופנ דעם נאָמענ מיט דער פאַמיליע — שלוימע פראַדקינ, — געזאָגט, פונוואַנענ ער שטאַמט און דערציילט, ווי לאַנג ער דינט אינ דער ארמיי און אַז ער איז שוינ איינ מאָל געווענ פאַרוווּנדעט אינ לינקנ פוס העכער דער קני. דער עלטס-טער האָט איר אויך ניט געענטפערט, ער האָט נאָר א שמייכל געטאָנ. פונ דעם דאָ-זיקנ שמייכל איז כאַנענ געוואָרנ זייער וואַרעם אַפנ הארצנ. און ווענ ער האָט זי גערופנ גייג מיט אים אינ וואַלד ארײַנ, איז זי מיט פאַרגעניגנ געגאַנגענ. ער האָט זי ארײַנגעפירט אינ בײַדל, האָט זיך א שטעל געטאָנ פאַר א גאָר גרויסנ נאַטשאַלניק און האָט ראַפּאָרטירט:

— כאַווער קאָמיסאַר, דער פּאָסט נומער דרײַ-און-דרײַסיק האָט פאַרהאַלטנ די דאָ-זיקע בירגערינ, וואָס איז געקומענ אהער, לויט אירע רייד, זיך זענ מיט איר זונ!

דער קאָמיסאַר, א מיטלוווּקסיקער יונגערמאַנ פונ א יאָר פיר — פינפ און דרײַסיק מיט א ברייט שמייכלענדיק פּאָנעם, איז צוגעגאַנגענ נאָענט צו כאַנענ, האָט זי גע-פרעגט, פונוואַנענ זי קומט און נאָך וואָס איז זי געקומענ אהער און ווי רופט מענ איר זונ און ווי לאַנג האָט זי זיך מיט אים ניט געזענ. און הערנדיק פונוואַנענ זי

קומט און וואָס מיט איר איז געשענ, האָט ער זי ווי אנ אייגענע מאמע אָנגענומענ בא דער האנט און האָט זי אוועקגעזעצט לעבנ זיכ אפ דער באנק און דעם רויט-ארמייער מיט די קנעפּעלעכ אפנ קאָלנער האָט ער א באפויל געטאָנ:

— רופנ אהער דעם שלאכטמאנ שלוימע פראדקינ.

די פארב אפ כאנעס פּאָנעם האָט זיכ געביטנ. ס'איז איר געוואָרנ הייס און זי האָט לויז געמאכט דאָס טיכל אונטער דער גאָמבע. דער קאָמיסאר האָט עס באמערקט און פונ אנ ערדנ קריגל האָט ער אָנגעגאָסנ אינ א טעפּעלע א ביסל וואסער און דערלאנגט כאנען.

— טרינק, מוטער, פריש קוואל-וואסער. מיד, אוואדע, פונ וועג? גרויסע צאָרעס האָבנ די דייטשנ אָנגעטאָנ, הא?

— אוי, וואָס ווייסטו, זונעלע, — האָט כאנע קוים ארויסגערעדט, איבערכאפּנדיק דעם אָטעם מיט א שלונג וואסער. — אויסגעקוילעט א האלבע שטאָט מיט מענטשנ, אפ אייביק אומגליקלעכ געמאכט אונדזערע טעכטער. אוי, וואָס ווייסטו, קינד מיינס, וואָס זיי האָבנ אָפּגעטאָנ. — זי האָט מער ניט געקאָנט ריידנ. ווידער האָבנ אלע אייוורים אָנגעהויבנ אינ איר צו ציטערנ, און דער קאָמיסאר, פונ וועמעס פּאָנעם עס איז אראָפּ דער שמייכל, האָט ארופגעלייגט זיינ האנט אפ איר קאָפּ און האָט זי א גלעט געטאָנ. ער האָט גוט געוווּסט, אז יעדעס וואָרט, וואָס ער וועט איצט זאָגנ אָט דער אומגליקלעכער מאמענ, וועט זיינ בלאס און פארבלאָז. נאָר שווייגנ האָט ער ניט געקאָנט.

— מיר וועלנ אָפּצאָלנ, מוטער, פאר אלצ...

כאנע האָט אפ אים א קוק געטאָנ, און א טרער האָט זיכ מיטאמאָל באוויזנ אינ אירע אויסגעטריקנטע אויגנ.

* * *

פארנאכט, ווענ די שטראלנ פונ דער זונ האָבנ צום לעצטנ מאָל געשפּילט אפ די שפּיצנ פונ די ביימער, איז דער קאָמיסאר צוגעקומענ צום ביידל, וווּ עס האָבנ זיכ געפונענ די מוטער מיטנ זונ. כאנע איז געזעסנ אינ דרויסנ אפנ גראָז, און שלוימע איז ארומגעגאנגענ, פארפּיפּט געשוויגנ און גערויכערט איינ פּאפּיראָס נאָכנ אנדערנ. דער קאָמיסאר האָט באפרייט פראדקינענ אפ א גאנצנ טאָג און האָט אים געלאָזט אליינ מיט דער מאמענ. שלוימענ האָט ער גוט געקענט שוינ פונ לאנג. איצט האָט ער אפ אים א קוק געטאָנ און אים ניט דערקענט. שלוימע איז אינ דעם טאָג עלטער געוואָרנ אפ גאנצע צענ יאָר. די שווארצע האָר זיינענ בא די שלייפנ גרוי געוואָרנ און אונטער די גרויסע אויגנ האָבנ זיכ געלייגט בלויע שאָטנס. דער קאָמיסאר האָט אינ זיכ א טיפנ זיפצ געטאָנ און גיכ פארויכערט א פּאפּיראָס, אָנטרעפנדיק זיכ בייטמיינע מיט שלוימעס הייסנ בליק.

כאנע האָט זיכ דאפּקע געסטארעט פונ דער ערשטער מינוט אָנ, וואָס זי האָט זיכ באגעגנט מיטנ זונ, צו זיינ אליינ רויק און ניט אופרעגנ שלוימענ. זי האָט אפ אים געקוקט ווי אפ א קראפט, וואָס זי האָט אויסגעטראָגנ, אויסגעכאָוועט און פארהיט, קעדיי ער זאָל זיכ אָנעמענ פאר איר, זי באשיצנ און פארטיידיקנ און זיכ נוקעמ זיינ אינ די ראָצכים, וואָס האָבנ איר שלעכטס געטאָנ. זי איז געבליבנ עלנט, איינע אליינ, און ער איז בא איר אנ איינ און איינציקער, אויסער אים האָט זי קיינעמ ניט. און ער איז אזוי יונג, אזוי שיינ און שטארק. עס שלאָגט מיט גווּרע פונ זיינ שלאנקנ, בויגעוודיקנ קערפּער. און דער קאָמיסאר, ווי ער וואָלט לייענענ כאנעס געדאנקענ, האָט איר געזאָגט, אָנווייזנדיק אפ שלוימענ:

— א שיינער זונ בא דיר, מאמאשע, און זייער א געטרייער, גוטער שלאכטמאנ און א הייסער פּאטריאָט.

— כאווער קאָמיסאר, — האָט אים שלוימע אָפּגעווענדט פונ זיכ און מיט א טאָנ, ווי זיי וואָלטנ געשטאנענ באם אָפּענעמ קייווער פונ די מאמעס נאָענטסטע, האָט ער געזאָגט: — דעמ אלטנ טאטנ דערשאָסנ, דאָס יונגערע שוועסטערל פארגוואלטיקט

און פארשלעפט און די עלטערע שוועסטער מיט צוויי קליינע קינדער פארברענט...— ער האט מער ניט געקאנט ריידנ. וועגנ זײַנ געליבט מיידל, וואס איז אוועק מיט די פארטיזאנער און איז געשטארבנ אפ דער טליע, האט ער נאר געזאגט: — פאניע איז אומגעקומענ ווי א העלד.

דער קאמיסאר האט דאס מיידל קיינמאל ניט געזענ, אבער געקענט האט ער זי גוט. ניט איינ מאל האט אימ פראדקינ געגעבנ לייענענ אירע הייסע בריוו, וואס אינ יעדנ איינעמ פונ זיי האט זיכ געפילט א גרייטקײַט צו גיינ אינ שלאכט.

— אט, אט, — האט דער קאמיסאר אויסגערופנ אלס אויסדרוק פונ באגייטיקונג און, ארופלייגנדיק די האנט אפ פראדקינס אקסל, האט ער געזאגט:

— דאס פאלק גרויסט זיכ מיט אזעלכע טעכטער.

כאנע האט זיכ ארײַנגעמישט אינ זייערע רייד און מיט שטאלצ געזאגט:

— זי האט אויסגעהארגעט א פולע שטוב מיט אפיצערנ! מיט גראנאטעס האט זי זיי פארווארפנ, און ווענ די מערדערישע דײַטשנ האבנ זי געכאפט און געפײַניקט, האט זי געשוויגנ. קיינ איינ ווארט ניט געזאגט. קיינעמ ניט ארויסגעגעבנ.

דעמ קאמיסאר זײַנענ זייער געפעלנ געווענ כאנעס רייד און ער האט געפונענ פאר פאסיק איצט צו פרעגנ באַ איר, צי וועט זי ניט זאגנ א פאר ווערטער די רויטארמייער.

— דערצייל זיי, מאמאשע, פונ די שרעקלעכע טעג און נעכט ביימ דער דײַטשישער אקופאציע.

כאנע האט זיכ א ביסל פארלוירנ. זי איז אפילע רויט געווארנ ווי א יונג מיידל. זי האט זיכ אופגעשטעלט און איר האט זיכ מיטאמאל אויסגעוויזנ, אז זי איז קלענער ווי אינדערעמעסנ:

— זיי ווייסנ דאכ אליינ אלצ זייער גוט, טײַערער כאווער קאמיסאר, — האט זי געפרואווט זאגנ. נאר דער קאמיסאר איז באשטאנענ אפ זײַנס:

— ניינ, ניינ, מאמאשע, זאג א פאר ווערטער. דערצייל, וואס דו האסט מיט דײַנע אייגענע אויגנ געזענ און אליינ איבערגעלעבט. אינגיכנ גייענ מיר ווידער אינ שלאכט, מאמאשע.

אט די ווערטער האבנ געווירקט אפ כאנענ און מיט א פארטראכטנ שמייכל האט זי א שאקל געטאנ מיטנ קאפ:

— גוט ,כאווער קאמיסאר, איכ וועל זאגנ.

* * *

אפנ גרינעמ פעלד, באמ ראנד פונ וואלד, איז געשטאנענ א באטאליאנ רויטארמייער. עס איז געווענ זייער שטיל, די זונ האט געהאלטנ באמ פארגיינ און זי האט זיכ אפגעשטעלט באמ האריזאנט א רויטע, ווי א שטיק פײַער, און געווארפנ איר לעצטע שײַנ אפ די אפגעברענטע פענעמער פונ די רויטארמייער. די רויטארמייער זײַנענ געשטאנענ אויסגעגלײַכט, די פילאטקעס אפ די קעפ זײַטיק פארווארפנ אפנ רעכטנ אויער, די פאסקעס איבער די גרינע גימנאסטיארקעס אײַנגעצויגנ און מיט פארוווּנדערונג האבנ זיי געקוקט אפ דער קליינער יידענע, וואס איז געשטאנענ אנטקעגנ זיי לעבנ קאמיסאר און קאמאנדיר. כאנעס פאנעמ, אויסגעמאטערט, פארכוישעכט און צעקנייטשט פונ גרויסע שווערע ליידנ, איז איצט געווענ פײַערלעכ בלאס. דעמ קאפ האט זי געהאלטנ אופגעהויבנ הויכ און מיט ווארעמע בליקנ האט זי געקוקט אפ די רויטארמייער. איר בליק האט זיכ געטראפנ מיט שלוימעס בליק. ער איז געשטאנענ אינ דער ערשטער ריי, איר אויסגעטריקנט הארצ האט זיכ אנגעפילט מיט פרייד, זעענדיק איר זונ אינ די ערשטע רייענ צווישנ די רויטע שלאכטלײַט.

זייער ווייניק רויטארמייער האבנ געוווּסט, אז אט די קליינע יידענע אינעמ ברייטנ געפאלדעוועטנ קלייד איז שלוימע פראדקינס מאמע און אז זי איז געקומענ

צומ זונ צוגאסט. נאָר ווענ דער קאָמיסאר האָט געזאָגט, אז באלד וועט זי ריידנ, זײַנענ בא אַלע אָנ אויסנאמ די אויגנ אויסגעוואקסנ טאָפּלט גרויס.

כאנע האָט אָנגעהויבנ זייער שטיל. ס'איז איר שווער געווענ צונויפּצובינדנ די ווערטער. מיט מאַטערניש האָט זי ארויסגעבראכט:

— מײַערע זונעלעכ מײַנע, הארציקע מײַנע... איכ באשווער אײַכ... אינעמ נאָמענ פונעמ פארגאָסענעמ בלוט... געמט נעקאָמע אינ די מערדערישע דײַטשנ... — זי האָט זיכ אויסגעגלײַכט, זי האָט מיטנ שפּיצ פונ קאָפּ=טיכל אָפּגעווישט די פײַכטנ געוואָרענע נאָז, זיכ אָנגענומענ מיט קויעכ אונ פארשטארקט דאָס קאָל.

— אָנ שומ פארוואָס, אָנ שומ פארווענ האָבנ די רוצחימ געשאָכטנ קליינע קינדער, געוואָרפנ זיי אינ פײַער, אַלטע לײַט געשאָסנ, מיידלעכ פארגוואלטיקט. אַנטקעגנ מײַנ פענצטער, מײַערע זונעלעכ מײַנע, האָבנ זיי אופגעהאנגענ די פארטיזאנערנ פאניע. אוי, ווי שרעקלעכ עס איז געווענ צוצוזענ. אונ ווענ איר זײַט צוריקגעקומענ, איז געוואָרנ גרינגער צו לעבנ. מאמעס האָבנ געקושט אײַערע טריט. זונעלעכ, — זי האָט ווידער איבערגעכאפּט דעמ אָטעמ. די רויטארמייער האָבנ אײַנגעזאפּט אינ זיכ איר יעדעס וואָרט, אונ זי איז אויסגעוואקסנ בא זיי אינ די אויגנ. זי איז געוואָרנ גרעסער מיט יעדנ וואָרט, וואָס זי האָט ארויסגעבראכט.

— קינדערלעכ מײַנע, זונעלעכ ליבע, נאָכ גיסט זיכ בלוט... די דײַטשנ שיסנ אינ די שטעט אונ אינ די דערפער אַלטע לײַט. זיי פארגוואלטיקנ נאָכ פרויענ אונ ברענענ קליינע קינדער. געמט נעקאָמע אינ די פאשיסטנ, שלאָגט זיי, הארגעט זיי, ברענט זיי, שיסט זיי, מאָרדעט זיי... — זי האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ נאָכ העכער אונ, אויסצייענדיק בײַדע הענט פאר זיכ, האָט זי מיט א פארשטארקט קאָל געזאָגט:

— זאָלנ זײַערע ווײַבער אונ טעכטער אויכ באצאָלנ פאר אײַערע טעכטער, פאר אײַערע ווײַבער, פאר אײַערע געליבטע מיידלעכ. אוי וויי, לאָזט ניט לעבנ קיינ אײנעמ פונ די מערדערישע דײַטשנ. פארטיליקט זיי אפּ אונדזער הייליקער ערד... זאָל פונ זיי קיינ סאָריד=אופּאָליט ניט בלײַבנ!

זי האָט זיכ אָנגעצונדנ פונ אירע אייגענע רייד. זי האָט גערעדט מיט פײַער, געבעטנ מיט טרערנ, זי האָט געמאָנט אונ געפאָדערט ווי א מאמע — נעקאָמע... נעקאָמע...

* * *

אינדערפרי האָט זיכ כאנע געזעגנט מיט איר זונ. לאנג האָט זי געקוקט שלוימענ אינ די אויגנ. ער, א יונגער געזונטער מאנ, האָט זי געהאלטנ אינ זײַנע פעסטע אָרעמס, אונ זי האָט מיט אַלע כושימ געפילט די גרויסע גוורע, וואָס שלאָגט פונ אימ. ער האָט זי ארויסבאגלייט צומ וועג. זי האָט זיכ געפילט פריש אונ מונטער. זי איז געגאנגענ מיט א יונגנ טראָט אונ ווענ זי האָט איבערגעשפּרײַזט דאָס טײַכל, איז די זונ אופגעגאנגענ אונ האָט באלויכטנ איר וועג צומ שטעטל.



## מוישע בראָדערזאָן

# אוי, מ א מ ע!

— אוי, מאמע טײַערע, דו ליגסט אין זאק אַ קנײַלכל באוול:
טאָמער עפשער וועל איך דארפן צונייען אַ העמד...
נישט צו טאָן אין די מערכאקימ עמעצן אַן אוולע
גיי איך איצט פון דיר אוועק אין ווײַטער, ווײַטער פרעמד.

— מאמע הארציקע, מע איז דיך אומגעריכט באפאלן,
שטיקער גאנצע האָט מען אויסגעריסן פון דײַן גוף,
כ׳זע, ווי אופגעעפנט האָבן זיך די טרערן-קוואלן,
טאָג ווי נאכט איך הער דײַן שטילן זיפצנדיקן רוף.

— מאמע ליכטיקע, פארפינצטערט האָט מען איצט דײַן לעבן,
אין דער שלאכט אוועק עס זײַנען טאטעס און די זין,
דײַנע זין געטרײַע — העלדיש און איבערגעבן —
אין דער ווינטערדיקער ווײַסקײַט, אין דעם זומערס גרין.

— מאמע גאָלדענע, דעם גאָלד פון ברייטע פעלדער דײַנע
האָט פארמיסטיקט דער געקאָוועטער דעם סוינעס טראָט,
שעמט זיך זון און די לעוואָנע איצט אָפ זיי צו שײַנען,
כאָרעוו-אָפגעברענטע שטייען אינדזער דאָרף און שטאָט.

— מאמע אייביקע, איך גיי אין שלאכט נאָך מײַנע ברידער,
ווייס איך גוט, וואָס דיך פארלירן, אוי, עס איז דער ווערט —
ווען אַ קויל אין שלאכט מיך ווארפן צו דער ערד אַנידער,
וועל איך דיך אומאָרעמען, מײַן מאמע — ערד!

שפעטער מ׳עט דערציילן פון אַ העלד: „אַמאָל.. קאכהאווע...
עמעצנס אַ הארץ וועט בלײַבן אָפ אַ ווײַל אין צער פארקלעמט.
— אוי, מאמע איינציקע! יאָ... ליג אין זאק דאָס קנײַלכל באוול:
טאָמער עפשער וועל איך דארפן צונייען אַ העמד!

---

# ש. פערסאָוו

# האַרמאָניקע

באנאכט, ווענ דער טייל פונעמ פארטיזאַנישנ אָטריאַד, וואָס האָט זיכ געפונענ אָפ אָפרו, איז געשלאָפנ מיט א שווערנ אונ אומרויִקנ שלאָפ פונ זייער מידע מענטשנ, האָט דער יונגער פארטיזאַנער סטעפאַנ קאַסאַטקינ פלוצימ זיכ אויפגעזעצט אָפנ געלעגער, זיכ א צי אויס געטאָנ מיט א קנאַק פונ די ביינער אונ א פיר געטאָנ מיט די פינגער איבער די קנעפלעכ פונ זיינ האַרמאָניקע.

— ש=ש=ש! — האָט אימ לייבל גאָלוב בייז אָפגעשטעלט.

קאַסאַטקינ האָט אפילע ניט קיינ קוק געטאָנ אינ דעמ באַוועררס זייט אונ האָט ווייטער אונטערגעקליבנ קאָלעריי' טענער, פונקט ווי ער וואָלט געהאט בעדייע אויסשפּילנ עפעס זייער באַדייטנדיקס פאַר אַנ אוילעמ, וואָס איז געקומענ אימ הערנ. גאָלוב איז ארויס פונ די קיילימ.

— וועסט אַנשטומט ווערנ, צי ניט?!

קאַסאַטקינ האָט רויִק א קער געטאָנ דעמ קאָפ אינ לייבלס זייט אונ אָפ א רעגעלע איבערגעריסנ דאָס שפּילנ.

— לייבא, — האָט ער געזאָגט, — דו פאַרשטייסט ניט, וואָס אזוינס איז א האַרמאָנ... ווייל דו ביסט א ייִד, אָט וואָס...

— עפשער איז דיר ניט געפעלנ מיינ נאָז?.. — איז גאָלוב געוואָרנ נאָכ מער אויפגעבלאָזט.

— פאַרשטייסט... — קאַסאַטקינ האָט קאָנטיק געזוכט א פאַסיקנ אויסדרוק. — פאַרשטייסטו מיכ, לייבא, אונ עפשער שפּילט דאָס א מענטש דאָס לעצטע מאָל?.. אויפרייסנ די אייזנבאַנ וועט דאָכ דער קאָמאַנדיר מיר פאַרטרויענ... מיר... — האָט ער באַזונדערס באַטאָנט דאָס וואָרט, אונ ווידער' גענומענ זיכ פאַר דער האַרמאָניקע.

ער איז דורכגעלאָפנ מיט די פינגער איבער די פערלמוטערנע קנעפלעכ, צעצווינג די זייטנ פונ דער האַרמאָניקע, אונ פונעמ געפלעכט פונ טענער האָט זיכ גענומענ וועבנ א גוט=באַקאַנטע ליד. עס האָט זיכ געגאָסנ א ליד פונ אָפשייד אונ מוט, פונ טייגע אונ שמייכל, פונקט ווי קאַסאַטקינ וואָלט איצט געשפּילט אָפ א טייכ=ברעג. פאַרנאַכט, פונ די ארומיקע לאָנקעס שמעקט מיט פריש=געשניטנ היי, מיט מערפקנ באָלינ, זשאַבעס קוואַקענ, אונ די האַרמאָניקע רופט דאָס געליבטע מיידל.

לייבל גאָלוב איז נאָכ אַלץ געווענ צערייצט. דער קאַסאַטקינ מיט די צערעפעטע פינגער, — ער איז א טראַקטאָריסט, — האַלט די האַרמאָנ אזוי צאַרט, ווי א פיצל קינד, אונ וואָס איז דאָ צו ברייענ, — שפּילט, אז עס נעמט באַמ האַרצנ... אָבער איצט, נאָכ דעמ שווערנ אונ ריזיקאַלישנ שפּיקל ארבעט, — די פארטיזאַנער האָבנ איבערגעכאַפט א דייטשישנ אָבאָז, — ליגנ די מענטשנ ווי קלעצער, אונ אינגיכנ, עפשער אינ די נאָענטסטע שאָענ, וועט נאָכ אויסקומענ אָפפאַרטיקנ זיכ מיט דער אייזנבאַנ. איז איצט די צייט צו באַלעווענ זיכ אָפ דער האַרמאָנ?.. אונ וואָס זיינענ דאָס פאַרא ווערטער פונ א פאַרטיזאַנער: „דו ביסט, לייבא, א ייִד"?

— לייבא... — קאַסאַטקינ האָט עטוואָס פאַרלאַנגזאַמט דאָס שפּילנ. גאָלוב האָט אימ ניט געענטפערט.

— באַוועיר גאָלוב, — איז קאַסאַטקינ ניט אָפגעשטאַנענ. — דערקלער מיר, איכ בעט דיכ, פאַרוואָס עפעס האָב איכ קיינמאָל ניט געזענ א ייִדנ שפּילנ אָפ א האַרמאָנ?

— פארייד מיר ניט די ציינ!..— גאָלוב האָט זיכ געקליבנ אוועקגעבנ אים א גאָב, נאָר גראָד איצט איז אריינגעקומענ דער קאָמאנדיר.

— כאווייריִם שלאכטלייט!..

אינ איינ אויגנבליק זיינענ אלע פארטיזאנער געווענ אופ. אלע זיינענ געווענ זיכער, אז עס איז געקומענ די צייט ארויסטרעטנ אפ דער אָפּעראציע מיטנ באנ=וועג.

— פארטיזאנער, — האָט פארגעזעצט דער קאָמאנדיר פונעמ אָטריאד. — מיר האָבנ באקומענ א יעדיִעה: אינ דעמ שכייניִשנ שטעטל האָבנ די דייטשישע הינט צונויפגעטריבנ די גאנצע יידישע באפעלקערונג אינעמ שטעטלשנ קלוב, אונ דער קלוב, ווי איר ווייסט, געפינט זיכ אפנ צווייטנ שטאָק, אונ באפוילנ שפרינגענ דורכ די פענצטער אינ גאס. די, וואָס האָבנ זיכ אָפּגעזאָגט שפרינגענ, האָט מענ פאר אלעמענ אינ די אויגנ מיט גוואלד אוועקגעשטעלט אפ די פענצטער, געשאָסנ אינ זיי פונ הינטנ, אונ ווענ א דערהארגעטער איז אראָפּגעפלויגנ, האָבנ די הינט געשריִענ: „איר זעט, ווי די יידנ נארנ? ער קאָנ שפרינגענ, אונ זאָגט, אז ער קאָנ ניט“... איז אָט...— אונ דער קאָמאנדיר האָט קורצ באפוילנ: — בלוט פאר בלוט!

אינ איינע עטלעכע רעגעס איז דער גאנצער אָטריאד געווענ גרייט ארויסצוטרעטנ.

עס איז געווענ א וואָלקנדיקע נאכט. דער וועג איז געלעגנ דורכ א וואלד. דער קאָמאנדיר פונעמ אָטריאד, א פארזוכטער פונ א דערבייִיקנ אוקראִינישנ קאָלווירט, וואָס האָט געוווּסט דאָ אלע שטעגנ אונ וועגנ, — האָט געפירט די מענטשנ אזוי, אז אפילע א ריטעלע האָט אונטער די פיס ניט געפלאצט. לייבל גאָלוב האָט געשפאנט אקסל צו אקסל מיט סטעפאנ קאָסאטקינענ אונ געטראכט: מ'גייט זיכ צעצאָלנ מיט די פאשיסטנ פאר די יעסוריִמ אונ פלאָג, וואָס זיי האָבנ פארשאפט זיינ, גאָלובס, געבורטס=שטעטל אונ דער—בריש, געזונט אונ מעשוגע דערביי—האָט אפ זיכ אָנגעטשעפעט די הארמאָשקע...

אונ אָט האָט דער קאָמאנדיר געגעבנ א צייכנ:

— פויזענ!

אונ דער גאנצער אָטריאד האָט גענומענ פויזענ.

דעמ ערשטנ דייטשישנ וואכ=פאָסטנ האָט אראָפּגענומענ גראָד קאָסאטקינ. אונ ווענ פריצ אָדער האנס, שיידימ ווייסנ אימ ווי ער הייסט דאָרט, האָט שוינ א טויטער זיכ א וואקל געטאָנ, האָט אימ קאָסאטקינ העפלעכ אונטערגעהאלטנ אונ פאָרזיכטיק געהאָלפנ אימ אויסציִענ זיכ: זאָל ער באמ פאלנ ניט אויפהייבנ קיינ פאָרדעכטיק גערויש.

דערנאָכ האָבנ די פארטיזאנער זיכ ארייגגעריסנ אינ שטעטל אונ צעצאָלט זיכ מיט די דייטשנ, ווי עס געהער צו זיינ — בלוט פאר בלוט!

אינ סאמע ברענ פונעמ אָנפאל האָט קאָסאטקינענ געטראָפנ א פאשיסטישע קויל.

גאָלוב האָט גענומענ דעמ כאווער צו זיכ אפ דער פלייצע אונ אפ אלע פיר זיכ אוועקגעלאָזנ צוריק אינ וואלד. קאָסאטקינ איז געווענ א געזעצטער יאט, אנ אָנגעגאָסענער מיט גווורע, אונ גאָלוב — א דאר=קוואר מענטשל מיט א קורצנ אָטעמ. אָבער דער גרויסער פארלאנג צו ראטעווענ א כאווער האָט אימ צוגעגעבנ קויעכ. קוימ כאפנדיק דעמ אָטעמ, האָט ער געשלעפט אפ זיכ די שווערע לאסט.

— לייבא, שטיי... — האָט דער פארוווּנדעטער א שעפטשע געטאָנ. גאָלוב האָט זיכ אָפּגעשטעלט. — לייבא...—האָט קאָסאטקינ אָפּגעקרעכצט.— געמיינט האָב איכ, אז מיטנ וועג וועל איכ זיכ אָפּפארטיקנ... איכ...

גאָלוב האָט פאָטערלעכ א גלעט געטאָנ דעמ כאווער איבערנ קאלטנ, שווייסיקנ שטערנ.

— סטיאָפּא, ניט איצט... שפעטער... אינ זעמליאנקע.

— ניט דאָס, לייבא... — בא קאָסאטקינענ איז דאָס קאָל מיטאמאָל געוואָרנ לויטער ווי בא א געזונטנ, — טו א קוק, זיי אזוי גוט, די הארמאָנ איז כאָלילע ניט

צעקאַליעטשעט?.. עכ, ווענ דו שפּילסט!.. א האַרמאָנ איז א גוטע כאַווערטע... גאָר א גוטע...

און איז לעבנסלאָז געבליבנ הענגענ אפ גאָלובס פּלייצע.

צוריק צו זיכ אינ וואַלד זײַנענ די פּאַרטיזאַנער געקומענ אָנ דעמ אומגעקו-מענעמ קאַסאַטקינענ. עטלעכע מענטשנ זײַנענ געווענ פאַרווונדעט. אויכ לייבל גאָלובנ האָט דעמ סוינעס קויל ניט געמיטנ. ער איז געווענ פאַרווונדעט אינ דער רעכטער האַנט.

א גאַנצנ טאָג איז אינ זעמליאַנקע געווענ טומלדיק. צו פאַרנאַכט איז מענ זיכ צעגאַנגענ ווער וווהינ, און גאָלוב איז געלעגנ אײנער אַלײנ. אפ קאַסאַטקינס אָרט איז געלעגנ זײַנ טרײַע כאַווערטע — די האַרמאָניקע. גאָלוב האָט זיכ עטוואָס אויפגע-הויבנ, גענומענ מיט דער געזונטער, לינקער האַנט די האַרמאָניקע און עטלעכע מאָל א ציִ געטאָנ אַרופ און אַראָפּ. די האַרמאָניקע האָט אָפּגעענטפערט מיט אומדײַט-לעכע, ראַכמאָנעסדיקע טענער און איז אַנטשוויגנ געוואָרנ מיט א לאַנגנ, דומפנ זיפצ.

גאָלוב האָט אויכ אָפּגעזיפצט:

— ווירקלעכ, א ייִד שפּילט ניט אפ א האַרמאָנ...

ער, גאָלוב, איז גאָר א זעצער. צוויי צענדליק יאָר איז ער אָפּגעשטאַנענ בא די זאַצ-קאַסעס און געזעצט ביכער. דערנאָכ, ווענ די שטאָט, ווו ער האָט געאַרבעט, האָבנ פאַרכאַפּט די פאַשיסטנ און אונטערוועגס — אויכ זײַנ געבורטס-שטעטל צע-כאַפּטשעט, איז ער, גאָלוב, אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. קײנ גרויסע העלדנטאַטנ האָט ער ניט אויפגעטאָנ, אָבער דאָס פּאַרטיזאַנישע ברויט האָט ער פונדעסטוועגנ אומזיסט ניט געגעסנ. צײַטנווײַז האָט ער געטרוימט: עס וועט נאָכ קומענ א צײַט, ווענ ער וועט ווידער שטײנ בא די קאַסעס און וועט זעצנ. אָבער וואָס האָט זיכ אויסגעלאָזנ?.. אָנ דער רעכטער האַנט איז ער שוינ ניט קײנ זעצער און ניט קײנ פּאַרטיזאַנער.

גאָלובס שווערע געדאַנקענ האָט איבערגעריסנ דער קאָמאַנדיר. דער געווײנלעכ רויִקער קאָמאַנדיר איז איצט געווענ היפּש אויפגערעגט.

— ענדלעכ... — האָט ער קורצ און אָפּגעהאַקט געזאָגט און אײליק גענומענ זיכ גרײטנ אינ וועג.

לייבל האָט געוווּסט, אומ וואָס עס גײט. ענדלעכ, הײסט דאָס, איז געקומענ די צײַט אויפרײַסנ די אײַזנבאַנ. געהאַנדלט האָט זיכ אָט ווענג וואָס: די דײַטשישע הינט האָבנ ווי פאַר פײַער מורע פאַר די פּאַרטיזאַנער, באַטאָג ווערט די אײַזנבאַנ אינגאַנצנ ניט באַנוצט. קײנ שומ באַוועגונג. די אײַנציקע טראַנספּאָרט-מאַגיסטראַל זײַנענ די גרונט-און שאָסײ-וועגנ. די לאַסט-אווטאָמאָבילנ און די פויערישע פורנ ווערנ באַגלײט פונ פאַנצער-אווטאָס. נאָר באַנאַכט באַנוצנ זיכ די אָקופּאַנטנ מיט דער אײַזנבאַנ אויכ, פאַרשטײט זיכ, מיט גרויס פאָרזיכטיקײט. די פּאַרטיזאַנער האָבנ שוינ עטלעכע מאָל געוואָלט אויפרײַסנ די אײַזנבאַנ, קעדײ אַראָפּפירנ פונ די רעלסנ די פאַשיסטישע עשעלאָנענ מיט אַלצ מיט אַנאַנדער: נאָר עס האָט זיכ אַלצ ניט אײַנגעגעבנ. און גראָד דאָ ניט לאַנג האָט די אויסשפּירונג געבראַכט א ידיִעה, אַז הײַנט באַנאַכט דאַרפ דורכגײנ א צוג מיט זײער וויכטיקער באַוואָפענונג. דעריבער איז נאָכ הײַנט דאַרפ אָפּגעטאָנ ווערנ דאָס נײטיקע שטיקל אַרבעט...

און „דאָס שטיקל אַרבעט" איז אַזא: נאָענט בא דער באַנ-ליניע געפינט זיכ דאָס וועלדל, וואָס טראָגט דאָס צונעמעניש „קריניצע". דער באָדנ אינעמ וועלדל איז אַזוי זומפּיק, אַז ווענ מע גײט א שטעל א פוס, ווערט מענ אײַנגעזונקענ, ווי מע וואָלט אַרײַנגעפאַלנ אינ א טיפער קריניצע. ווײַכנ די דײַטשנ פונעמ וועלדל, ווי זײ ווײַכנ פונ די געדיכטע וועלדער, ווו עס געפינענ זיכ די פּאַרטיזאַנער. איז אָט, אינ אָט דער „קריניצע" באַהאַלטנ זיכ הײַנט אויס די פּאַרטיזאַנער, אײנער פונ זײ רײַסט אויפ די רעלסנ נאָר נאָענט פונעמ וועלדל, דער אויפרײַס דאַרפ דורכגעפירט ווערנ אַזוי, אַז דער צוג זאָל טײקעפּ אַראָפּ פונ די רעלסנ. בלײַבט דער צוג גאַנצ, האָט הײסט, דער מאַשיניסט באַווײַזט אימ באַצײַטנס אָפּשטעלנ, דעמאָלט שפּרינגענ אַרויס די פּאַרטיזאַנער פונ זײער באַהעלטעניש — פונ דער „קריניצע", פאַלנ אָנ אפנ צוג,

ברענגענ אומ די וואַכ, אונ ווײַטער איז מענ שוינ באַלעבאָס איבער דער פֿאַרכאַפּטער באַוואָפענונג.

— ניט באַשערט מיר אָנטײַלצונעמענ... — האָט גאָלוב טויב אַרויסגערעדט אונ טרויעריק א וווּנק געטאָנ אַפֿ דער פֿאַרוווּנדעטער האַנט.

— יאָ-אָ-אָ!.. — האָט אימ אונטערגעהאַלטנ דער קאָמאַנדיר. — א שאָד, א שאָד קאַסאַטקינענ... אַכ, איז דאָס געווענ א מײַדימ אַפֿ אופֿרײַסנ... נו!.. — ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. — לאָמיר זיכ צעקושנ... ווער ווייסט?..

גאָלוב האָט זיכ ניט קיינ וואָרט געטאָנ קושנ, — ער האָט זיכ א ריס געטאָנ פֿונעמ אָרט אונ געבליבנ שטיינ אויסגעצויגנ.

— קאָמאַנדיר... איכ מיינ, כאַווער... דאָס הייסט, טײַערער כאַווער... — ער האָט זיכ פֿאַרכלינעט פֿונ ווערטער. — דערלויב מיר... אָנשטאָט קאַסאַטקינענ...

— ביסט פֿונ זינענ אַראָפּ?.. — ער האָט א וווּנק געטאָנ אַפֿ דער קראַנקער האַנט, אונ גלײַכ צוגעגעבנ ווייכ. — די צײַט איז טײַער... נו!.. — אונ ווידער געוואָלט זיכ אָפּגעזעגענענ.

נאָר גאָלוב איז ניט אָפּגעשטאַנענ. ער האָט גערעדט, אונ דערוויזנ, אונ געטײַנעט. כ'האָט זיכ באַקומענ, אַז זײַנ פֿאַכ איז אײַנגנטלעכ אויסשליסלעכ אופֿרײַסנ אײַזנ-באַנענ.

— נו, רעכט...

דער קאָמאַנדיר איז, ענדלעכ, אײַנגעגאַנגענ. ער האָט דערקלערט גאָלובנ, ווו, אַב וואָסער באַצירק די אײַזנבאַנ דאַרפֿ אופֿגעריסנ ווערנ, אונ האָט אימ איבערגעגעבנ דעמ אופֿרײַס-שטאָפּ אונ דעמ ציגנד-שנור.

די דרײַ קלעצעלעכ אופֿרײַס-שטאָפּ זײַנענ לויטנ קאָליר אונ לויט דער פֿאָרמ געווענ גוואַלדיק ענלעכ אַפֿ דרײַ שטיקלעכ טואַלעט-זייפֿ.

די דרײַ קלעצעלעכ אופֿרײַס-שטאָפּ אונ דעמ שנור האָט גאָלוב פֿאַרוויקלט מיט מאַרליע אַרומ דער קראַנקער האַנט, אַזוי, אַז איצט האָט ער זי געמוזט אָנטאָנ אַפֿ אַנ איבערבונד איבערנ האַלדז. א האַנט-גראַנאַט האָט ער אַראָפּגעלאָזנ דורכ דער דורכגעריסענער קעשענע אונטערנ אונטערשלאַק פֿונעמ פּאַלטאָ אונ זיכ געלאָזנ פֿונ זעמליאַנקע. נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיכ א וואָרפֿ געטאָנ צוריק, גענומענ די האַר-מאָניקע אונ אָנגעטאָנ זי איבערנ פּלייצע.

— לייבא!—האָט דער קאָמאַנדיר פֿאַרוווּנדערט אויסגערופֿנ.—דו שפּילסט דענ אַפֿ אָט דער צאַצקע?..

— אַהאָ, נאָכ ווי!..

די צוויי פּאַרטיזאַנער האָבנ זיכ האַרציק צעזעגנט.

ווי אַפּצעלאָכעס האָט די לעוואָנע געשײַנט, כאָטש קלײַב נאָדלענ. אונ רינגז אַרומ קיינ לעבעדיקער נעפֿעש. א שטילע נאַכט. גאָלוב איז זיכ געגאַנגענ אונ האָט זיכ אָנגעשטרענגט אײַנגעהערט צו יעדנ קלאַנג. בלויז די האַרמאָניקע האָט עטוואָס פֿאַרשוועריקט דעמ גאַנג.

אונ אָט איז שוינ דער באַצירק, ווו ער דאַרפֿ אָפּטאָנ דאָס נייטיקע „שטיקל אַר-בעט“. גאָלוב איז מיטאַמאָל צוגעפֿאַלנ צו דער ערד: עפּעס רוישט. ער האָט זיכ אויסבאַהאַלטנ אינ א גראָבנ לעבנ וועג. עס זײַנענ פֿאַרלאָפֿנ עטלעכע געציילטע מי-נוטנ, אונ איבער די רעלסנ האָט זיכ דורכגעטראָגנ א דרעזינע. גאָלוב האָט קאָנטעט א שמייכל געטאָנ: דאָס קאָנטראָלירנ די פֿאַשיסטנ דעמ וועג. הייסט עס, מע וואַרט אַפֿ א צוג. די אויספֿירונג האָט געבראַכט פֿינקטלעכע יעדיעס. גאָלוב איז אַרויסגע-קראָכנ פֿונעמ גראָבנ, צוגעפֿויזעט צו די רעלסנ, אינעמ געהעריקנ אָרט אונטערגע-לייגט די דרײַ שטיקלעכ אופֿרײַס-שטאָפּ, דערנאָכ צוגעפּעסטיקט דעמ ציגנד-שנור. איצט בלײַבט נאָר אָװעקפֿויזענ צוריק אַפֿ די דרײַסיק מעטער, — די לענג פֿונעמ שנור, — אָפּליגנ אינ באַהעלטעניש ביז וואַנענ עס וועט זיכ דערהערנ די קלאַפּערײַ פֿונ די רעדער, אינ דער געהעריקער רעגע אונטערצינדנ, אונ —

— הורא!
א סאָפ צומ פאשיסטישנ צוג...

אינ דער זעלבער רעגע אָבער האָט גאָלוב דערזענ, אז פונ ערגעצ זײַנענ ארויסגעשפרונגענ עטלעכע פאשיסטישע מאָטאָציקלענ אונ שיסנ לענגאויס דעמ וועג. א קויל האָט א ברי געטאָנ לייבל גאָלובס געזונטע האנט. א שארפער ווייטעק האָט אָפגעלייזט די האנט. אונ אָט הערט זיכ שוינ דער שווערער, האמעטנער גאנג פונ א פאנצער־צוג. לאנג טראכטנ איז איצט ניט די צײַט. איינ אויסוועג.

גאָלוב האָט בליצשנעל ארויפגעריסנ פונ זיכ די הארמאָניק אונ אָפגעשלײַדערט זי ווײַט אינ פעלד ארײַנ — זי זאָל ניט שטערנ. דערנאָכ, פונקט אזוי בליצשנעל, האָט ער אונטערגעצונדנ דעמ שנור. א דונער־קנאל האָט זיכ צעטראָגנ ווײַט ארומ אינ דער נאכט. אונ דער צוג, וואָס האָט זיכ געטראָגנ מיט אזא אימפעט, האָט ווייטיקלעכ א קרעכצ געטאָנ מיט אלע זײַנע פארוואונדעטע גלידער, אונ א וואגאָנ נאָכ א וואגאָנ האָבנ ווי שיקורימ גענומענ פאלנ אונטערנ באנ־אָנשיט.

די פאשיסטישע וואכ האָט זיכ גענומענ טראָגנ הינ אונ הער, ווי צעדולט: ארויסשלעפנ די פארוואונדעטע אונ די טויטע. נאָר דאָ האָט א זעצ געטאָנ די „קריניצע": די פארטיזאנער זײַנענ ארויסגעשפרונגענ פונ זייער באהעלטעניש אונ גענומענ פארניכטנ איינעמ נאָכנ צווייטנ די היטלערישע הינט.

דער אָנגעמערקטער פלאנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ: דער פאשיסטישער צוג איז געבליבנ אינ די הענט בײַ די פארטיזאנער.

ווענ מע איז געקומענ א ביסל צו־זיכ, האָבנ די פארטיזאנער גענומענ זוכנ לייבל גאָלובנ. פונ אימ איז אָבער קיינ זיכער ניט געבליבנ. צוזאמענ מיט שטיקער שפאָלעמ אונ צעבראָכענע רעלסנ האָט דער אויפרײַס ווײַט צעוואָרפנ לייבל גאָלובס צעמאָלענעמ קערפער.

בלויז די הארמאָניק איז געלעגנ אינ הוילנ פעלד א גאנצע, אנ אומבארירטע, אָנ איינ פעגימע אונ געווארט אפ מענטשלעכע פינגער, וואָס וועלנ אפ איר אויסשפילנ די הערלעכע ליד פונ אונדזער גרויסנ זיג.



2087—9

מ. גאָלבשטיין

# פּרײַנט

(לירישע פּאָעמע)

דערמאָן זיך, פרײַנט, אין יענעם שטיין,
וואָס איז מיט גרינעם מאָך באוואָקסן,
ווו אלע פרי דו פלעגסט אליין
באַם ברונעם אָנפּ״יען די אָקסן,
דערנאָך זיך אָנטרינקען אליין.
דערמאָן זיך, פרײַנט, דעם גרינעם שטיין...

ווען אין פארנאכט דו טרײַבסט די שאָף
פון פעלד אהיים אף שליאך אף ברייטן,
די ווײַטע פײַערלעך פון דאָרף,
ווי רויטע בלעטעלעך פון קווייטן,
זיי פאלן צו דער סאַמע ערד...
ווי הימלעך-ליב דער אָוונט ווערט!..

און יענער ברייטער, ווײַטער שליאך,
דער דניעפּער-טײַך, די הויכע ברעגן!
די שטילע וואָלקנדיקע נאכט,
ווען מיט מײַן קאנט כ'האָב זיך געזעגנט.
אוקראַינע-היים, דו, מוטער-סטעפּ!
באַפּײַכט מיט בלוט עס איז דײַן וועג!...

כ'האָב אָנגעזאָטלט דאן מײַן פערד,
א ריד געטאָן מיט דינע שפּאָרן.
איך האָב ניט אָנגערירט די ערד,
אזוי האָב איך אין פרי אין קלאָרן
געלאָזט זיך אין דער הייסער שלאכט
אנטקעגן פײַנט, אנטקעגן נאכט...

איצט בין איך, פרײַנט מײַנער, אהער
צו דיר געקומען א באַשטראַלטער.
דו וועסט דערזען א שטיקל ערד
בא מיר אין רוקזאק ליגט באהאלטן.
ס'איז שטיל מײַן ליד, ס'איז שארף
מײַן שווערד,
ס'איז הייליק-טײַער מיר די ערד!..

דעם פיש איז גוט אין טײַך באנאכט,
דעם אָדלער — אינעם הימל פרײַען.
דעם רויטן רײַטער — אין דער שלאכט,
ווײַל דו געפינט ער נאָר אין פײַער.
זײַן מעכטיק הארץ איז ווי א בארג,
און ווי א בליץ זײַן שווערד איז שארף!

דאן זאָגסטו מיר: „דו קום אהער,
אין אויגן דײַנע — הימל-פארבן.
דער שענסטער טויט אף אונדזער ערד
איז פאר ן היימלאנד גרייט זײַן שטארבן.
האָסט זיך געשלאָגן ווי א העלד
מיט הייסער ליד אף שלאכטיק פעלד.

דאָס איינציק קינד פון מײַנע הענט
ווי וועלף זיי האָבן אויסגעריסן,
און אף א שײַטער עס פארברענט,
דאָס בלאָנדע מיידעלע פעליסי.
פון וועלכן שטאָל דארף זײַן א הארץ
צו אויסהאלטן אזא מיר צאר!..

נאָך ווײַטער קום. אָט איז דער טײַך...
אפן טיכן אָפּגרונט, וועסט דערזען:
מײַן שוועסטער ליגט, באַם האלדז —
א שטיין.
מיר דאכט: איך הער נאָך די געשרייען...
דערטרונקען האָבן זיי, די פײַנט,
אין יענער נאכט מײַן בעסטן פרײַנט.

אָט דאָ ניט ווײַט, אין אלטן וואלד,
ווו ס'קלינגען פייגלשע געזאנגען,
מ'האָט יונגען דרײַ דאָרט מיט געוואלד
אף דעמבעס הויכע אופגעהאנגען.
דאָרט איז מײַן ברודער צווישן זיי,
מיר דאכט: איך הער נאָך זײַן געשריי...

נאָר ווײַטער קום. א בוים דאָ שטייט,
בא אָט דעם בוים, די שוואַרצע ראָבן —
מײַן פאָטער לעבעדיקערהייט
זיי האָבן אין דער ערד באַגראָבן.
מיט לײד צום טויט איז ער געגאַנגען,
דער גיבער, העלד — דער פּאַרטיזאַן".

...מע דאַרף ניט, טײַערע, ניט וויינען,
וויש אָפּ די טרער — דעם דימענט ריינעם.
פֿאַראַן א האַס (דו ווייסט אַליין),
וואָס דריקן קאָן אַפילע שטיינער.
מיר טראָגן אים, דעם האַס, אין זיך,
ס'וועט פֿרײַהייט זײַן און זײַן וועט ליכט!..

מײַן ליבער פֿרײַנט, האָסט אויסגעהיילט
די ווונדן מײַנע, מײַנע ליידן.
אוקראַינע-היים אין בלוט פאַרגייט,
איך קאָן ניט מער, — כ'מוז ווײַטער רײַטן.
כ'וועל לאָזן זיך אין שלאַכט,
אנטקעגן פֿײַנט, אנטקעגן נאַכט...

דערנאָך כ'וועל קערן זיך פֿון פֿעלד,
אַן אָרדען וועט מײַן ברוסט באַצירן.
און אַלע וועגן אָפּ דער וועלט
צו דיר אַהיים נאָר וועלן פֿירן,
צו ווײַסער כאַטע, צו דעם קוסט,
וווּ כ'האָב דיך, ליבסטע, אויסגעקושט...

איצט וועל איך אָנפּויען מײַן פֿערד
און כ'וועל א ריר טאָן מיט די שפּאָרן.
איך וועל ניט אָנרירן די ערד,
אַזוי וועל איך אין פֿרײַ אין קלאָרן
זיך לאָזן ווידער אין דער שלאַכט
אנטקעגן פֿײַנט, אנטקעגן נאַכט...

עס גייט אַצינד א גרויס געשלעג,
דאָס היימלאַנד אין אונדז בלוטיק-טײַער.
דעם פֿײַנט וועט צוימען ס'וויל דעם וועג,
איז גרייט דורך וואַסער און דורך פֿײַער
זיך שלאָגן העלדיש מיטן פֿײַנט
פֿאַר אונדזער גליק, פֿאַר אונדזער הײַנט!



## ש. גאָרדאָנ

# דעמ מאלכאמאָוועס יאָרשימ

מעגלעכ, אז הונדערט אכט און צוואנציק יאָר קלינגט ווי א גוזמע. עס זײַנענ אָבער אנ אײדעס די ייִדישע יִשוווימ פונ קרימער סטעפּ, אז דער געוועזענער פּאַרי־משער פּלימענ־טרײַבער, רעפאָעל סורפינ, האָט דאָכ דערלעבט צו הונדערט און אכט און צוואנציק יאָר.

דער מעזיניק פונ דער ברײט־פאנאנדערגעוואקסענער מישפּאָכע, דער זיבעצנ־יאָריקער טראַקטאָריסט הירשנקע, איז געווענ זיכער, אז אינעמ געדיכטסטנ וואלד וועט מענ ניט אָנצײלנ אזויפיל בײמער ווי אינעמ גרעסטנ גאָרטנ אזויפיל פּרוכט, וויפל אוריײניק־לעכ און אורורײניקלעכ עס קאָנ אָנצײלנ דער זײדע רעפאָעל, כאָטש ער האָט אפנ פּאַריטשער בעסוילעמ איבערגעלאָזנ א היפּש ביסל מאצײוועס פונ עטלעכע דוירעס סורפינ. דאָרטנ, אינ פּאַריטש, איז דער מאלכאמאָוועס געווענ א גאַנצ אָפטער אַרײַנ־גײער צו רעפאָעלנ אינ הויז. הא איז ער געקומענ נאָכ א שנור, דאָ נאָכ אנ אײניקל און מערסטנטײל — סטאמ אזוי אינ דער וועלט אַרײַנ אָנמאכנ א שטיקל בעהאָלע. אימ אלײנ, רעב רעפאָעלנ, האָט דער מאלכאמאָוועס שוינ אויכ געהאט א פּאָר מאָל פּאַר־בעטנ. נאָר אינ דער כאמע לעצטער מינוט זײַנענ זײ צווישנ זיכ דורכגעקומענ בע־שאָלעמ.

— נו, ווײַבאלד, אז אַלעמענ יאָ און אימ ניט, — האָבנ צווישנ זיכ געשמועסט די שטוביקע, — איז מיסטאמ האָט אפ אימ דער מאלכאמאָוועס קײנ שליטע ניט...

א סימענ — אָפּגעפּאָרנ אזא מעהאלעכ ווי פונעמ ווײַסרוסישנ שטעטעלע פּאַריטש אזש אהער אפ די קרימער פּאָנדנ, איז רעב רעפאָעל סורפינ קײנ אײנאָרע פּאַר־בליבנ דער זעלבער גלײַכוווּקסיקער זאָקנ. פונ אונטער דער יארמלקע האָט אַרויס־געלויכטנ א געדיכטער קאָפּ האָר, וועלכע האָבנ נאָכ ניט באוויזנ אינגאנצנ גרוי ווערנ אינ דער פאנאנדערגעקעמטער באָרד האָבנ ווו־ניט־ווו זיכ נאָכ געהאט דורכגעוואָרפנ טונקעלע הערלעכ. זעלטנ, זײער זעלטנ האָט רעב רעפאָעל זיכ באנוצט מיט די ברילנ, וועלכע האָבנ בא אימ טאָמיד געשטעקט אפנ הויכנ שטערנ, און נאָכ זעלטענער פלעגט ער זיכ באנוצנ מיטנ שטעקל, וועלכנ דער מעזיניק הירשנקע האָט מיט אזויפיל ליבע אויסגעשניצט פארנ זײדנ.

אינ שטעקשיכ, אינ א יארמלקע, אינ א פאַרלאטעטנ טאַלעסקאָטנ אפנ זויבערנ העמד, האָט מענ אימ געקאָנט טרעפנ באמ פארקערנ דעמ הויפ, באמ קאָרמענענ די אויפעס, אָדער גאָר זיכ פּאָרענ אינעמ יונגנ פּרוכט־סעדל. יעטווידער פאַרבײַגײער פלעגט פאַרווונדערט זיכ אָפּשטעלנ באטראכטנ דעמ מונטערנ זאָקנ און הויכ אפ א קאָל אימ באגריסנ:

— א גוט מאָרגנ אײַכ, זײדע!

— א גוט יאָר דיר, קינד מײַנס. זאָלסט דערלעבנ מײַנ עלטער אינ אוישער און אינ קאָוועד.

אוישער און קאָוועד האָט רעב רעפאָעלנ ניט אויסגעפעלט. די ערשטע פּרוכט פונ ווײַנגאָרטנ האָט מענ געבראכט רעפאָעלנ. דעמ ערשטנ קאָנווערט אינ אורנע באמ אלפאָלקישנ וויילנ אינ אויבער־ראט האָט אראָפּגעלאָזנ רעפאָעל. ער איז דאָ געווענ אינעמ יִשעוו די בראָכע און בענטשונג פונ גליקלעכנ עלטער, די שײנקײט און קרוינ פונ עטלעכע דוירעס סורפינ.

באַזונדערס האָט אָפּגעהיט זײַנ עלטער דער מעזיניק פֿונ דער מישפּאָכע הירשנקע.

דאַרפ טרעפֿנ, אַז אינ דער באַוווּסטער שאָ פֿונעמ באַוווּסטנ זונטיק איז הירשנ־קע גראָד ניט געווענ אינ דער היימ. דערפֿאַר איז אימ נאָכדעמ אויסגעקומענ זיכ קריגנ מיט די שטוביקע, לעמוּ האָט בא זיי ניט געקלעקט קיינ סייכל באַצײַטנס אויסשליסנ די ראַדיאָ.

— צוליב וואָס האָט מענ עס באַדאַרפֿט פֿאַרשאַפֿנ דעמ זיידנ אַזויפֿיל יעסורימ? וואָס וואָלט געווענ, ווענ אָט די גוטע בסורע זאָל צו אימ דערגייענ מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַ?

טכילעס אָוונט איז הירשנקע געקומענ צו לויפֿנ פֿונ סטעפּ געוויר ווערנ דעמ זיידנ.

רעפֿאָעל איז געזעסנ באַמ צעעפֿנטנ פֿענצטער אונ זיכ שטיל געשאָקלט איבער אַ גראָבנ סייפֿער. זײַנע קליינע צונויפֿגעזשמורעטע אויגנ האָבנ פֿאַרבענקט געקוקט צו דער בלויער ווײַט, וועלכע איז געשווומענ איבערנ צײַטיקנ סטעפּ.

— זיידע!

— אַ? דאָס ביסטו, הירשנקע?! אײַ, קינד מײַנס, מיינסט אַפּאָנעמ טאַקע, אַז דײַנ זיידע פֿאַרשטייט שוינ לאַכלוטנ גאָרניט. האָסט פֿונ מיר געוואָלט אויסבאַהאַלטנ אַזאַ גזיירע, ראַכמאָנע ליצלאַנ, ווי גזיירעס דײַטש. נאָר וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ? כ'האָב שוינ באַרעכהאַשעמ איבערגעלעבט ניט איינ מילכאָמע, ניט איינ מאַגייפֿע. דערווײַל געדענק איכ נאָכ ניט, אַז עמעצ זאָל געווענ בײַקומענ אונדזער מעדינע. לוי האָיע, ס'איז נאָכ ניט געווענ אונ ס'וועט ניט זײַנ. עטלעכע אונ פֿופֿציק יאָר האָב איכ געטריבנ פּליטנ אַפֿנ וואַסער, ווייס איכ גאַנצ גוט, אַז דער גרעסטער שטורעמ וועט ניט בײַקומענ אַ גוט־צונויפֿגעבונדענעמ פּליט. איז וואָס מיינט ער, אָט דער מעלעכ האַראָש, היטלער ימאַכ שמוי, אַז ער וועט בײַקומענ אַזאַ פּליט, ווי ראַסיי, אַ?

אינ מעשעכ פֿונ די קנאַפּע פֿערצנ יאָר, וועלכע רעפֿאָעל סורפּינ געפֿינט זיכ אַפֿנ קרימער סטעפּ, האָט ער זעלטנ ווענ פֿאַרלאָזנ דעמ אייגענעמ הויפֿ, אונ איצט האָט מענ דעמ זאָקנ קימאַט ניט געקאָנט טרעפֿנ אינ שטוב. ער האָט ניט דורכגעלאָזנ קיינ איינ רעדל, קיינ איינ מיטינג, קיינ איינ פֿאַרזאַמלונג.

— איר זאָלט ווייסנ זײַנ, ייִדנ, — האָט רעפֿאָעל סורפּינ מיט יעטווידנ איינעמ אײַנגעטײַנעט, — אַז ס'איז נאָכ אַפֿ דער וועלט ניט געווענ אַזאַ מעלעכ, וועלכער זאָל אײַננעמענ די רוסישע מעדינע, אונ אַזאַ האָמאָנ, וועלכער זאָל פֿאַרטיליקנ די ייִדנ. כ'וואָלט בלויז וועלנ דערלעבנ ביזנ קעצ, זענ זייער מיִעסנ סאָפֿ. אײַ, וועלנ זיי ברעכנ דעמ קאָפּ, אָט די היטלעריסטנ...

נאָכנ שניט איז אינ די ייִדישע יִשוּווימ פֿונ קרימער סטעפּ געוואָרנ אומרויִק. דער סוינע איז שוינ געשטאַנענ בא די טויערנ פֿונ פּערעקאָפּ. דאָס יונגוואַרג אונ די מיליטאַריקע זײַנענ באַלד נאָכנ שניט אַוועק אַפֿנ פֿראָנט. אינ די יִשוּווימ זײַנענ בלויז געבליבנ קינדער, פֿרויענ אונ באַיאָרנטע. באַטאָג האָט מענ געלופֿטערט דאָס בעטגעוואַנט, געטריקנט אַפֿ דער זונ פֿענעצער ברויט, צוביסלעכווײַז געפּאַקע־וועט דאָס האָב־אונ־גוטס. באַנאַכט איז מענ געלעגנ אינעמ אָנטאָג אונ באַמ מינדסטנ רויש איז מענ מיט זויג־קינדער אַפֿ די הענט געלאָפֿנ אינ פֿינצטערנ סטעפּ אונ מיט אַ פֿאַרטײַעטנ אָטעמ נאָכגעשפּירט נאָכנ געדיכט אויסגעשטערנטנ הימל.

אינ די פֿאַרלאָזענע שטאַלנ זײַנענ די קי געשטאַנענ ניט געמעלקט, די אויפֿעס — ניט געקאָרמעט. דאָס געוואָי פֿונ די הינט, דאָס פֿאַריאָסעמטע ציקלענ זיכ פֿונ די כמאַדעמ שעפּסנ האָבנ דערמאָנט אָנ דעמ טיפֿנ טרויער, וועלכער האָט זיכ דאָ פֿאַר־קליבנ אינ יעדער שטוב.

דער פּײַנלעכער סאָפּ־זומער־טאָג פֿונ דער עוואַקואַציע האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט אַ ראָזעווער פֿרישנ קאַיאָר. אינעמ גרויסנ קאָלווירטישנ הויפֿ איז געשטאַנענ אַ רעווע פֿונ דער צונויפֿגעטריבענער משערעדע פֿי, אַ געפּילדער פֿונ די סטײַעס אויפֿעס. די

איינגעשפּאַנטע פערד האָבנ ווילד געהירזשעט און זיכ געריסנ פונ די צוימענ צוריק אינ פעלד. אפ די איינגעשפּאַנטע וועגענער און מאַזשאַרעס האָט מענ פונ די פאַנאַדערגעעפנטע הײַזער געטראָגנ דאָס ביסל האָב-און-גוטס. דאָס איבעריקע האָט מענ איבערגעלאָזנ אפ העפקער. דערבײַ איז ארום די הײַזער געשטאַנענ א יאָמער, ווי באַם ארויסטראָגנ א מעס.

— אז יעדעס גרעזל האָבנ מיר דאָ אַליינ געפלאַנצט, יעדנ ציגל, יעדעס ברעטל געשלעפּט אהער אפ די אייגענע פּלייצעס...

— געווענ איז דאָ טויהו-וואָוויהו, א מידבער, און אז ס'איז געקומענ צום לעבנ, דאַרפ אראָפּקומענ אפ אונדזערע קעפּ אזא מאַגייפע, אזא מאַלכאַמאָוועס...

רעב רעפאָעל סורפינ האָט ניט געקאָנט צוזענ דעמ צאַר. ווי דער פאַרקערפּערטער גײַסט פונעמ פאָלק האָט ער אומגעבלאָנקעט איבערנ סטעפּ און געטרייסט אלעמענ ארום:

— ס'וועט אימ גאָרניט זײַנ געשענקט. ער וועט פאַר אלצ באַצאָלנ. גזיירעס דײַטש, יימאַכ שמוי זאָל ער ווערנ!

— זיידע!

— א? איר פאָרט שוינ טאַקע אוועק? צײַט אפּאָנעמ געזעגענענ זיכ? נו, קומ, קומ. און דו, הירשנקע, גייסט טאַקע אוועק אינ די בערג פאַר א פאַרטיזאַנער? א?

— רעב רעפאָעל, וואָס איז דאָס מיט אײַכ? ס'הייסט, איר וועט ניט פאָרנ? דער מאַלכאַמאָוועס מיט זײַנע יאָרשימ זײַנענ דאָכ שוינ באַלד אינ דזשאַנקאָי, אַליינ האָט איר אלעמענ צוגערעדט, מע זאָל גאָר פאָרנ און ערשט צומ סאָפ ווילט איר גאָר בלײַבנ הי.

— א מאָשל. איר ווילט זיכ גלײַכנ צו מיר? הערט גאָר, דער מאַלכאַמאָוועס האָט מיכ ניט געקומענ, איז וועלנ מיכ די היטלעריסטנ נעמענ? וואָס זײַנענ זיי, מאַלכאַמאָוועסדיקער פונעמ מאַלכאַמאָוועס? כ'האָב זיי אינ דער ערד. פאָרט געזונט און זײַט מאַצליעכ. אירט נאָכ זענ, אז מירנ זיכ מיט אײַכ באַגעגענענ אינ שאָלעמ און שאַלווע. און אויב ס'איז מיר יאָ באַשערט שטאַרבנ, איז וויל איכ שטאַרבנ אפנ אייגענעמ בעט, אונטער אנ אייגענעמ דאַכ. איכ זאָל אנטלויפנ? אזוי לאַנג קרענקענ זיי.

דערזענ, אז ס'וועט גאָרניט העלפנ, האָט זיכ ווידעראַמאָל ארײַנגעמישט הירשנקע.

— בלײַבנ מיר, הייסט עס, זיידע, זאַלבעצווייט. איר דאָ אינ יישעוו און איכ — אינ די בערג א פאַרטיזאַנער. טאַקע, וואָס וועט דער זיידע זיכ גיינ שלעפּנ אזא וועג. איר מעגט זײַנ זיכער, אז דעמ זיידנ וועט דאָ גאָרניט אויספעלנ. אפ מיר מעגט איר זיכ פאַרלאָזנ.

א ברייטער, איינגעפּאָרענער וועג שנײַדט דורכ די געדיכט-פאַרבויטע גאַסנ פונעמ יישעוו און ציט זיכ נאָכדעמ בארג ארופּ צווישנ פעלדער, באַשטאַנעס, ווײַנגערטנער. א קײַלעכיקנ זומער האָבנ אפנ זעלבנ וועג זיכ געטראָגנ אָנגעלאָדענע מאַשינעס טוווע, פורנ ווײַנטרויבנ. דאָ איז שטענדיק געשטאַנענ א פריילעכער טומל פונ קינדער, א לויפערײַ פונ וועלאָסיפּעדנ. איצט האָט אפנ זעלבנ וועג זיכ געשלעפּט, ווי אינ מידבער, א פאַנאַנדערגעצויגענע איידע יידנ מיט טשערעדעס פי, מאַזשאַרעס, אָנגעלאָדענע מיט האָב-און-גוטס פונ די צעשטערטע היימענ. איבערנ סטעפּ איז געשוועמענ א פאַרשטיקטער געוויינ פונ טויזנטער הערצער.

עס איז שוינ פאַרשוווּנדנ אינ רויכיקנ שטויב די לעצטע פור, די סאָפּטאָגיקע זונ האָט לאַנגזאַם געניטערט צו די פאַרנעפּלטע בערג, נאָר דער טיפער זאָקנ רעב רעפאָעל סורפינ איז נאָכ אלצ געשטאַנענ ווי אנ איינזאַמע ווערבע באַם בערגנ טײַכ און לאַנג, לאַנג געקוקט אינ דער ווײַט, וועלכע האָט אימ צעשיידט מיט זײַנע איינגיקלעכ. מעגלעכ, אז ער האָט זיכ מיט זיי צעשיידט אפ שטענדיק. אפ זײַנע אויסגעצערטע באַקנ האָט ער איצט שטאַרקער דערפילט די וואַרעמקײַט פונ טרערנ, וואָס זײַנענ פאַרגאָסנ געוואָרנ באַם געזעגענענ זיכ. אינ זײַנע אויערנ האָט נאָכ געצאַפּלט דער אָפּהילכ פונעמ גרויסנ געיאָמער. א טיפע און שווערע עלנטקײַט

האָט מיטאמאָל אײַנגעהילט דעם אויסגעלײדיקטנ ישעוו אונ באַגלײט רעפאָעל סורפינענ. רעב רעפאָעל האָט ביז טיפ אינ אָוונט זיכ ארומגעשלעפט איבער די פאנאנדערגעצויגענע גאסנ אונ אלצ ניט געקאָנט באנעמענ, וואָס איז דאָ היינט פאָרגעקומענ. ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט לעבנ יעדער הויז, ארײַנגעקוקט אינ די פארהאקטע פענצטער, אינ די פוסטע שטאלנ. וואָס ווײַטער, אלצ אָפטער האָט ער זיכ צוגעזעצט רוענ אינ שאָטנ פונ די פרוכט=סעדלעכ, וואָס האָבנ געדרוישט ארומ יעדער שטוב אונ אָנגעפילט דעמ אָוונט מיט טיפער לײַדנשאפטלעכער בענקשאפט.

יעטווידנ טאָג האָט דער איינ=און=איינציק פארבליבענער מענטש אינעמ ישעוו — דער טיפער זאָקנ רעפאָעל סורפינ ארומגעבלאָנקעט איבער די אויסגעלײדיקטע גאסנ אונ איז אָפט געבליבנ שטיינ אפנ וועג אויסקוקנ די בלויע ווײַט — עפשער וועט פונ דאָרט זיכ עמעצער ווײַזנ. פאר די עטלעכע טעג איז רעב רעפאָעל געוואָרנ עלטער, סיווער, אינ זײַנע גוטמוטיקע אויגנ איז געלעגנ א טיפער צאר אונ א גרויסע בענקשאפט נאָכ מענטשנ, צווישנ וועלכע ער האָט דאָכ אָפּגעלעבט הונדערט אכט אונ צוואנציק יאָר. בלויז עטלעכע געציילטע מאָל איז אהער ארויפגעקומענ פונ די בערג הירשנקע. ער פלעגט אָנקומענ אומדערוואַרט אונ פונקט אזוי אומבאמערקבאר פארשווינדנ. אנומלטנ איז ער דאָ געווענ מיט זײַנעמ א כאווער. זיי האָבנ זיכ לאנג געפאָרעט ארומ דעמ גרויסנ קאָלווירטישנ קלוב אונ פארנ אוועקגיינ האָט הירשנקע זיכ אָפּגערופנ מיט א באהאלטענעמ שמייכל:

— נו, זיידע, איצט זאָלסטו אפ מיר וואַרטנ, ווענ די פאשיסטנ וועלנ שוינ זײַנ הי. א קאבאָלעספאָנעט האָבנ מיר פאר זיי צוגעגרייט שוינ יענעמ...

נאָכ די דורכגעגאנגענע שלאכט=רעגנס האָבנ זיכ אײַנגעשטעלט זוניקע עלעל=טעג. ווי יעדנ יאָר אינ דער צײַט, האָט רעפאָעל סורפינ געבלאָזנ שויפער.

א וונדערלעכ פרישע אונ אויסגעשטערנטע איז געווענ די יאָמקיפער=נאכט. רעב רעפאָעל האָט באַמ ערשטנ אויפשײַנ פונ די שטערנ אָנגעצונדנ ליכט אינ די מעשענע לײַכטער, ארויפגעצויגנ אפ זיכ א ווײַסנ קיטל, דעמ גרויסנ קאָפ פארגורעט אינ טאלעס. די שטוב איז פול געוואָרנ מיט שאָטנס פונ צאנקענדיקע ליכט, מיטנ שווערנ אומעט פונ רעפאָעלס פארשטיקטער שטימ:

— זכויר לאָנו בריס אָוויס...

פונ זײַנע אויסגעלאָשענע אויגנ זײַנענ טראָפנווײַז געפאלנ אפנ קיטל גרויסע אויסגעווארעמטע טרערנ.

מיטאמאָל האָט ער דערפילט א אומדערוואַרטנ קלאפ. ער האָט זיכ אָנגעכאפט מיט די הענט פארנ טיש, ארויסגערוקט פונ אונטערנ טאלעס דעמ גרוי=ווײַסנ קאָפ אונ דערזענ פאר זיכ פרעכע שיכורע פנעמער אונ אָנגעלאָדענע ביקסנ. רעפאָעל האָט גלײַכ פארשטאנענ, אז דאָס זײַנענ זיי, דעמ מאלכאמאָוועס' יאָרשימ.

— פארפלוכטער יודע!

— הא? וואָס טו איכ הי? — האָט רעפאָעל סורפינ צעטומלט אויסגעשעפשעט. — גאָרניט, היינט איז יאָמקיפער אפ דער וועלט.

א מוירעדיקער זעצ איבערנ קאָפ האָט אימ אומגעוואלגערט אפנ דיל. אפנ ווײַסנ קיטל האָבנ זיכ באוויזנ פלעקנ בלוט.

געקומענ איז רעפאָעל צו=זיכ אפנ קאָלווירטישנ הויפ, וווהינ מע האָט אימ א צעבלוטיקטנ אונ צעשלאָגענעמ געבראכט צו שלעפנ. מיט צעטומלטע בליקנ האָט רעפאָעל זיכ אומגעקוקט צומ ישעוו, וואָס איז געווענ פול מיט מענטשנ אונ מאשינעס. ערשט איצט האָט ער דערזענ, ווי עס פלאקערנ די ארומיקע ישוווימ אונ ווי עס בליצט אופ א העלער פלאמ אפ יענער זײַט גאָס... די הויכע פענצטער פונעמ קאָלווירטישנ קלוב האָבנ געפינקלט אינ דער נאכט מיט פיל פײַערלעכ. פונ דאָרט האָבנ זיכ אהער געטראָגנ שיכורע קוילעס, מוזיק. איבערנ עלנטנ סטעפ זײַנענ געשוועבט געדיכטע וואָלקנס רויכ, וואָס האָבנ הינטער זיכ אויסגעבאהאלטנ דעמ אויסגעשטערנטנ הימל.

מיטאמאָל האָט אופגעציטערט די ערד פון א מעכטיקן אופרייס. רעפאָעל האָט זיך האסטיק אומגעקוקט און דערזען, ווי דער גרויסער קאַלווירטישער קלוב, אין וועלכן עס האָבן געהוליעט די פאשיסטן, איז איינגעהילט געוואָרן אין א העלישן פייער. רעפאָעל האָט באלד פארשטאנען, וואָס האָט זיך אנומלטן אזוי לאנג געפּאָרעט ארום קלוב הירשנקע.

— ס'איז אפּאָנעם דיין ארבעט, א, הירשנקע? — האָט רעפאָעל שטיל אויסגעשעפּ־טשעט. — זאָלסט דערפאר דערלעבן מיין עלטער...

אין קאַלווירטיישן הויף איז מיט אן אָנגעצונדענעם פאקל אריינגעלאָפן א צעוויל־דעוועטער דייטש. דערזען רעפאָעלן, האָט ער א וואָרף געטאָן דעם פאקל אין שטאל, האָט שטייף פארצויגן דעם טאלעס ארום רעפאָעלס האלדז און אים אופגעהאנגען אפן באלקן פונעם אונטערגעצונדענעם קאַלווירטישן שטאל.

אין אונטערגעצונדענעם יישעוו האָט נאָך לאנג־לאנג געבושעוועט דאָס פייער. דער ווינט האָט פאנאנדערגעטראָגן די פונקען און באשאָטן דעם סטעפּ מיט א גרויען אש. פון הינטער די בערג איז שטיל אופגעגאנגען די זון און זיך באהאלטן אין די האר־בסטיקע וואָלקנס...

יעדער פארבליבענער זאנג אין פעלד, יעדער צווייג אפ די ניט דערברענטע ביי־מער, יעדעס פארהיט גרעזל אפ דער פארפייניקטער ערד האָט אָנגעפילט דעם באגי־נען מיטן רוף:

— פארגיכט, ברענ, הארגע, דערשטיק די צווייפיסיקע כייעס פונעם פארשאָלטע־נעם היטלערישן שייוועט.



בונימ העלער

# מערער מעש דערלאנג, אָרקעסטער!

מערער מעש דערלאנג, אָרקעסטער! —
ערגעצ גוואלטיקט מעג מײַנ שוועסטער,
ערגעצ בראזגענ איצטער ליבנ,
ערגעצ גייענ רויבער רויבנ.

אויסגעפליקטע בערד אונ פייעס,
אָפגעהאקטע טויט-געשרייענ,
אויסגעשמירטע פארמעט-ספאָרימ,
מעטער-לאנגע ברידער-קוואָרימ.

— ייד, געבויגנ שטיי, געבויגנ, —
ווייז נישט קיינעמ דײַנע אויגנ.

פײַער קאָנ פונ זיי א זעצ טאָנ,
סינע — פונ דעמ אָטעמ לעצטנ.

פאָלג אונ שווײַג, פארדריק די ציינער,
סײַווי וועט נישט הערנ קיינער:
דײַנ געדעכטער גאָט פונ געטער
ווינט מיט דיר נישט אינ דײַנ געטאָ...

מערער מעש דערלאנג, אָרקעסטער,
טויב פארטויב, די שטילקײַט לעסטער! —
צופיל וווּנדנ — אפ צו היילנ.
צופיל מייסימ — אפ צו ציילנ.

## ג ע ס ט

אונ ווענענ דערוואַרט איצט מײַנ כאָלעמ?
אונ ווער וועט דאָרט קומענ צוגאסט?
מײַנ מאמע — פונ הונגער געשוואָלנ,
די ברידער — מיט קאטאָרגע לאסט.

מע שטארבט דאָכ בלויז איינ מאָל מיסטאמע
אונ איינ מאָל בלויז זאָגט מענ אָפ ווידע...
אונ דאָכ קומענ ברידער, די מאמע
אינ כאָלעמ אונ גריסענ ווידער.

די מאמע איז לײַכט צו דערקאָנענ:
זי קומט אינ מײַנ כאָלעמ פארוויינט.
זי לייגט אפ די קני מיר איר פאָנעמ,
אונ ווײַזט די געשטשירעטע ציינ.

זי אייצעט, איכ זאָל זי פארדעקנ
מיט בלומיקנ טישטעכ פונ כאלע,
וועט זי מיכ שוינ מערער ניט שרעקנ
אונ מער נישט אינ כאָלעמ באפאלנ...

נאָר אנדערש גאָר קומענ די ברידער —
צומ אָפטסטנ זע איכ זיי אינ בלוט.

זיי הייסנ מיר רײַסנ די לידער
אונ רייצנ זיכ: גוט אזוי, גוט!

די אוויערנ אונטערגעשניטנ —
גייט איינער פונ זיי מיר אנטקעגנ:
— כ'וועל יעטווידנ טראָט דײַנעמ היטנ,
א שטילער דיר נאָכגיינ אפ וועגנ.

כ'וועל שטארבנ אונ נאָכאמאָל שטארבנ
אונ כ'וועל נישט אראָפ פונ דײַנ וועג,
ביז דו וועסט אינ שלאכטנ אינ הארבע
נישט ווארפנ דײַנ קאָפ אינ געשלעג! —

דער צווייטער, דער דריטער, דער פערטער —
זיי שפײַענ מיט רויגנ, מיט רויטע.
מיט שטילע אזעלכענע ווערטער
אינ כאָלעמ עס ריידנ בלויז טויטע...

מיר וועלנ מיט טויזנט אינויִמ
דײַנ שלאָפ אונ דײַנ כאָלעמ באשטעלנ;
דײַנ בלוט וועט, ווי אונדזערס, ניט רוענ,
קאָלזמאנ דײַנ נעקאָמע וועט פעלנ!

★✦★

ב. מארשאק

# וויאזוי איכ האָב זיכ געראטעוועט

דערציילט האָט עס מיר סאָרע קאצ, א קיִעווער אײַנוווינערנ, וואָס געפינט זיכ איצט אינ נאָוואָסיבירסק.

דער טאָג איז נאָכ געווענ, ווי מע זאָגט, אינ סאמע ברענ, די זונ איז נאָכ געשטאנענ גאנצ הויכ, נאָר מיר האָבנ זיכ שוינ ניט געטאָרט באווײַזנ אפ דער גאס, ווײַל ס'איז שוינ געווענ די פארבאָטענע שאָ, ווענ יעדער דײַטשישער סאָלדאט האָט געהאט רעכט אופהייבנ די ביקס, אונ טראכ — ניטאָ קיינ מענטשנ. איכ זאָג, מ'האָט שוינ ניט געטאָרט ארויסגיינ אפ דער גאס... אונ ווענ, אײַגנטלעכ, האָט מענ יאָ געמעגט ארויסגיינ? איר מעגט מיר גלייבנ, אז פאר די פאָר וואָכנ, וואָס מיר האָבנ אָפּגעלעבט באם דײַטש, האָבנ מיר קימאט די ליכטיקע שײַנ ניט אָנגעקוקט. ווײַל אינמיטנ טאָג, ווענ די באוועגונג איבער די גאסנ איז געווענ, אזוי צו זאָגנ, פרײַ, האָט דענ עמעצער פונ די דאָזיקע גאזלאָנים ניט געקאָנט סטאמ אזוי זיכ, צוליב פארווײַלונג, ארײַנהאקנ דיר א קויל אינ הארצנ אָדער אזוי א זעצ טאָנ מיט דער קאָלבע, צי מיט עפּעס אנדערש, אז א מענטש זאָל בלײַבנ ליגנ אנ אָפּגעגאָסענער מיט בלוט אָדער א געכאלעשטער אפ דער גאס? בלויז בא א גאָר דרינגענדיקער נויט פלעגנ מיר זיכ אײַנשטעלנ ארויסגיינ אינ שטאָט, אונ אינ אזוינע פאלנ פלעג ווערנ עמעצער יאָמקיפּער בא אונדז אינ שטוב. אָפטער פונ אלע פלעג איכ נעמענ אפ זיכ אָט די געפערלעכע מיסיע. איכ פלעג זיכ דערבײַ אויספּוצנ אינ מײַנע שענסטע קליידער, אָנשמירנ וואָס רויטער די ליפּנ אונ אפילע די באקנ אָנפארבנ, כ'זאָל וואָס מער ענלעכ זײַנ אפ איינער פונ יענע זאָרגלאָזע פרײלנס, וואָס שפּאצירנ אום אפ דער גאס צוליב אייגענעמ פארגעניגנ אונ האָבנ געקאָנט פארבלאָנדזשענ אהער אפילע פונ ווינ אָדער האמבורג. א ביסל דײַטש רעדנ האָב איכ אויכ געקאָנט, איז ווער פונ אונדזער שטוב האָט מער געפּאסט פאר אזא ריזיקאלער אונטערנעמונג, ווי דורכגיינ די פאָר קווארטאלנ פונ זשיליאנסקי ביזנ טאָלסטאָי-פּלאצ? גיינ ווײַטער פונ דאָרט איז בא מיר קיינמאָל אי קיינ נויט געווענ, אי ס'האָט קיינ מוט ניט געקלעקט.

נאָכ דער פארבאָטענער שאָ האָבנ מיר מוירע געהאט ארויסגיינ אפילע אינ הויפ, ווײַל די דײַטשישע סאָלדאטנ פלעגנ, ווי די שאקאלנ, אומנישטערנ איבער אלע הויפנ, זוכנדיק רויב. פלעג מענ זיצנ בא פארמאכטע פענצטער אונ מיט ציטערניש אונ אומרו זיכ צוהערנ צו יעדער שאָרכ אפ דער גאס. ס'איז אנ עמעסער גליק, וואָס דזשאָיקס, אונדזער הויפ-הונט, איז אפ דער צווייטער וואָכ נאָכנ אָנקומ פונ די דײַטשנ ערגעצ פארשווּונדנ — די גורמאנעס פונ זשיליאנסקער גאס האָבנ אימ מיסטאמע פארנוצט אפ א געבראָטנס. — ווײַל בא יעדער האווקע זײַנעמ פלעג בא אונדז דאָס בלוט פארקילט ווערנ אינ די אָדערנ. זעלטנ ווענ עס פלעג זיכ ארײַנכאפּנ א שאָכנ אָדער א שכיינע פונ אונדזער שטאָק, אונ דעמלט האָט זיכ מיט א שטילער זיפצערײַ געצויגנ איינער אונ דער זעלבער שמועס: — „מע רעדט, אז אינגיכנ וועט מענ אלע ייִדנ ארויסגעבנ נומערנ", „מע רעדט, אז אינגיכנ וועט מענ אלע ייִדנ צונויפטרײַבנ אונ פארשפּארנ אינ איינ טייל פונ שטאָט, שאפנ א „געטאָ". „האלעווײַ זאָל עס שוינ גיכער געשענ", — פלעג זיפצנ די מאמע, — „וועט מענ כאָטש זײַנ צווישנ ייִדנ אונ מ'וועט עפּשער קאָנענ ארויסשטעקנ די נאָז פארנ טויער"... דעמ עמעס זאָגנדיק, האָב איכ אליינ אויכ קימאט ווי געטרוימט וועגנ דער באליידיקנדיקער אונ פײַנלעכער

געטאָ. — ס'זײַנענ מיר נימעס געוואָרנ די אויספּוצענישנ אונ די מאסקאראדנ מײַנע באמ ארויסגײנ פונ שטוב. נאָר קיינ געטאָ איז דערווײַל נאָכ ניט געווענ, מיר זײַנענ דערווײַל אָנ איר אויכ ניט זשעדנע געווענ קיינ דערנידערונג אונ צאָרעס.

איז אָט אײנמאָל, שוינ נאָכ דער פארבאָטענער שאָ, האָט גענומענ פויזענ איבער די פינפ שטאָקנ פונ אונדזער הויז א דערשראָקענע שעפּטשערײַ. אומרו אונ שווידער האָבנ ארומגעכאפּט דאָס הארצ. „מע גייט פונ הויז צו הויז, פונ שטוב צו שטוב אונ מע פארנעמט פרויענ, זקיינימ, קינדער“... ווער ס'האָט געבראכט די דאָזיקע שרעקלעכע ידיעה, האָט קיינער ניט געוווסט, נאָר אז ס'איז ניט קיינ אויסגעטראכטע זאכ — אינ דעמ האָט קיינער ניט געצווייפלט.

אז מ'האָט האסטיק אָנגעקלאפּט אינ טיר, זײַנענ מיר אלע געבליבנ זיצנ ווי פאר= שטיינערטע, כאָטש מיר האָבנ שוינ געוואַרט אפּ דעמ קלאפּ. די מאמע איז אוועק עפענענ. ניט ארײַנגעגאנגענ, נאָר ארײַנגעריסנ האָבנ זיכ דרײַענ — צעוישעטע, צעווילדעוועטע, בייזע ווי די כײַעס. מ'האָט אָנגעהויבנ אומלויפנ מיט די אויגנ איבערנ צימער, איבער די שאפּעס אונ בעטנ, ניט געקוקט אפּ קיינעמ, פונקט ווי זיי וואָלטנ אפילע ניט באמערקט, אז ס'זײַנענ דאָ מענטשנ אינ שטוב. א אָפּשײַנ פונ עפּעס א פארבאָרגענער האָפענונג האָט א בליצ געטאָנ בא מיר אינ הארצנ: „זיי זײַנענ געקומענ צוליב עפּעס א נײַער „קאָנפיסקאציע“. פלוצימ האָט אײנער פונ די דרײַ, עפּעס א שטיקל עלטסטער אפּאָנעמ, ארויסגעשלעפּט פונ קעשענע א צעטל, אפּגיכ א זוכ געטאָנ דאָרטנ אונ אָנגעשטעלט די שיקערע, פארגלאָסענע אויגנ אפּ מיר: „קאצ?“ — האָט ער ניט אויסגערעדט, נאָר ווי אויסגעהאוועט אנ אָפּגעהאקטע פראגע. — „יאָ, מײַנ פאמיליע איז קאצ“, — בינ איכ קוימ אומשטאנד געווענ צו ענטפערנ. — „פארטיזא= נענ?“ — האָט ער ווידער א האווקע געטאָנ, נאָר פלוצימ האָט זיכ בא אימ דאָס גאנצע פּאָנעמ אָנגעגאָסנ מיט בלוט, דער קארק איז אימ אזש רויט געוואָרנ פאר כאס אונ, ניט ווארטנדיק אפּ מײַנ ענטפער, האָט ער א רעווע געטאָנ:

— אויפשטענ!

איכ האָב אלײנ ניט באמערקט, אז איכ זיצ שוינ אלצ אינ דער זעלבער פּאָזע, אינ וועלכער זיי האָבנ מיכ געטראָפנ. איכ האָב געמוזט מאכנ איבער זיכ א גרויסע אָנשטרענגונג — אזוי שווער איז מיר געווענ זיכ אופצוהייבנ — אונ בינ געבליבנ שטיינ פארנ מערדער א שווײַגנדיקע, קוקנדיק אימ מיט שרעק אינ פּאָנעמ — וואָס וועט ער ווײַטער פונ מיר פאָדערנ?

— קאָמ! — האָט ער א צישע געטאָנ אונ, אָנכאפּנדיק מיכ פארנ אקסל, מיט קויעכ א שטויס געטאָנ צומ ארויסגאנג. ווי א סאָמנאמבול, בינ איכ געגאנגענ פאָרויס, אונ הינטער מיר האָבנ שווער געטופּעט די געקאָוועטע שטיוול פונ די דײַטשנ. אפּנ הויפ האָב איכ געטראָפנ א גרופּע מענטשנ, אינ די אויגנ האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ באקאנטע געזיכטנ — אלצ שכײנימ אונ שכײנעס פונ אונדזער הויפ. ארומ זיי האָבנ אומגעהאוועט עטלעכע סאָלדאטנ, אויסשטעלנדיק זיי פּאָרנווײַז, צו צוויי אינ א רײ. מיכ האָט מענ צונויפגעפּאָרט מיט ריווקע האלפּערינ פונ דריטנ שטאָק. נאָר אויס= געלאָזט האָט זיכ, אז אָט דעמ פּאראד אונ די שטרענגע אָרדענונג צו צוויי אינ א רײ איז זיי נײטיק געווענ בלויז אפּ ארויספירנ אונדז פונעמ טויער. אפּ דער גאס האָבנ אנדערע סאָלדאטנ שוינ אומגעהאוועט ארומ א גרעסערער מאכנע, אויסשטעלנדיק אפּנ ברוק צו זעקס מענטשנ אינ א רײ. מע האָט ניט געזשאלעוועט קיינ סטוסאקעס, מאָ= מער האָט זיכ עמעצער ניט אזוי פלינק געשטעלט אפּ זײַנ אָרט. איכ בינ שוינ איצט געשטאנענ צווישנ אומבאקאנטע מענטשנ, וואָס ערגעצ האָב איכ זיי פריער געזענ, אונ גאנצ אָפּט אפילע, נאָר דערמאָנענ זיכ, ווער זיי זײַנענ, האָב איכ ניט געקאָנט. „מארש!“ — האָט זיכ דערהערט א קאָמאנדע, אונ מיר האָבנ אוועקגעשפּאנט, ארומ= גערינגלטע פונ א קייט זעלנער מיט ביקסנ, אָנגעשטעלטע צומ שיסנ, פונקט ווי אָט די מאכנע אומבאהאָלפענע ווײַבער, זקײנימ אונ קימאט קינדער וואָלטנ זיי געדראָעט מיט א געפערלעכנ אָנפאל.

געגאַנגען זײַנען מיר אין דער ריכטונג פֿונעם „יעווריייסקי באַזאַר“. — אוי, שלעכט! — האָט אַ זיפֿץ געטאָן אַ ייִד מיט אַ גרויער באָרד, וואָס האָט געשפּאַנט אַקסל צו אַקסל מיט מיר — מע פֿירט אונדז אויף לוקיאַנאָווקע...

און ווײַסן דאַרפֿט איר, אַז דאָס וואָרט „לוקיאַנאָווקע“ האָט בײַ אונדז אָן שווידער קיינער ניט געקאָנט אַרויסברענגען. דאָרטן, אויף לוקיאַנאָווקע, איז דער ייִדישער בית־עולם, און וואָס סע טוט זיך אויף אַפֿן ייִדישן בית־עולם, האָט מען שוין גוט געוווּסט.

אַ גורל איז בײַ מיר דורכגעלאָפֿן איבערן גאַנצן לײַב. שוין זשע איז דאָס שוין דער סוף? די פֿיס זײַנען געוואָרן ווי צוויי שווערע קלעצער, וואָס רירן זיך פֿון אָרט איז געוואָרן אומעגלעך. נאָר איך בין פֿונדעסטוועגן געגאַנגען. „האַלט“! — האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע, ווען מיר זײַנען צוגעגאַנגען צו טאַראַסאָווסקע. קיינער האָט ניט געוווּסט, צוליב וואָס מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט, נאָר אַלע האָבן גענומען קוקן לינקס צו דער נײַ־קאַראַוויייעווער גאַס. פֿונדאָרטן האָט זיך גערוקט צו אונדז נאָך אַ מאַכנע מענטשן, אויך אַרומגערינגלט פֿון זעלנער מיט אָנגעשטעלטע ביקסן. אָט זײַנען זיי שוין צוגעקומען צו אונדז, און ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן אַרבעט פֿון צונויפֿגיסן אונדז און אויסשטעלן אין איין קאָלאָנע. באַזונדערס האָט זיך דערמיט שטאַרק מיסאַסעק געווען איינער נאָך גאָר אַ יונגיטשקער אָפֿיצער, וואָס אים איז אַלץ ניט געפֿעלן געווען די אָדער יענע צעשטעלונג, און ער האָט אַלעמאָל באַפֿוילן מיט אַ קווויטשיקער שטים, דער זאָל אַריבערגיין אין יענער רײַ, און דער — אין אַן אַנדערער, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען אויסערסט וויכטיק ניט נאָר פֿאַר אים, נאָר פֿאַרן גורל פֿון דער גאַנצער וועלט. נאָר אָט איז שוין די דאָזיקע קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע אויך פֿאַרענדיקט. „מאַרש“ — האָט זיך ווידער דערהערט אַ קאָמאַנדע. און טייקעף נאָך איר איז געקומען אַ צווייטע: „רעכטס!“. מיר פֿאַרקערעווען, ווײַזט זיך אַרויס, אויף טאַראַסאָווסקע.

— אוי, אולײַ יעראַכיים! — האָט אַ קרעכץ געטאָן דער ייִד מיט דער גרויער באָרד, ווי ער זאָל זאָגן עפּעס אַ טפֿילע, — עפּשער טרײַבט מען אונדז טאַקע ניט אויף לוקיאַנאָווקע.

און די פֿיס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן לײַכטער, ווי מ'זאָל פֿון זיי אָפּבינדן די שווערע לאַסט, וואָס האָט זיי געהאַלטן צוגעקאָוועט צו די שטיינער פֿונעם ברוק. אַרויף־באַרג אויף טאַראַסאָווסקע איז דעם קווויטשיקן געסטאַפּאָוועץ אײַנגעפֿאַלן אין קאָפּ, אַז מ'דאַרף לויפֿן, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע סעדרע פֿון סטוסאַקעס, פֿון „דאָנער־וועטער!“ און „פֿאַרפֿלוכטער יודע“, ווײַל ווער פֿון דער מאַכנע איז אימשטאַנד געווען צו לויפֿן, אַז מ'האָט קוים די פֿיס געשלעפּט? אַרויפֿגעדראַפּעט זיך מיט מאַטערניש ביז ראָג סאַקסאַגאַנסקע, און ווידער: „האַלט“! פֿאַרשטייען מיר שוין, אַז מ'וואַרט נאָך אויף אַ נײַער פּאַרטיע, נאָר אין וואָסער אַ זײַט צו קוקן ווייסן מיר שוין ניט. דער אַלטער מיט דער ווײַסער באָרד האַלט אין איין מורמלען, ווי עפּעס אַ שי־ געון וואָלט אים אַרומגעכאַפּט:

— רעכטס צי לינקס? רעכטס צי לינקס?

דער דאָזיקער געדאַנק — „רעכטס צי לינקס“ — האָט, ווײַזט אויס, אַרומגעכאַפּט אַלעמען אָן אויסנאַם, דאָס איז געווען צו זען אין די פֿיבערדיק ברענענדיקע אויגן, וואָס זײַנען אומגעלאָפֿן אין דער און אין יענער זײַט, צו רויטאַרמייער־גאַס און צום „יעווריייסקי באַזאַר“, „לינקס“ האָט באַטײַט טויט. פּלוצים האָט זיך פֿון אַלע ברוסטן אַרויסגעריסן אַ זיפֿץ פֿון פֿאַרלײַכטערונג. פֿון לינקס, פֿון פֿאַנקאָווער גאַס, איז אַרויס נאָך אַ מאַכנע מענטשן און זיך געלאָזט רעכטס, צו אונדז. הייסט עס, ניט לוקיאַנאָווקע, הייסט עס, ניט טויט! און ווירקלעך, מע האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „מאַרש! רעכטס!“ אויפֿגעמונטערטע, קימאַט פֿריילעכע, האָבן מיר אָוועקגעשפּאַנט צו רויטאַרמייער־גאַס, וווּ ס'איז צו אונדז צוגעשטאַנען נאָך אַ מאַכנע ייִדן. וויפֿל זײַנען מיר שוין איצט געווען? הונדערטער, טויזנטער? שווער צו זאָגן. פֿאָרויס, פֿאַר מיר, האָבן זיך קימאַט אויף אַ קוואַרטאַל געצויגן רייען, און פֿון הינטן, אַז איך האָב זיך אומגעקוקט, האָב איך קיין סוף צו זיי ניט געזען.

— מע פֿירט אונדז אפּ פּאַראָל, — האָט ארויסגעזאָגט א האַשאָרע דער ייִד מיט דער באָרד, — דאָס פאַרנעמט מענ אונדז שוינ אינ דער געטאָ. נאָר לעמ דער בעסאַראַבקע, וואָס דאָס אָרט אירס איז אפּילע שווער געווענ צו דערקענענ, ווײַל אָנשטאָט דער פּרעכטיקער געבײַדע פֿונעמ פאַרמאַכטנ מאַרק האָבנ זיכ געוואַלגערט בלויז הויפֿנס ציגל אונ שטיינער, האָט זיכ ווידער דערהערט א באַפעל „רעכטס!“ אונ מיר זײַנענ אוועק אינ דער ריכטונג פֿונ פּעטשערסק. וווהינ זשע פֿירט מענ אונדז פּאָרט? אינ די פאַרפֿלאָנטערטע געסלעכ פֿונ פּעטשערסק האָט מענ אונדז אַלעמאָל געדרייט רעכטס, לינקס, רעכטס, לינקס, אונ יעדעס מאָל, כאָטש וואָרט „לינקס“ האָט א צאַפּל געטאָנ דאָס האַרצ. איכ האָב שוינ אינגאַנצנ ניט געזעענ, וואָס ארום מיר טוט זיכ, אינ קאָפּ האָט געדרוישט, אינ די אויגנ איז געווענ א נעפּל, אונ אָפּטמאָל איז מיר אויסגעקומענ אָנכאַפּנ זיכ אינ עמעצנס א האַנט, איכ זאָל ניט אומפֿאַלנ. איכ האָב דאַפּקע געשפּאַנט באַגלײַכ מיט אַלעמענ, נאָר געווענ בינ איכ אַפּאָנעמ אינגאַנצנ א פאַרכאַלעשטע, ווײַל איכ האָב ניט געזעענ גאָרניט אונ געדענק גאָרניט. אופֿגעוועקט האָט מיכ פֿונ אָט דעמ הינערפּלעט דער אויסגעשריי פֿונעמ אַלטנ:

— גוואַלד! מיר גייענ אפּ לוקיאַנאָווקע!

איכ האָב אַזויווי פֿונ שלאָפּ דערזעענ, אז מיר שנײַדנ איבער דעמ קרעשטשאַטיק אונ גייענ ארופּ אפֿנ קאַלינינ-פּלאַצ. יאָ, דאָס איז דער וועג אפּ לוקיאַנאָווקע. נאָר עפּעס א מאָדנע גלײַכגילט האָט אײַנגעהילט דאָס גאַנצע וועזנ מײַנס. איכ געדענק, ווי ס׳האָט פֿיל דורכגעפֿויזט אינ מויעכ א נאַרישער געדאַנק: „דאָרטנ וועט מענ קאָנענ ליגנ. מ׳וועט ניט דאַרפֿנ גייג...“ אונ ווידער א צושטאַנד פֿונ פֿולשטענדיקנ הינערפּלעט. עפּוואָס צו די געדאַנקענ בינ איכ געקומענ שוינ אפֿנ בייסוילעמ, ווענ ס׳האָט זיכ ארום מיר צעטראָגנ א גוואַלדיקע יעלאָלע פֿונ ווײַבערישע אונ מענערשע שטימענ. א געוויינ אונ א קווײַטשערײַ. ס׳האָט זיכ מיר אויסגעוויזנ, אז ניט קיינ מענטשנ, נאָר די וועלט ארום מיר יאָמערט, אז דאָס שרײַט דער הימל, די ערד, די ביימער, די געדיכטע גראָזנ, די מאַציייוועס. דער גאַנצער גופּ מײַנער האָט זיכ צעצאַפּלט מיט א דריבנעמ ציטער אונ איכ האָב געהערט, ווי די ציינער קלאַפּנ מיר אינ מויל. אונ מער געדענק איכ שוינ גאָרניט. איכ בינ אַפּאָנעמ גלײַכ מאַקע אומגעפֿאַלנ א געכאַלעשטע אונ אַזוי געבליבנ ליגנ.

וויפֿל ס׳האָט געדויערט דער האַזיקער צושטאַנד מײַנער, געדענק איכ ניט. אופֿגעכאַפּט האָב איכ זיכ פֿונ מײַנ אייגענעמ געשריי, ריכטיקער געזאָגט, פֿונ מײַנ קרעכצ. איכ האָב מיט קיינ אייווער ניט געקאָנט רירנ, ווײַל איכ בינ געווענ פאַרוואַלגערט מיט עפּעס, וואָס כ׳האָב לעכאַטכילע ניט פאַרשטאַנענ, פֿונ וואָס עס באַשטייט. ווו בינ איכ? וואָס טוט זיכ עס מיט מיר? איכ האָב גענומענ אָנשטרענגענ דעמ זיקאָרנ, אונ א קעלט איז דורכגעלאָפֿנ איבער מײַנ לײַב. די דרײַ זעלנער אינ שטוב, דער קווײַטשיקער געסטאַפּאָווצ, לוקיאַנאָווקע, דער בייסוילעמ... האָט מענ מיכ, הייסט עס, דערשאָסנ? איכ לעב דאָכ אָבער. איכ פֿיל די אומגעהייערע לאַסט, וואָס דריקט מיר אפֿנ רוקנ, אפּ די הענט, אפּ די פֿיס, איכ פֿיל א גוואַלדיקנ ווייטעק אינ אַלע מײַנע גלידער. אונ פּלוצעמ האָב איכ פאַרשטאַנענ: דאָס ליגנ אפּ מיר אָנגעוואַלגערט טויטע קערפּערס פֿונ דערשאָסענע מענטשנ. איכ בינ ניט דערהאַרגעט אונ אפּילע עפּשער ניט פאַרוואונדעט, ווײַל איכ בינ אומגעפֿאַלנ פֿריער אונ אפּ מיר זײַנענ געפֿאַלנ טויטע מענטשנ. איכ ליג אונטער א באַרג מייסימ. וויפֿל צײַט ליג איכ שוינ אַזוי? מיסטאָמע זייער לאַנג, ווײַל ס׳איז שוינ, ווײַזט אויס, טיפֿע נאַכט אונ ארום מיר איז — שטאָקפֿינצטער. וויפֿל איכ שטרענג זיכ ניט אָנ, קאָנ איכ אפּילע ניט פֿאַנאַנדערקלײַבנ די קאָנטורנ פֿונ די קערפּערס, וואָס ארום מיר. אופֿהייבנ זיכ, אַנטלויפֿנ פֿונדאַנענ! נאָר וויאַזוי טוט מענ עס, אז איכ קאָנ מיט קיינ פֿינגער ניט רירנ, א רופּ טאָנ, טאָמער איז נאָכ דאָ עמעצער א לעבעדיקער ניט ווײַט פֿונ מיר? נאָר ערשטנס, האָב איכ לאַכלומנ קיינ קאָל ניט אונ, צווייטנס, האָב איכ מוירע — עפּשער דרייענ זיי זיכ נאָכ דאָ ארומ, די מערדערס. כ׳ווייס ניט, וויאַזוי עס האָט זיכ מיר אײַנגעגעבנ צו באַפרײַענ

לעכאמטבילע די פינגער פונ איין האנט, אונ דערנאָכ די גאנצע האנט. אָט קאָנ איכ שוינ עטוואָס באַוועגנ דעמ רעכטנ אקסל אונ — אוי, כאַרא גליק! — ס'האָט זיכ מיר אײַנגעגעבנ א ריר טאָנ מיט א פוס, צונויפבויגנ א קני. לאנג, זייער לאנג האָב איכ זיכ געבאָברעט אונ געמאַטערט, ביז ס'איז מיר געלונגענ ארויסדראַפּענ זיכ פונ אונטער דעמ שרעקלעכנ אָנשיט, וואָס איז געלעגנ אפ מיר. פונ צווישנ דער געדיכטעניש פונ די ביימער האָט זיכ גענומענ דורכשלאָגנ א בלאסע שײַנ פונ דער אופגייענדיקער לעוואָנע. א שווידערלעכ בילד האָט זיכ געשפּרייט פאר מײַנע אויגנ. פונ פאָרנט, פונ די זײַטנ, פונ הינטנ—אומעטומ מענטשלעכע קערפּערס, הויפנווײַז, אינ סאמע מעשונעדיקע אונ פאנטאסטישע פּאָזעס — איבערגעפלאָכטענע פיס אונ קעפּ, הענט, אײַנגעקלאמערטע אינעמ שאָכנס אקסל, הענט אונ פיס, צעשפּרייטע ווי צומ שווימענ. איכ פיל, ווי די האָר הייבנ זיכ אָנ צו באַוועגנ בא מיר אפנ קאָפּ. ניינ,איכל עס ניט אויסהאלטנ. איכ הייב אָנ פאמעלעכ פויזענ, רוקנ זיכ אפ אלע פיר פונ דעמ אָרט, וווּ איכ בינ געלעגנ. ס'איז ניט אזא גרינגע זאכ — מ'דארפ איבערקריכנ איבער קערפּערס, איבער גאנצע קופּעס מענטשנ, אונ די הענט מײַנע מיט די פיס זינקענ אלעמאָל אינ א געדיכטער קלעפּיקער פליסיקײַט, וואָס דער באטײַט אירער איז מיר קלאָר — ס'איז בלוט, דאָס פארבאקטע בלוט פונ די ווײַבער, זקיינימ אונ קינדער, מיט וועלכע איכ האָב צוזאמענ געשפּאנט אהער אפ לוקיאנאָווקע. ס'האָט געדויערט אווארע א גאנצע שאָ, ביז איכ בינ אריבערגעקראָכנ איבערנ לעצטנ קערפּער — דאָס איז געווענ א פרוי, וואָס איז געלעגנ מיטנ פּאָנעמ ארופ אונ מיט צעוואָרפענע הענט. די לעוואָנע איז שוינ געשטאנענ הויכ אונ ס'איז געווענ ליכטיק, נאָר א קוק טאָנ דער פרוי אינ פּאָנעמ האָט בא מיר קיינ מוט ניט געקלעקט. בא דער שײַנ פונ דער לעוואָנע האָב איכ באמערקט, אז דאָס גאנצע העלע קליידל מײַנס איז אײַנגעטונקט אינ בלוט. אויב ס'וועט מיר געלינגענ אוועקגיינ פונדאנענ, וועט דאָס בלוט זײַנ א מאָסער אפ שריט אונ טריט. איכ האָב זיכ אָנגענומענ מיט הארצ, האָב צוגעפּויזעט צוריק צו דער טויטער פרוי מיט די צעשפּרייטע הענט אונ פיבערדיק זי גענומענ אויסטאָנ. איכ האָב עס געטאָנ אזוי געשווינד, פונקט ווי איכ וואָלט דאָס גאנצע לעבנ מײַנס נאָר געהאט צו טאָנ מיט אָנטאָנ אונ אויסטאָנ מייסימ. נאָר אינ פּאָנעמ א קוק טאָנ איר האָב איכ ניט געוואגט. מײַנע קליידער האָב איכ ניט אויסגעטאָנ, נאָר מאמעש אראָפּגעפליקט פונ זיכ, כמארענדיק זיכ ניט אָנרירנ יענע ערטער, וואָס זײַנענ געווענ אײַנגעטונקט אינ בלוט. אופשטעלנ זיכ אפ די פיס האָב איכ נאָכ אלצ מוירע געהאט, האָב איכ אוועקגעפּויזעט ווײַטער. וווּהינ, אינ וואָסער ריכטונג? כ'האָב ניט געוווּסט, צי דערווײַטער איכ זיכ, צי איכ דערנענטער זיכ צו מײַנע סאָנימ. נאָר דער באגער וואָס גיכער אוועק פונ אָט דעמ גרויזאמענ, פארשאָלטענעמ אָרט איז געווענ אזוי שטארק, אז איכ האָב פונ גאָרניט ניט געוואָלט טראכטנ. אָט האָב איכ צוגעפּויזעט צו עפּעס א ריוו. דאָ ענדיקט זיכ אפּאָנעמ דער בייסוילעמ. הייסט עס, אז איכ רוק זיכ ניט צו דער שטאָט, נאָר ארויס פונ דער שטאָט, ווײַל צו דער שטאָט צו — דאָס האָב איכ גוט געוווּסט — איז דער בייסוילעמ ארומגעצוימט מיט א געמויערטער וואנט. ס'איז מיר עטוואָס גרינגער געוואָרנ אפנ הארצנ. כאָטש ווער קאָנ מיר קאווירנ, אז אויסער דער שטאָט וועל איכ זיכ אויכ ניט אָנשטויסנ אפ זיי? כ'קאָנ גראדע אָנטרעפנ אפ א לאגער אָדער אפ א מיליטערישנ פונקט זייערנ. אָבער קיינ אויסוואל איז ניט געווענ, אונ איכ האָב אָנגעהויבנ פאָרזיכטיק איבערקריכנ איבערנ ריוו — אפנ דעק פונעמ ריוו עטוואָס אינ א זײַט, האָט פונ צווישנ געדיכטנ גראָז א בלישטשע געטאָנ אינ דער לעוואָנע־שײַנ א קליינ קאלוזשקעלע. האָב איכ זיכ דערמאָנט. די הענט אונ, זיכער, דאָס פּאָנעמ אויכ זײַנענ בא מיר אויסגעשמירט מיט בלוט. דארפ מענ זיכ ארומוואשנ. איכ האָב צוגעפּויזעט צומ קאלוזשקעלע אונ מיר דוכט זיכ, אז כ'האָב נאָכ קיינמאָל זיכ ניט געוואשנ מיט אזא פלייס, ווי אינ אָט דעמ קליינינקנ, שמוציקנ ביסעלע וואסער. אָפּווישנ פונ זיכ אָט די שרעקלעכע פלעקנ! איכ איינע בינ געבליבנ לעבנ פונ אָט די הונדערטער אונ עפּשער טויזנטער מענטשנ, אונ ס'איז בא מיר געווענ אזא געפיל, אז זייער אומשולדיק בלוט פאלט אויכ אפ מיר. פונ יענער

זינט ריוו האָט זיכ געשפּרייט אינ אומענדלעכ פעלד, אָנ קיינ איינציק ביימעלע ארומ. פויזעס דאָ האָט מער קיינ זינ ניט געהאַט, אַנעוו בינ איכ שוינ מיד געווענ פונעמ קריכנ אַפ אַלע פיר. האָב איכ זיכ אופגעשטעלט אַפ די פיס אונ זיכ געלאָזט גיינ. וווהינ איכ גיי, האָב איכ ניט געוווּסט. מעגלעכ, אַז גראָד איצטער שפּאַנ איכ פּונקט אַנטקעגנ טויט, נאָכ דעמ, ווי איכ האָב אימ אויסגעמיטנ דאָרטנ. פּלוצעמ בינ איכ געבליבנ שטיינ א פאַרגליווערטע. וואָס רוקט זיכ מיר אַנטקעגנ? עפּעס א ווייס, ווי אינ טאַכריכימ אָנגעטאָנ. ניט קיינ מענטש אונ, דאַכט זיכ, ניט קיינ בהמע אויכ. אונ גלייבט מיר יאָ, גלייבט מיר ניט, נאָר ערשט דאָ האָב איכ דערפילט, וואָס הייסט עמעסע שרעק. יענע אַנגסטנ, וואָס איכ האָב איבערגעלעבט, ליגנדיק אונטער בארג מייסימ, ווענ איכ האָב ניט געוווּסט, צי וועל איכ זיכ אַרויסדראַפּענ, צי וועל איכ מאַקע אַזוי אויסגייג אינ פּיינ, זיינענ געווענ מאַמעש א קינדער=שפּיל אַנטקעגנ אָט דעמ שוידער, וואָס האָט מיכ איצט אַרומגעכאַפּט. איכ האָב זיכ דערמאָנט אינ די אַלטע מייסעס וועגנ געשאָמעס פונ געשטאָרבענע, וואָס בלאָנקענ אומ באַנאַכט איבער די בעסאַלמענס אונ זוכנ זייער רו. אונ אָט דער אויסגעטראַכטער מעס האָט אָנגעוואָרפנ אַפ מיר טויזנט מאָל מער פּאַכעד, ווי די עמעסע, מאַמאָשעסדיקע מייסימ, וואָס פונ זייער לאַסט האָבנ מיר נאָכ איצטער געבראָכנ אַלע ביינער, אַלע גלידער. איכ האָב א פאַל געטאָנ צו דער ערד אונ צומ ערשטנ מאָל זיכ צעוויינט, ציטערנדיק מיט אַלע אייוורימ. איכ האָב זיכ געוואָלט אָנטאָנ קויעכ אונ אָפּרייסנ דעמ בליק פונעמ ווייסנ געשפּענסט, נאָר כ'האָב ניט געקאָנט. אונ דאָס ווייסע, דאָס שרעקלעכע, דאָס אומפאַרמיידלעכע רוקט זיכ אַלץ נעענטער אונ נעענטער. איכ בינ ווידעראַמאָל געפאַלנ באַלאָשעס.

אופגעכאַפּט האָב איכ זיכ פונ עפּעס א פּיינטס אונ וואַרעמס, וואָס האָט זיכ באַוועגט איבער מיינ פּאָנעמ. איכ האָב אופגעעפנט די אויגנ אונ דערזענ... א ציג, א פּאַשעטע ווייסע ציג, וועלכע איז געשטאַנענ לעבנ מיר אונ האָט מיר געלעקט די באַק, ווי זי זאָל מיכ צערטלענ אָדער וועלנ טרייסטנ. כאַרא מעשוגענע פרייד ס'האָט זיכ מיטאַמאָל צעשפּילט באַ מיר אינ האַרצנ! איכ האָב אַרומגעכאַפּט די ציג פאַרנ האַלדז אונ זי גענומענ קושנ, ווי מע קושט א טייערנ, נאָענטנ פריינט, וואָס איז דיר ליב, ווי די אייגענע נעשאָמע. איאָ, מירנ שוינ שטענדיק זיינ אינייגעמ אונ קיינמאָל זיכ ניט צעשיידנ, ציגעלע מיינס? אונ שטעלט זיכ פאָר, אַז די ציג האָט זיכ ניט געוועהרט. ס'האָט זיכ מיר, פאַרקערט, געדוכט, אַז זי טוליעט זיכ אויכ צו מיר, ווי זי זאָל וועלנ דערמיט אויסדריקנ, אַז יאָ, זי איז מאַסקימ. אויב אַזוי, איז קומ! איכ בינ פלינק אופגעשפּרונגענ אונ גענומענ האַפּעדיק שפּאַנענ פאָרויס. אונ די ציג — אַכ, כאַרא גליק! — זי גייט מיר נאָכ פוס=טריט, שטייט ניט אָפּ פונ מיר. איז מיר איינגעפאַלנ א געדאַנק, אַז מע דאַרפ לאָזנ די ציג גיינ פאָרויס. עפּשער וועט זי, מיינ נייער פריינט, מיכ ברענגענ ערגעצ צו א יישעוו? אונ איכ האָב אַזוי מאַקע געטאָנ. די ציג האָט זיכ אַלעמאָל אומגעקוקט, צי בינ איכ דאָ, צי בינ איכ ניט פאַרשוווּנדנ ערגעצ. אונ אַלע ווײַלע האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט א הריזע טאָנ א ביסל גראָז, וואָס איז דאָ געוואַקסנ זייער שיטער. פלעג איכ זיכ דאַנ אויכ אָפּשטעלנ אונ געדולדיק וואַרטנ, ביז זי וועט ענדיקנ איר וויכטיקע אַרבעט. אונ אַזוי גייענדיק, האָב איכ ניט באַמערקט, ווי ס'איז געוואָרנ טאָג. דער פאַרטאָגיקער טוי האָט זיכ צאַרט געלייגט אַפ מיינע האָר, אַפ די הענט, געוואַשנ מיר די פיס, אונ איכ האָב זיכ דערפילט אַזוי ווי אָפּגעפרישט. דער טוי איז מיר אויכ א פריינט, ער וויל אַפּאָנעמ אָפּשווענקענ אַלע מיינע נעכטיקע צאָרעס אונ ליידנ. אונ די אופגייענדיקע זונ — אַכ, כאַרא ביעסדיקע וואַרעמקייט זי צעשפּרייט! נאָר וואָס איז עס? דאַכט זיכ, עמעצער שטייט דאָרט ניט ווייט אַפנ קליינעמ בערגעלע זאַמד? ניינ, ער שטייט ניט, ער גייט גלייכ צו מיר. „האַלט!“ — האָט זיכ דערטראָגנ צו מיר א בייזער, הייזעריקלעכער אויסרופ. אונ איכ בינ ווידער, אינ איינ אויגנבליק, פאַרזונקענ אינ אַלע מיינע נעכטיקע איבערלעבונגענ, שרעקנ אונ פּאַסירונגענ. איכ בינ געבליבנ שטיינ, אונ איינצי=

שטיק מיט מיר האָט זיכ אָפּגעשטעלט אויכ די ציג. שוינ גאנצ נאָענט פונ אונדז ביידנ איז געשטאנענ א דײַטשישער זעלנער אינ א קאסקע, מיט דער גאנצער אמוניציע זײַנער אונ מיט אנ אָנגעצילטער ביקס.

— וואָהינ? — האָט ער שטרענג א פרעג געטאָנ, קוקנדיק אָט אפ מיר אונ אָט אפ דער ציג. וואָס זאָל איכ אימ ענטפערנ? די ציג האָט זיכ צוגערוקט צו מיר, אונ דאָס האָט בא מיר ארויסגערופנ א בליצ-שנעלנ געדאנק.

— ווישלא, פאנאָטשקו, קאָזאָטשקו פּאָפּאַסטי... — האָב איכ אימ האַלבנאָעדיק א זאָג געטאָנ אפ אוקראַיניש. דאָס הייסט: „איכ בינ, פאניע טײַערער, ארויסגעגאנגענ די ציג אָנפּאַשענ".

— דאָנער-וועטער! — האָט ער זיכ צעברומט, — איכ פערשטעהע ניכט!

האָב איכ אימ מיט באַוועגונגענ אונ מיט מימיק געגעבנ צו פארשטיינ, אז איכ טרײַב די ציג אפ דער פּאַשע. נאָר ער האָט שוינ אפילע ניט געקוקט אפ מיר. די גאנצע אופמערקזאמקײַט זײַנע איז געווענ פארנומענ מיטנ פולנ אײַטער פונ דער ציג. דאָס גאנצע נארישע פּאָנעמ זײַנס האָט זיכ צעשײַנט, ער האָט אפּגיכ אָפּגעשפּיליעט דאָס קעסעלע פונעמ רימענ, מיט א ווונק פונעמ קאָפּ מיר געהייסנ צוהאלטנ די ציג אונ גענומענ זי געשווינד אונ פלינק מעלקנ. די ציג איז געשטאנענ געהאָרכזאמ אונ געקוקט אפ מיר. אונ ס'האָט זיכ מיר געדוכט, אז איכ לייענ אינ איר בליק א פאָרוואורפ: „פארוואָס האָסטו עס פריער אליינ ניט געטאָנ? וואָלסט האָב געקאָנט אי אָנעסנ, אי אָנטרינקענ זיכ!" אינ דער רעגע האָב איכ זיכ ערשט דערמאָנט, אז איכ האָב דאָכ שוינ העכער א מעסלעס נאָרגיט ניט געהאַט אינ מײַנ מויל. עס איז מיר אזש ניט גוט געוואָרנ, ווענ איכ האָב דערזענ, ווי דער דײַטשישער סאָלדאט האָט ארויסגעשלעפּט פונ דער קעשענע א שטיק ברויט אונ גענומענ טונקענ עס אינעמ קעסעלע מיט מילכ. געגעסנ האָט ער זשעדנע, ווי א הונגעריקע כײַע, אונ איז געווענ אזוי באַשעפטיקט מיט דער אכילע, אז איכ האָב באַשלאָסנ אויסנוצנ זיכ דערמיט אונ אָפּטראָגנ זיכ פונ אימ וואָס ווײַטער. ס'א גליק, וואָס איכ האָב אָנגעטראָפנ גראָד אפ אזא נארישעוואטנ דײַטש. אנ אנדערער וואָלט לויט מײַנ שמאָטישנ אָנטאָנ זיכ אָנגעשטויסנ, אז די מײַסע מיט דער ציג איז אנ אָנשטעל. איכ בינ געגאנגענ אזוי גיכ, ווי ווײַט איכ האָב נאָר געקאָנט, קימאט געלאָפנ, אונ די ציג — באגאנד מיט מיר, ווי זי וואָלט פארשטאנענ, אז מיר דארפנ זיכ פונ עפּעס ראטעווענ.

פאקטיש אָבער האָב איכ ניט געפירט די ציג, נאָר זי האָט מיכ געפירט. וואָרעמ נאָכנ צווייטנ בערגל, וואָס מיר האָבנ באגעגנט, האָט זי פארקערעוועט רעכטס, אונ מיר זײַנענ געגאנגענ שוינ מיט עפּעס א שטעגל, וואָס האָט אונדז לעסאָפּ געבראכט צו א דאָרפישנ שליאכ. איצט האָב איכ זיכ שוינ געקאָנט עטוואָס אָריענטירנ לויט דער זונ אונ האָב געוווּסט, אז מיר דערווײַטערנ זיכ אלצ פונ דער שטאָט, אפּאָנעמ אינ דער ריכטונג צומ דניעפּער. אונ ווירקלעכ, ס'האָט לאנג ניט געדויערט, ווי ס'האָט פונדערווײַטנס א בלישטשע געטאָנ די בלויע אויבערפלאכ פונעמ פרעכטיקנ טײַכ. גיינ מיטנ שליאכ האָב איכ פונדעסטוועגנ מוירע געהאט, כ'האָב זיכ נאָר געכטאדעט ניט פארלירנ אימ פונ אויג, ווײַל אומבלאָנקענ אָנ א וועג האָט אויכ קיינ זינ ניט געהאט.

די זונ איז שוינ געשטאנענ נאָר הויכ, ווענ ניט ווײַט פונעמ דערבײַיקנ וועלדל האָט זיכ באַוויזנ עפּעס א פארשוינ מיט א לאנגנ שטעקנ אינ דער האנט. מיר האָבנ ביידע אײַנצײַטיק באַמערקט איינער דעמ צווייטנ אונ איכ האָב געזענ, ווי ער האָט געמאכט אנ אינסטינקטיווע באַוועגונג אפּ צוריק. איכ — אויכ דאָס זעלבע. מיר האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט איינער פאר אנדערנ דערשראָקנ. איכ האָב זיכ אָבער גלײַכ באַדענקט: ווײַבאלד ער האָט מוירע פאר מיר, האָב איכ זיכ שוינ פאר אימ ניט וואָס צו שרעקנ — ס'איז ניט קיינ סוינע. האָב איכ זיכ געלאָזט גיינ גלײַכ צו אימ. אונ ער, דערזעענדיק אנ אומבאַוואָפנטע פרוי מיט א ציג, האָט, ווײַזט אויס, אויכ באַשלאָסנ, אז אנטלויפנ פונ מיר איז ניט קעדײַ. ער איז געשטאנענ אונ געקוקט אפ מיר, א הויכער, א הארער, מיט צוויי לאנגע גרויע וואָנצעס אונ מיט א הויכנ פעלצענעמ

יאַלעמ אפּנ קאָפּ. פּונקט, ווי מ׳וואָלט אימ פֿונ שעוושענקאָס אָדער פֿונ גאָגאָלס עפּעס א בוכ גאָרוואָס ארויסגעכאַפּט.

— זווידקיליא? — האָט ער מיכ א פֿרעג געטאָנ.

— פֿונ קיִעוו, — האָב איכ אימ געענטפֿערט.

— הא.. א צע שטשאָ? — האָט ער א וויז געטאָנ אפֿ דער ציג.

— א פֿריבלודנע.

— אהא... א קודי אידעש?

האָב איכ אימ אינ קורצע ווערטער דערציילט מיינ געשיכטע.

— אזוי, אזוי... — האָט ער געשאָקלט מיטנ קאָפּ בא יעדער וואָרט מיינעמ אונ דערוויילנ זיכ גענומענ פֿאָרענ אינ דער טאָרבע, וואָס איז געהאנגענ בא אימ אפֿ דער זייט, ווי בא א פּאסטעכ.

— עס, — האָט ער מיר דערלאנגט א שטיק אלטגעבאקנ שווארצ ברויט. איכ האָב זשעדנע א כאפּ געטאָנ דאָס ברויט אונ קייענדיק דערציילט ווייטער. „וואָס טוט מענ?“ — האָב איכ פֿארענדיקט מיט א ייִעשדיקער פֿראגע.

— הא... — האָט ער זיכ גענומענ קראצנ אינ קאָפּ. — קומ, מירנ שוינ זענ. אקיש, אוועק פֿונדאנענ! — האָט ער זיכ פֿארמאָסטנ מיטנ שטעקנ אפֿ דער ציג.

— פֿארוואָס טרייבסטו זי אוועק? — האָב איכ זיכ פֿארכידעשט.

— מיט איר וועלנ מיר זיכ צופֿיל ווארפֿנ אינ די אויגנ, אונ קיינ איבעריקע אויגנ דארפֿנ מיר מיט דיר איצט ניט האָבנ.

ער איז געווענ געדעכט, דער אלטער, אונ איכ האָב אליינ אויכ גענומענ העלפֿנ אימ אָפּטרייבנ די ציג, וועלכע האָט ניט געהאט קיינ שומ כיישעק צו שיידנ זיכ מיט אונדז. ס׳האָט איר אָבער ניט געהאָלפֿנ, אונ אינ עטלעכע מינוט ארומ בינ איכ שוינ געגאנגענ מיטנ אלטנ דורכנ וועלדל אָנ מיינ קורצווייליקנ פֿריינט אונ באגלייטער. איכ דארפֿ זיכ מודע זיינ, אז איכ האָב אינ דער רעגע שטארק געבענקט נאָכ מיינ ליבער ציג — זי איז דאָכ געווענ מיינ רעטערנ.

דער אלטער האָט מיכ ארייגעפֿירט ניט אינ דאָרפֿ ארייג, נאָר אינ א האלב איינגעפֿאלענע קלוניע הינטערנ דאָרף.

— ווארט דאָ צו אפֿ מיר, — האָט ער א זאָג געטאָנ אונ איז אוועק.

איכ האָב זיכ ארייגעדוקט אינ א ווינקל אונ גענומענ ווארטנ. דער אלטער האָט, ווייזט אויס, געהאט צייט, ווייל ווארטנ איז מיר אויסגעקומענ זייער א כאב. מוויזנ־טערליי מאבשאָוועס זיינענ דורכגעגאנגענ אינ קאָפּ. „עפּשער איז עס א פֿארעטער, א גאזלענ, צי דער רועכ ווייסט וואָס? עפּשער האָט ער מיכ פֿארנארט אהער?“

נאָר אוועקגיינ האָב איכ זיכ ניט באשלאָסנ. וואוהינ וועל איכ גיינ? ס׳איז שוינ געווענ פֿארנאכט, ווענ ער האָט זיכ באוויזנ מיט דעמ זעלבנ שטעקנ אונ מיט א קלומעקל אינ דער האנט.

— נא, טו זיכ איבער, אינ דאָרפֿ דארפֿ מענ אויסזענ דאָרפֿיש. — אונ ער האָט ארויסגענומענ פֿונ קלומעקל אנ אלטנ דאָרפֿישנ סאראפֿאנ. נאָכ דעמ, ווי איכ האָב זיכ איבערגעטאָנ, איז ער ווידער ארייג אינ קלוניע.

— כאפּ איבער, — אונ ער האָט מיר דערלאנגט א קריגעלע געבריטע מילכ אונ א היפּש פֿלעצל, פּונקט אזא אלטגעבאקנס, ווי דאָס באטאָגיקע ברויט. אינ איינ אויגנבליק איז פֿונ דער מילכ אונ פֿונעמ פֿלעצל קיינ זייכער ניט געבליבנ.

— אז ס׳וועט פֿינצטער ווערנ, וועלנ מיר דיכ אריבערפֿעקלענ אפֿ יענער זייט דניעפּער. אזוי האָט באפֿוילנ דער פּאָרזיצער פֿונ ראט.

— פֿונ ראט? — האָב איכ זיכ פֿארכידעשט, — ס׳איז דענ בא אייכ ראטנמאכט?

— אווארע ראטנמאכט, ווי דענ אנדערש?

— נו, אונ די דייטשנ?

— א פּענירע אפֿ זיי, מירנ זיי בייוווי אויסראָטנ. זיי האָבנ בא אונדז אוועקגעזעצט א סטאראָסטע, איז ער שוינ, דאנקענ גאָט, איצט אפֿ דער עמעסער וועלט. זיי וועלנ בא אונדז אלע האָבנ אזא סאָפּ.

— עס זײַנענ בא אײַכ דאָ פּאַרטיזאַנער? — האָב איכ געשטעלט אַנ אומפּאַרזיכטיקע פראַגע.

— עהע, דו ביסט, ווײַזט אויס, זייער א נײַגעריקע. וועסט גיכ אַלט ווערנ...

— ניינ, ניינ, — האָב איכ זיכ גענומענ פאַרענטפערנ, — איכ האָב דערמיט גאָרנִיט געמיינט! — אונ איכ האָב זיכ צעווייינט. מײַנע טרערנ האָבנ אים, אפּאָנעם, איבערצײַגט.

— מ'דאַרפ ניט האָבנ קיינ לאַנגע צונג, — האָט ער מיר סאָפּקאָלסאָפּ א זאָג געטאָנ מיט א טאָנ פונ שאָלעמ. — איז וואַרט דאָ אויס, איכל קומענ נאָכ דיר... — אונ ער איז ווידער אַוועק. איכ האָב שוינ מוירע געהאַט פרעגנ בא אים אי דעמ נאָמענ פונעמ דאָרפ, אי זײַנ אייגענעמ נאָמענ. ביכלאַל, האָב איכ גוט פאַרגעדענקט זײַנ אָנזאָג וועגנ א לאַנגער צונג אונ האָב זיכ שוינ שפּעטער אויכ אָפּגעהאַלטנ פונ שטעלנ איבעריקע פראַגעס. דערמיט דערקלערט זיכ טאַקע, וואָס איכ קאָנ ניט אָנרופנ קימאַט קיינ איינ נאָמענ פונ די אַלע דערפער, פאַרבײַ וועלכע איכ בינ דורכגעגאַנגענ אונ אָפּטמאָל דורכגעבלאָנדזשעט, ווי קאָנטראַבאַנדע, אפּ א פורל.

כ'וועל ניט נעמענ באַשרײַבנ, ווי דער אַלטער טאַראַס (אַזוי האָב איכ אים אַלײנ א נאָמענ געגעבנ) האָט מיכ באַנאַכט דורכגעפירט מיט עפּעס פאַרבאָרגענע שטעגעלעכ צומ דניעפּער, געהייסנ זיכ אַוועקלייגנ אויפנ דעק פונ א קליינ שיפעלע, איבערגעדעקט מיכ מיט א רעדנע אונ אַוועקגעפירט ערגעצ מיטנ טײַכ. איכ בינ געווענ גוואַלדיק מיד אונ, אײַנגעוויגט דורכ די דניעפּערישע כוואַליעס, בינ איכ אײַנגעשלאָפנ, ליגנדיק אַזוי, ווי א זאַק, אויפנ דעק פונעמ שיפל. אויפגעכאַפּט האָב איכ זיכ פונעמ אַלטנס שטימ:

— קריכ אַרויס!

זײַנענ מיר שוינ, הייסט עס, פונ יענער זײַט טײַכ? פרייענ זיכ האָב איכ, אייגנטלעכ, נאָכ ניט געהאַט מיט וואָס, נאָר ס'איז מיר עפּעס גרינגער געוואָרנ אפּ דער נעשאָמע.

— וואַרט דאָ אפּ מיר — האָט מיר ווידעראַמאָל לאַקאָניש פאָרגעלייגט מײַנ טאַראַס מיט די לאַנגע וואָנצעס. דאָס מאָל האָב איכ געוואַרט שוינ ניט לאַנג. אינ עטלעכע מינוט אַרומ איז מײַנ באַשיצער געקומענ צוריק מיט עפּעס א פרוי פונ מיטעלע יאָרנ אונ מיר געמאָלדנ:

— זי וועט דיר ווײַזנ דעמ וועג.

צוויי פרויענ, אַז זיי גייענ אינײינעמ, קאָנענ זיי ניט שווײַגנ, נאָר איכ האָב באַשלאָסנ וואַרטנ, ביז זי וועט אָנהייבנ ריידנ די ערשטע.

— פונ קיִעוו? — האָט זי מיכ טאַקע טייקעפּ געפרעגט אונ, ניט וואַרטנדיק אפּ מײַנ ענטפער, פאָרגעזעצט: — איכ האָב דאָרטנ צוויי זינ, בײדע אפּנ פראָנט... גאָט ווייסט, צי זיי לעבנ נאָכ, צי ס'איז מיט זיי, באַהיט גאָט, עפּעס געשענ. אונ א טאָכטער מײַנע וווינט דאָרטנ, אפּ פריאָרקע. געהערט פונ אַזא גאַס? — אונ זי האָט מיר גענומענ אויסדערציילנ די געשיכטע פונ אירע צוויי זינ מיט דער טאָכטער, וואָס דערצויגנ האָט זי זיי אייגענע אַליינ, ווײַל דעמ מאַנ האָבנ די דײַטשנ נאָכ אינ יענער מילכאָמע געהאַרגעט. אַזוי, האָט זי, הייסט עס, מיט די דײַטשנ ניט קיינ קלענערנ כעזשבנ, ווי איכ... — אונ איצט... — האָט ווײַטער דערציילט די פויערטע, — די קו האָבנ זיי נאָכ דעמ ערשטנ טאָג אַוועקגעטריבנ צו דער שכיטע, אינ הויפ קיינ איינ הינדעלע ניט איבערגעלאָזט, אינ קאַמער קיינ איינ קערנדל... אויסקרענקענ זאָלנ זיי עס! אַלצדינג פונ שטוב צוגענומענ...

— אונ דו האָסט ניט מוירע אומצוגייינ אָט אַזוי אָ, מיט מיר?

— אײַ, טײַערינקע, וואָס איז שײַעכ איצט מוירע צו האָבנ? גלייב מיר, אַז אַפילע ל'גנ איצט אפּנ אויוונ איז אויכ געפערלעכ. דער פאָרזיצער פונ ראַט האָט געהייסנ, דאַרפ מענ פאָלגנ.

— ס'איז בא אײַכ דאָ א ראַט אונ א פאָרזיצער?

— דעם אלטנ פאָרזיצער, פעטראָ שעווטשוקנ, האָבנ זיי, די גאזלאָנים, אופגעהאנגענ. האָבנ מיר שטילערהייט אויסגעקליבנ א נייעמ. קיינ קאנצעליאריע מיט קיינ מישנ האָט ער ניט, נאָר אָנ אים טוענ מיר גאָרניט.

מארוסיע — אזוי האָט געהייסנ מיינ באגלייטערנ — האָט מיכ געבראכט ביז א צווייט דאָרפ אונ איבערגעגעבנ פונ האנט צו האנט א נייעמ באגלייטער, אנ אלטינקנ פויער מיט א ציגנ בערדל. ס'האָט געמאכט אנ איינדרוק, ווי מ'זאָל דורכ עפעס א אָנדראָפיקנ טעלעגראפ איבערגעבנ ווענ מיר איבער דער גאנצער געגנט אונ אלע ווייסנ שוינ, וואָס מ'האָט מיט מיר צו טאָנ, כאָטש דעם אלטיטשקנ פאנאס האָב איכ געמוזט ווידעראמאָל דערציילנ די גאנצע געשיכטע מיינע פונ אָנהייב ביז סאָפ. ער ווידער האָט מיר געגעבנ צו פארשטיינ מיטנ אלטנ, באקאנטנ מאָשל, פארוואָס דאָרפ מענ איצט באזונדערס האָבנ אי ראטנ, אי קאָלווירטנ:

— ערשטנס, וועלנ מיר זיי אונדזער מאכט ניט אָפגעבנ, זיי זאָלנ אפילע אופלויפנ, אונ, צווייטנס, איז א בעזעמ, ביז ער איז צונויפגעבונדנ, וועט אים קיינ אייג גוואר ניט צעברעכנ, צענעמסטו אים אָבער אפ אייגצלנע רימעלעכ, וועט אים א מאָנצ קינד מיט צוויי פינגער צעברעקלענ.

יאָ, די ראטנמאכט האָט זיכ דאָ אומעטום געהאלטנ פעסט, אונ איר האָב איכ עס מיטסאמע צו פארדאנקענ, וואָס אינ אלע דערפער האָט מענ מיכ אופגענומע= ווארעמ, מיט מיטגעפיל, אומעטום האָט מענ מיכ אויסבאהאלטנ, אָנגעהאָרעוועט אונ מיטגעהאָלפנ גיינ ווייטער. אינ א פאָר ערטער האָט מענ מיכ אפילע צוגעפירט מיט א פורל, אָבער שטענדיק זיינענ מיר געגאנגענ אונ געפאָרנ אָנ א שטעג אונ אָנ א וועג, דורכ וועלדלעכ אונ קוסטעס, איבערגייענדיק צופוס טייכלעכ אונ רימשקעס. אינ אייניקע דערפער איז מיר אויסגעקומענ איבערצוּוואַרטנ א טאָג אונ מער. „איצט איז געפערלעכ צו גיינ, זיי לאָקערנ דאָ, די הינט“...

אונ אזוי ביז איינעמ א שיינעמ טאָג, ווענ דער לעצטער באגלייטער מיינער האָט מיכ אָפגעלאָזט אליינ אונ געזאָגט: „גו, איצט וועסטו שוינ גיינ אָנ מיר. האלט זיכ גלייכ=גלייכ, ביז אָט יענעמ וועלדל, דערנאָכ וועסטו זיכ נעמענ עטוואָס רעכטס“.. האָב איכ זיכ געהאלטנ גלייכ=גלייכ, דערנאָכ גענומענ זיכ רעכטס אונ...

— שטיי! ווער גייט?..

אנקעגנ מיר איז געשטאנענ א רויטארמייער מיט אנ אָנגעשטעלטער ביקס. אונדזערע!.. כ'בינ געראטעוועט!.. אונדזערע!... כ'האָב זיכ מיט פרייד געלאָזט „ארעמפירנ“ אונ מיט נאָכ גרעסערער פרייד בינ איכ געקומענ אינ שטאב, ווו מ'האָט זיכ צו מיר א היפשע צייט באצויגנ מיט גרויס כשאד אונ גענוי אויסגעפרעגט אלצ מיט אלע מינדסטע פראָטימ אונ סימאָנימ. אונ אינ א טאָג ארומ בינ איכ שוינ געווענ אפ א באנ=סטאנציע, אינ אנ עוואקאָ=פונקט. איצט, ווי איר זעט, בינ איכ אינ נאָוואָסיבירסק אונ ארבעט אפ א מיליטערישנ זאוואָד, מיטהעלפנדיק, ווי ווייט איכ בינ נאָכ בעקויעכ, צו דערנענטערנ אונדזער ניצאָכנ איבערנ פרעכנ סוינע...

* * *

וואָס איז געוואָרנ מיט מיינ אלטינקער מאמענ אונ מיט אלע אייגענע, ווייס איכ אדהיינעמ ניט. עס ווילט זיכ גלייבנ, — כאָטש ס'איז שווער זיכ פאָרצושטעלנ, — אז זיי לעבנ אונ קוקנ ארויס צוזאמענ מיט אונדז אלעמענ אפ דער גליקלעכער שאָ, ווענ קיעוו וועט ווידער ווערנ א סאָוועטישע שטאָט אונ מירנ זיכ ווידער צונויפקומענ אלע אינאיינעמ. דאנ, אָ, דאנ... איכ וועל פריער פונ אלצ אוועקלויפנ אפנ יידישנ בעסוילעמ א קוק טאָנ אפ יענעמ אָרט, ווו איכ בינ פונ טויט לעבעדיק געוואָרנ.

## א. גאָנטאַר

# צוויי לידער וועגן פּריצן

### 1. פּאָסט

שרײַבט דער מאַן אַ בריוועלע:
„בערטעניו, מײַן גאָלד,
האָסט אַ טײַערן טולעפּל
לאַנג, שוין לאַנג געוואָלט.
וועל איך ברענגען דיר,
וועל איך שיקן דיר,
מײַן בריליאַנט.
איינע וועסטו זײַן בײַ מיר
אינעם גאַנצן קאַנט".

שרײַבט דאָס ווײַב אַ בריוועלע:
„פּריץ, מײַן ליבער העלד,
איינער וועסטו זײַן בײַ מיר
אין דער גאַנצער וועלט.
ברענג אַהיים פון ריסנלאַנד
ברענג אַ זאַק מיט געלט".

שרײַבט דער מאַן אַ בריוועלע:
„בערטע, ס'איז מיר קאַלט,
כ'וואַרעם זיך די ביינדעלעך
אינעם שניי אין וואַלד.
כ'האָב שוין ניט קיין טולעפּל,
קיין געשאַנק.
לײַזיק בין איך, טײַבעלע,
אַלט בין איך און קראַנק".

שרײַבט דאָס ווײַב אַ בריוועלע:
„פּריץ, אַנטלויף צוריק,
כ'דאַרף שוין ניט קיין טולעפּל,
כ'וויל שוין ניט דאָס גליק.
ס'וויינען מײַנע שיינינקעס,
קלאָגן טאָג ווי נאַכט,
מע האָט דאָס גוטע בריוועלע
זיי אַהיים געבראַכט,
יענערס מאַן און יענערס זון
זײַנען שוין ניטאָ...
קום אַהיים, מײַן טײַערער,
אין אַ גוטער שעה".

בערטע וואַרט באַם פֿענצטערל,
וואַרט אַ טאָג, אַ נאַכט,
האָט מען איר דאָס בריוועלע
צו דער שוועל געבראַכט.
אין אַ שוואַרצן ראַמעלע
דער קאַנווערט,
אוי, דער קלוגער בערטעניו
איז געוואָרן שלעכט.
און אַלמאָנע בערטעניו,
ווי צו אירע יאָר
פּרירט זי אָן אַ טולעפּל,
פּרירט זי אָן אַ פּאָר.

---

### 2 דער טויט פון פּריצן

ס'האָט פּריצן אָנגעהויבן זיך דוכטן גאָר, —
פון קעלטן רוסישע, פון שרעק, צי ניט דערעסן? —
אַז אויערן אייזלשע עס וואַקסן אים אַ פּאָר,
און אַלע מאָל זיי ווערן גרעסער, גרעסער.

קלאַפּט זיך אױש דאָס דײַטשל קאָפּ אין װאַנט,
אין דעם טראַנשײען-אײַז, װאָלט ריכטיק זײַן צו זאָגן.
מע רײדט שױן ניט פון װײטעק, — ס'איז אַ שאַנד!
האָט ער גענומען פאַר די פרײַנט זיך קלאָגן:

„פאַר װאָס זשע קומט עס מיר? פאַר װעלכע זינד?
כ'האָב נאָך אַפילו ניט באַװיזן לעבן:
כ'האָב בלױז דערשטאָכן אײן אומשולדיק קינד,
איז קען דאָס גאָט מיר ניט פאַרגעבן?

„אַז שולדיק איז אין דעם דער שנעק אַלײן,
װער האָט געהײסן אים אַ צונג מיר װײַזן?
װער האָט געהײסן אים אײנמישן װען צו שטײן?
כ'בין אַ דײַטש, איך בין דאָך ניט פון אײַזן!

„פאַרװאָס זשע עפּעס איך? אָט זײ, — האָט ער באַװיזן, —
דערשטאָכן האָבן זײ ניט אײנס, ניט צװײ,
פאַרטריקנט איז נאָך ניט דאָס בלוט אױף שאַרפע שפּיזן,
און ס'װאַקסט זײ ניט קײן אױערן און ס'טוט זײ גאָרניט װײ...“

„אױ, װינד איז מיר! — האָט האַנס גענומען כליפּען, —
װאָס קומט עס פאַר? איך קען עס ניט פאַרשטײן...
ניט אַנדערש אַ מאַכשײפעטע, אַ קליפּע,
האָט פון אַ לעמפּערט מיר אַרײַנגעשטעלט די צײן“.

און אַלע האָבן מיט מאָל גענומען שרײַען:
— די הענט! די פיס! די פינגער און דער קאָפּ!
אַן עק עס װאַקסט בײַ אײנעם פון אַ כײַע,
פון זיבען זײַנען אַלע דאָ אַראָפּ.

און אַלע האָבן זיך גענומען בײַסן, ציפּן,
װי כײעס אײנער אױפן צװײטן זיך געלאָזט,
אָט רינט שױן בלוט, אָט טרישטשען ריפּן...
עס פּײַפט דער װינט. עס ברענט דער פראָסט.

פאַרטאָג, די הענער האָבן אָנגעהױבן קרײען,
אין פעלד אַרומגעלאָפן איז דער װינט.
געפונען האָט ער טױטע דײַטשן אין די שנײען, —
אַרױסגעשלײַדערטע פּעגירעס, הינט.

* ✦ *

## ה. פאָליאנקער

# דער פארדינסטפולער קעכער פונ פאָלק

פארדינסטפולער קעכער פונ פאָלק — מיט דעמ טיטל האָבנ אימ געקרוינט די רויטארמייער פונ זײנ פאָלק. אונ אינדערעמעסנ, וואָס נאָכ וואָלט מענ געקאָנט צוטראכטנ פאר אימ, אז א מעדאל פאר געוואגטקײט האָט ער שוינ באקומענ, אונ אָרדענ פונ רויטנ שטערנ אויכ, קאָווּעד פונ א גאנצנ פאָלק אוואדע.

זאלמענ קאראס שמייכלט אונטער. ס'ארט אימ ניט, ווענ די בעוורע גיבנ אמאָל א שפּאס איבער אימ, ער איז אליינ אויכ אזא פארשוינ, וואָס האלט ניט פונ קיינ מאָרעשכוירעניקעס אונ גודניקעס.

— ביכלאל האָבנ די בעוורע א טעווע א לאכ טאָנ, א שפּאס טאָנ איבער א קעכער, — זאָגט קאראס. — ס'איז שוינ אזא מינ פּראָפּעסיע, איבער וועלכער מע קאָנ א לאכ טאָנ. זאָל מענ זיכ לאכנ געזונטערהייט. מענטשנ, וואָס האָבנ נאָכ קיינמאָל קיינ פּילווער ניט געשמעקט, מיינענ אוואדע, אז אפנ פראָנט גייט מענ ארומ מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט זויערע צורעס ווי פארזעסענע מוידנ. א נעכטיקער טאָג! דאכט זיכ, אז אינערגעצ איז אזוי ניט פרייליכ, ווי צווישנ עמעסע סאָלדאטנ. פרעגט וועמענ איר ווילט, וועט איר הערנ. נו, אונ אז די בעוורע ווארפנ א ווערטל, וועלנ זיי בײ מיר קריגנ אויסגאָב זעקס, ווײל נאָכ קיינ וואָרט הארפ קאראס אינ קעשענע ניט קריכנ אונ אינ אָדעסער גובערניע איז ער אמאָל אויכ געווענ...

קאראסנ האָט בלויז ניט אָפּגעגליקט מיט די קאָרעספּאָנדענטנ, וואָס האָבנ אימ באשריבנ אינ די צײטונגענ. מע האָט אימ געוואָלט מאכנ פאר א קראסאווּעצ, נאָר קיינ שיינער איז ער ווײט ניט. א קורצוווּקסיקער, דאָס פּאָנעמ — פול מיט קלײענ. די נאָז — א קורצע, עטוואָס פאריסענע. נו, אונ וואָס איז שײכ די אויגנ, — געוויינלעכע העלע אויגנ, האקלאל, מיט גאָרניט שיידט ער זיכ ניט אונטער פונ א סאכ רויטארמייער פונ זײנ פאָלק. אז מע קומט אָבער אהער אונ מע דערהערט, אז א פּאָשעטער קעכער טוט אופּ ניסימ, קומט מענ צו אימ אונ מע באשרײבט איכ פונ קאָפּ ביז פיס. איינער א קאָרעספּאָנדענט האָט אפילע אָנגעשריבנ וועגנ אימ אינ א בעקאָוועדיקער צײטונג א מײסע, אז ער, קאראס, האָט אינ די שווערסטע מינוטנ פונ שלאכט זיכ דערמאָנט אָנ זײנ קאלע מארוסיע. אז ער, קאראס, האָט נאָר ניט קיינ קאלע מארוסיע, ער האָט א ווײב מיט א קינד. ווענ דאָס ווײב האָט איבערגעלייענט אינ בלאט די געשיכטע מיט מארוסיענ, איז איר פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ אונ זי האָט אָנגעשריבנ דעמ קאָמיסאר פונ פאָלק א בריוו, ער זאָל אויספאָרשנ בא אימ, בא קאראסנ, וואָס טראכט ער זיכ אונ וואָס הייסט, ער זוכט זיכ אָפּ א קאלע אינ דער צײט, ווענ ער האָט א ווײב מיט א קינד. נאָכ ביז הײנטיקנ טאָג קאָנ ער ניט איבערצײגנ זײנ פרוי, די באשיידענע האָזע, אז די מײסע מיט דער קאלע איז אנ אויסגעטראכטע מײסע. אינ שלאכטנ איז ער טאקע געווענ אונ א סאכ מאָל, דאָס איז עמעס. נאָר קיינ קאלע האָט ער ניט אונ ער דארפ זי ניט האָבנ. נאָר גיי רייד... נאָכ א סאכ צאָרעס האָבנ אימ אָנגעטאָנ די קאָרעספּאָנדענטנ, אונ צוליב דעמ טאקע האָט ער ליב אליינ צו דערציילנ זײנ קורצע געשיכטע, אז מע בעט אימ נאָר שטארק אונ אז ער האָט א פּאָר פרײע מינוטנ. קאראס דערציילט אזוי:

— אליינ בינ איכ א קעכער א פּעכאָטנער, כאָטש מײנ קיכ איז אופּ גומענע רעדער. די גאנצע מילכאָמע גיי איכ מיט אונדזער פּעכאָטע, וואָס האָט שוינ אויסגע=

האלטנ גענוג שלאכטנ מיט דעמ פארשיוונ דײַטש. אז א פעכאָטנער פּאָלק באקומט דעמ טיטל גווארדײַישער אונ דערצו אנ אָרדענ, איז דאָס ערלעכ פארדינט אונ ס'איז ניט קיינ פּאָשעטער פּאָלק. יעדער פונ אונדז האָט צוגעלייגט א האנט, דער פּאָלק זאָל האָבנ א פײַנעמ שעמ. נו, אונ איכ פערזענלעכ האָב אויכ א כיילעק דערינ, ווײַל אליינ זײַט איר ניט קלייג צו פארשטײַג, אז דער כאוווער קאליגינ וועט ניט געבנ קיינ אָרדענ מיט קיינ מעדאל בלויז פאר קאָכנ באָרשטש... עפּעס א דײַטשישער גענעראל האָט שוינ אפילע באקומענ פונ היטלערנ א ציילעמ פאר צעקלאפּנ אונדזער פּאָלק, נאָר א נעכטיקער טאָג, אונדזער פּאָלק שלאָגט זיכ אונ וועט נאָכ באווײַזנ, וואָס ער קענ. דערפאר איז ער דאָכ א גווארדײַישער! מיט אונדזערע כעוורע וועט מענ אינערגעצ ניט פארשעמט ווערנ. די טאנקיסטנ, מיט וועלכע מיר גייענ אָפט אינ אטאקע, האָבנ צו אונדז קיינ טײַנעס ניט, דערפאר די דײַטשנ האָבנ טײַנעס אונ גרויסע טײַנעס: אלעמאל מיר פאלנ אָנ אפ זיי דעמלט, ווענ זיי ווארטנ ניט אפ אונדז...

אונ וואָס איז מײַנ זאכ? מײַנ זאכ איז זענ, אז די יאטנ זאָלנ האָבנ צו דער צײַט אונ געשמאק אָפּצועסנ. ווײַסנ זיי טאקע, די יאטנ, גוט, אז ס'מעג דונערנ אונ בליצנ, ס'מעג די ערד ברענענ, וועט קאראס זיי ניט לאָזנ אָנ עסנ. דער דײַטש מעג אײַנגלײַנג די וועלט, סײַווי וועל איכ מײַנע כעוורע ניט איבערלאָזנ אָנ געקעכצ.

איכ דארפ זיכ אליינ ניט לויבנ, נאָר אייכ זאכ קאָנ איכ אײַכ זאָגנ, אז קאראב קענ אָפּקאָכנ א באָרשטש אונ אנדערע געשמאקע זאכנ. איכ האָב ליב גרייטנ געקעכצנ מיט פאנטאזיע. אונדזער צאָרע איז טאקע, וואָס אפּנ פראָנט זײַנענ פאראנ א סאכ קעכער, וואָס פארמאָגנ ניט פאר קיינ דרײַ גראָשנ פאנטאזיע. איכ ווידער טראכט צו אזוינע געריכטנ, וואָס מע זאָל זײַנ מיט צוועלפ קעפ, ווײַסט מענ ניט, וויאזוי ס'איז געשמאק, נאָר ס'איז צוגעגרייט. אונ די כעוורע זײַנענ צופרידנ. אויב דו, ברודער לעבנ, ביסט א קעכער, דארפסטו ווײַסנ זײַנ, אז דרײַ מאָל א טאָג ביסטו אפ דער צונג בא א גאנצנ פּאָלק. גאנצפרי — בעשאסנ אײַבערבײַסנ, באטאָג — בעשאס ווארמעס אונ פארנאכט — בא וועטשערע. מאָ זע, אז מע זאָל ניט ווארפנ אפ דיר קיינ אומכיינ. פארשטייט זיכ, אז אפ דער מילכאָמע האָט איז דיר ניט אינ וויניצע, אינ גרויסנ רעסטאָראנ, וו די פּליטע איז א פּליטע, דאָס וואסער איז אונטער דער האנט, טרוקנ האָלצ, שפּענער, פעטרעשקע, מערנ, דאָס יענצ — אונ דו קאָנסט מאנעווירנ. אָבער דאָ אינמיטנ פעלד אָדער אינמיטנ וואלד גיי, זײַ א בעריע! דערפאר טאקע דארפסטו זײַנ ניט פּאָשעט א קעכער, נאָר א מיליטערישער קעכער, דאָס הייסט א מענטש מיט פאנטאזיע. אָט זעצסטו זיכ לעמאָשל אוועק אונטער א בוימ מיט דײַנע געהילפנ גרייטנ דאָס פלייש אפ ווארמעס, שיילנ קארטאָפליעס, אונ די דײַטשישע ארטילעריע טאפּט אָנ דאָס אָרט אונ הייבט אָנ שיטנ אפ אײַכ סנאריאדנ, מינעס, אונ דו מוזט בײַטנ דײַנ פּאָזיציע. אָדער שטעלסט זיכ אינ פעלד גרייטנ וועטשערע, צעלייגסט פײַער אונ ס'פאלט צו די נאכט אונ דו דארפסט זיכ מאסקירנ. נאָר אָנ עסנ וועסטו דאָכ דעמ אוילעמ ניט איבערלאָזנ, דארפ דיר שוינ העלפנ די פאנטאזיע.

אָדער ס'מאכט זיכ אזוי: מע דארפ אוועקטראָגנ דאָס עסנ אפ די פאָדערשטע פּאָזיציעס. נעמסט דײַנ ביקס אפּנ אקסל, עטלעכע גראנאטעס, א טערמאָס עסנ, א פאָר לעבלעכ ברויט אונ לאָזט זיכ אוועק אהינ. קומסט אהינ צו גיינ, אונ דער דײַטש הייבט זיכ אומ אינ אטאקע, וועסטו אימ גיינ דערציילנ, אז דו ביסט א קעכער? דו לאָזסט זיכ אוועק קעגנ דײַטש באגלײַכ מיט אלעמענ. דערצו ביסטו דאָכ א קעכער ניט אינ וויניצע, נאָר אפּנ פראָנט.

איכ פיר זיכ מײַנ כעזשבנ מיטנ דײַטש. אלצ ווערט בא מיר אינ ביכעלע פארשריבנ. פאר דער צײַט פונ דער מילכאָמע האָב איכ אוועקגעלייגט צוויי אונ פופציק רומענער, דרײַסיק איטאליענער אונ אכט אונ צוואנציק דײַטשנ. ס'טרעפט, דו פאָרסט אײנער אליינ אונ ס'פאלנ פלוצעמ אָנ אפ דיר דײַטשנ אָדער אנדערע רוכעס, נו, פארגעסטו, אז דו ביסט א קעכער אונ נעמסט זיכ פאר דער אוווידע—הארגענענ די אויס-

זוורפנ. קורצ גערעדט, מיט דער פעכאָטע האָבנ מיר זיכ אזוי צונויפגעלעבט, ווי אייגענע ברידער.

טרעפט א געשיכטע, אינ זעניטנעמ פאָלק ווערט דערהארגעט דער קעכער, אונ מע באפעלט מיר אריבערגיינ צו די זעניטשיקעס אפ ארבעט. ס'איז מיר געוואָרנ גאנצ קאלעמוטנע. וואָס פאר א שייכעס האָב איכ צו זעניטשיקעס? זיי זיינענ מאקע מיינערע כעווירע, נוצלעכע מענטשנ, נאָר איכ וויל זיכ מיט זיי ניט אָנקערנ, עפעס א מודנע ארבעט בא זיי. מע קוקט גאנצע טעג אונ נעכט אינ הימל. אונ אפ צו טרעפנ דארפסטו האָבנ מאטעמאטיק, כעזשבוינעס, מיט איינ וואָרט, א גאנצע טוירע. אונ נאָכ אלע זיבנ זאכנ, מאכט זיכ, אז מע שיסט אונ מע טרעפט ניט.

נאָר וואָס זאָל מענ טאָנ? א באפעל איז א באפעל. האָב איכ זיכ געזעצט אפמ דער מאשינ אונ בינ אוועקגעפאָרנ צו די זעניטשיקעס.

ס'שטייענ זיכ זייערע פיינע מאשינעס, גלאנצנ א מעכייע צו קוקנ. נאָר די כעווירע זיינענ עפעס ניט אזעלכע, ווי בא אונדז אינ פעכאָטע. גאנצע פראָפעסאָרנ, אייזערנע שווייגער. ניטאָ מיט וועמענ אויסצורייידנ א וואָרט.

דעמ ערשטנ טאָג האָב איכ אָפגעקאָכט א ווארמעס, אונ ער האָט אויסגענומענ. אלע לויבנ, נאָר איכ שווייג. דערווייל איז אינ דער הייכ רויק, אומעטיק, אינ הימל שפאצירנ ארומ וואָלקנס אונ צווישנ זיי די לעוואָנע, ווי אינ די שיינע קרידלעכע צייטנ. זי, די אלטע, ווייסט ניט פונ קיינ כאָכמעס. אונ איכ קאָנ זיכ אונטער איר קיינ אָרט ניט געפינענ. דער קאָמאנדיר פרעגט מיכ, ווי געפעלנ מיר די זעניטשיקעס. „זייער שיינ, — זאָג איכ, — נאָר מיכ נעמענ זיי ניט". — „עפשער וועסטו זיכ נעמענ לערנענ שיסנ. אלצ קומט צונויצ"—זאָגט ער. זאָג איכ: „מיטנ גרעסטנ קאָוועד, עמעס, איבעריקס ציענ זיי מיכ ניט, נאָר אז צייט איז פאראנ, פארוואָס זאָל מענ זיכ ניט צולערנענ. אינ טעאָריע, אינ די קליינע אויסיעלעכ וועל איכ עפשער א ביסל אונטערהינקענ, נאָר אינ פראקטיק וועט זיכ, דאכט זיכ, באקומענ". אונ אזוי צוביסלעכ האָב איכ אויסגעשטודירט די הארמאטלעכ, אונ ניט שלעכט.

יענע וואָכ קומ איכ צו פאָרנ אפ א באטארייע מיטנ עסנ. אינ הימל איז שטיל. פלוצימ גיט מענ אונדז איבער אינ טעלעפאָנ, — פריצ פאָרט. פונ די וואָלקנס גיט א פאל ארויס איינ אעראָפלאנ, א צווייטער נו, דאָ האָבנ אונדזערע זעניטשיקעס געוואָרפנ דאָס עסנ אונ זיינענ אוועק צו די הארמאטנ, האָבנ גענומענ ארבעטנ אונ איינעמ טייקעפ אראָפגעשמיסנ. שפעטער מיט א האלבער שאָ זיינענ אהער געקומענ נאָכ דריי שטיק אונ אראָפגעוואָרפנ עטלעכע באָמבעס, אונ דער פערסאָנאל פונ איינ הארמאט איז שווער פארוונדעט געוואָרנ. דאָ האָב איכ געוואָרפנ דעמ טערמאָס, זיכ אוועקגעלאָזט צומ הארמאט אונ גענומענ שיסנ, ווי מע האָט מיכ געלערנט. מיטנ פינפטנ סנאריאד האָב איכ אימ אראָפגעקלאפט, דעמ מעסערשמידט, אונ מער זיינענ זיי יענעמ טאָג אהינ ניט געקראָכנ. קאראס האָט ניט ליב, אז מע קריכט אפנ קאָפ.

ניט געקוקט אפ אלצ, איז דאָ טאָרט אומעטיק. איינ גליק, וואָס מע האָט מיכ צוריק אריבערגעפירט צו מיינע יאטנ, אינ אונדזער גווארדייישנ פאָלק. ס'גאנצע לעבנ מיינס האָב איכ ליב פעכאָטע. צוליב וואָס זשע דארפ איכ ווערנ א גאנצער אסטראָנאָמ, אז איכ האָב קיינמאָל ניט ליב געהאט שטארק די לעוואָנע, אונ ביפראט איצט, ווענ ס'גייט אזא מילכאָמע.

נו, איז בעט איכ בא אייכ: אויב איר ווילט עפעס אָנשרייבנ פונ מיר, איז שרייבט אזוי ווי איכ האָב אייכ דאָ דערציילט אונ מאכט מיכ ניט פאר קיינ העלד, פאר קיינ כאָסנ-באָכער אונ שרייבט מיר ניט צו קיינ קאלעס, ווייל כוצ סקאנדאלנ פונעמ אייגענעמ ווייב, וועט קיינ זאכ דערפונ ניט ארויסקומענ.

אזוי ענדיקט זיכ געשיכטע זאלמענ קאראס, דער פארדינסטפולער קעכער פונ אונדזער פאָלק.



# ראָכל בוימוואָל

## בריוו אפֿן פּראָנט

וואָס איך זאָל ניט זאָגן,
קלינגען וועט צו שיין.
וואָס איך זאָל ניט טראַכטן,
טראַכסטו דאָס אַליין.

טאָמער ביסט פֿאַרוווּנדעט?
טאָמער ערגער,— טויט?
איז טאַקע אַ וווּנדער,
ווי איך שלינג דאָס ברויט.

נאָר מײַן זון און דײַנער
אָטעמט לעבן מיר.
זײַנע אייגלעך שײַנען,
ווען ס׳פּראַלט אויף די טיר.

וואַרט ניט אויף דײַן טאַטן.
ער וועט ניט קומען לאַנג.
טאַטעס האַלטן, קינד מײַנס,
איצט אין רעכטן גאַנג.

---

ערגעץ בײַ אַ טאַמען
אַקוראַט אַצינד
ברענט דאָס הויז אין פֿלאַמען,
ליגט דאָרט שלאָף אַ קינד.

נאָר די רויטע קומען,—
ס׳קומט דײַן טאַטע אויך,—
און אַרויסגענומען
גלײַך דאָס קינד פֿון רויך.

...הונגעריק, פֿאַרלאָרן
ליגט אַ קינד אין וואַלד.
הערט עס — רײַטער פֿאָרן,—
רויטע קומען באַלד.

צווישן זיי — דײַן טאַטע.
נעמט מען מיט דאָס קינד,
און די פֿאָן, זי פֿלאַטערט
אינעם שטראָם פֿון ווינט.

---

אָט אַזוי אָ זאָג איך
אונדזער קליינעם זון,
און אין האַרצן טראָג איך
נאָך מער פּײַן דערפֿון.

ווײַל וואָס איך זאָל ניט זאָגן,
קלינגען וועט צו שיין.
און וואָס איך זאָל ניט טראַכטן,
טראַכסטו דאָס אַליין.

## ע. גאָרדאָנ

# א געוויינלעכער מענטש

אָנשפּאַרנדיק זיכ אַפ דער קוליע, איז גדאַליע אַראָפּגעקראָכנ פונ דער פור אונ זיכ געלאָזט מיטנ וועג זוכנ דאָס דערפל זמעיאָווע, וואָס איז געלעגנ באַמ טײַכ קאַמע. שוינ ליגנדיק אינ שפּיטאָל, האָט ער באַקומענ א יעדיע, אַז זײַנ פאַמיליע האָט זיכ עוואַקויִרט אַהער.

גדאַליע איז געגאַנגענ מיטנ שמאָלנ וועגל אונ באַטראַכט די געל־האַרבסטיקע פעלדער, וואָס האָבנ זיכ ראַכוועסדיק געשפּרייט באַ די ברעגנ פונ דער קאַמע.

באַמ אַרײַנגאַנג אינ דערפל האָט גדאַליע באַגעגנט א יאַטל אינ א לאַנגנ פאַר־שמאָלצענעמ מאַנטל מיט א גרויס שאָפּנ־היטל, אַראָפּגערוקט איבער די אויגנ.

גדאַליע האָט געפרעגט באַ אימ, צי דאָס איז עס טאַקע זמעיאָווע אונ, אויב יאָ, איז ווו איז דאָ די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג. דאָס יאַטל האָט באַשײַמיקט, אַז דאָס איז טאַקע דאָס נייטיקע דאָרפ אונ געזאָגט, אַז די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג געפינט זיכ ניט ווײַט, א הײַזער צענ פונדאַנענ, אונ אַליינ האָט ער זיכ אינ איינ אָטעמ געלאָזט לויפנ צומ דאָרפ.

ווענ גדאַליע איז צוגעגאַנגענ צו דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, זײַנענ אימ אַרויס אַנטקעגנ קאָלווירטניקעס אונ קאָלווירטניצעס. פונעמ יאַטל האָבנ זיי שוינ געוווסט וועגנ זײַנ קומענ.

— באַוועד באַראַש? — איז דער ערשטער צו אימ צוגעגאַנגענ דער פּאָרזיצער פונ קאָלווירט גוריאַנ דאָראָפּייעוו, א נידעריקער דאַרלעכער קאָלווירטניק מיט שמאָלע שוואַרצע אויגנ, אונ, דערלאַנגענדיק אימ די האַנט, האָט ער געזאָגט: — מיר קוקנ שוינ אַרויס אַפ דיר. ווי האָסטו זיכ דערקליבנ אַהער?

גדאַליע האָט מיט פאַרלעגנהײַט געקוקט אַפ די קאָלווירטניקעס אונ געזוכט עפּעס מיט די אויגנ.

— באַראַש, פרידל באַראַש איז דאָ? — האָט ער ניט זיכער א פרעג געטאָנ.

— זי איז אַפ דער פערמע. כ׳וועל זי שיקנ רופנ, קומ, וועסט זיכ דערווײַל אָפּ־רוענ, — האָט דאָראָפּייעוו אימ אָנגענומענ באַ דער האַנט, — ווײַבאַלד דו האָסט שוינ אָנגעשריבנ, אַז דו וועסט קומענ, כײַ וואָלסטו שוינ געשריבנ, ווענ דו וועסט קומענ, וואָלטנ מיר דיכ אַרויסגעפאָרנ באַגעגענענ. א קלייניקײַט, זיכ דערקלײַבנ אַזש אַהער מיט א קראַנקנ פוס!

דאָראָפּייעוו מיט גדאַליענ האָבנ זיכ געלאָזט גיינ, אונ די קאָלווירטניקעס נאָכ זיי.

מע איז אַרײַנ אינ א היימלעכ צוגעקליבענעמ צימער.

— לייג זיכ צו, ביסט אַוואַדע מיד. מע וועט דיר באַלד מאַכנ עפּעס צומ עסנ, — האָט געזאָגט דאָראָפּייעוו.

אַלע האָבנ זיכ געלאָזט צו דער טיר — מע דאַרפ לאָזנ אָפּרוענ דעמ גאַסט. איינע פונ די קאָלווירטניצעס האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטנ:

— וואָס מאַכנ האָרט אונדזערע?.. ווי שלאָגנ זיי דעמ פאַרשאָלטענעמ פריץ?

— זײַט באַוואָרנט, מומינקע. מע קאָסעט זיי אַזוי, אַז סע גייט אַזש א רויכ. — האָט זי גדאַליע שמייכלענדיק באַרויִקט אונ שוינ געוואָלט אָנהייבנ דערציילנ, ווי־אַזוי מע שלאָגט די דײַטשנ. מיטאַמאָל איז אינ צימער מיט אימפּעט אַרײַנ שיינדל

שענדעריי — א הויכע, שלאַנקע פֿרוי מיט א מאַטעווע, דאַרלעכ פּאָנעמ, מיט אַנ אויסגעצויגענער נאָז אונ מוטנע גרויע אויגנ.

דערזעענ שיינדלענ, האָט זיכ געדאַליע גלײַכ א הייב געטאָנ פֿונ אָרט אונ א שפּרונג געטאָנ איר אַנטקעגנ.

— זע, דו ביסט אויכ דאָ? ביסט געקומענ מיט מײַנ פֿריידלענ? וואָס מאַכסטו? — האָט ער האַסטיק א זאָג געטאָנ אונ דערלאַנגט איר פֿרײַנטלעכ די האַנט.

— זעסט דאָכ, וואָס מיר מאַכנ... מיר וועלנ דאָ גאַנצ זײַנ... וואָס מאַכסטו? — האָט אימ שיינדל איבערגעשלאָגנ. — דערציייל בעסער, וואָס הערט זיכ עפּעס בײַ אײַכ... עפּשער ווייסטו עפּעס וועגנ מײַנ כאָנענ?

— וועגנ כאָנענ? — האָט געדאַליע געוואָלט עפּעס א זאָג טאָנ אונ מיטאַמאָל זיכ פֿאַרכאַפּט.

— כ'ווייס גאָרניט פֿונ אימ... פֿונ אָנהייב זײַנענ מיר געווענ צוזאַמענ, דערנאָכ האָט מענ מיכ פֿאַרוווּנדעט, אונ מער האָב איכ שוינ וועגנ אימ קיינ זאַכ ניט געהערט.

— זאָג מיר דעמ עמעס, איכ בעט דיכ, — האָט שיינדל גענומענ צו אימ צושטיינ, — וואָס דאַרפֿסטו אויסבאַהאַלטנ פֿונ מיר, איכ וועל דאָכ סײַווי ווייסנ... זאָג מיר, ער איז אומגעקומענ? לאָמיר מאַטש ווייסנ, וווּ זײַנ געביינ איז אהינגעקומענ.

— איכ זאָג דאָכ דיר, אז איכ ווייס גאָרניט ניט. וואָס דאַרפֿסטו זיכ אומזיסט ערגערנ? — האָט געדאַליע זי געוואָלט דערמוטיקנ. — וועסט זענ, אז דו וועסט אײַנ־ניכנ קריגנ פֿונ אימ א בריוו... ער וועט נאָכ ווערנ א העלד אויכ, דײַנ כאָנע.

— איכ וויל גאָרניט ניט, איכ וויל נאָר הערנ איינ וואָרט, אז ער לעבט. — האָט זי, ווישנדיק די אויגנ, גענומענ טײַנענ. — איינ וואָרט זאָג מיר, ער לעבט?

* *
*

אינ זמעיאָווע האָבנ שוינ אַלע געוווּסט, אז כאָנע שענדעריי איז אומגעקומענ. געבראַכט אהער די ידיעה האָט מאַקע געדאַליע. דערציילט האָט ער עס די קאָלווירטניקעס שטאַרק בעסאָד. ער האָט דערציילט, וויאַזוי א קליינע גרופּע רויטאַרמייער איז אַרומגערינגלט געוואָרנ דורכ די פֿאַשיסטנ, וויאַזוי זיי האָבנ זיכ פֿינפֿ נעכט אונ פֿינפֿ טעג דורכגעריסנ צו זייער טייל אונ וויאַזוי ער האָט זיכ בײַמ א בלוטיקנ געפֿעכט צעשיידט מיט כאָנענ אונ ווייסט אַפֿילע ניט, וווּ יענעמס געביינ איז אהינגעקומענ.

די ידיעה וועגנ כאָנענ איז אַוועק פֿונ מויל צו מויל. דערבײַ האָט מענ שטרענג פֿאַרזאָגט איינע די צווייטע:

— זע נאָר, דאָס ווײַב זאָל זיכ ניט דערוויסנ, זי ווייסט נאָכ גאָרניט.

אינ שול, וווּ שיינדלס יאַטל יאָסקע האָט געלערנט, האָבנ די קינדער איבערגעגעבנ איינער דעמ צווייטנ אַפּנ אויער:

— יאָסקעס טאַטנ האָבנ די פֿאַשיסטנ דערהאַרגעט... זאָלסט זיכ נאָר פֿאַר יאָסקענ ניט אויסריידנ, ער ווייסט נאָכ גאָרניט...

דעמ טאָג, וועגנ צו די קינדער איז דערגאַנגענ די ידיעה, איז יאָסקע געקומענ אינ שול שפּעטער ווי אַלעמאָל. די קינדער זײַנענ שוינ דעמלט געזעסנ אפ די פּאַרטעס אונ דער לערער איז געשטאַנענ לעבנ טאָוול אונ זיכ געקליבנ אָנהייבנ דעמ לימעד. דערזעענ יאָסקענ, האָבנ די קינדער מיט צאַר אינ די אויגנ גענומענ קוקנ אימ אינ פּאָנעמ ארײַנ אונ אַלצ געוואָלט באַשטימענ, צי ווייסט ער, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט זײַנ טאַטנ, צי ניט. נאָר יאָסקע איז ווי אַלעמאָל א צעהיצטער ארײַנגעלאָפֿנ אינ קלאַס. אינ די שוואַרצע אויגנ האָט געברענט א שטיפֿעריש פֿײַערל. דאָס ברייטלעכע פּאָנעמ האָט זיכ געשמייכלט, ווי עס וואָלט גאָרניט ניט פּאַסירט.

אינ די האַפּסאָקעס פֿלעגנ די קינדער ליב האָבנ צונויפֿקלײַבנ זיכ אַרומ יאָסקענ אונ הערנ די מײַסעס פֿונ די שלאַכטנ, וואָס זײַנענ געגאַנגענ לעבנ ישעוו, וווּ זיי האָבנ געוווינט. די קינדער פֿלעגנ מיט ברענענדיקע אייגלעכ הערנ יאָסקעס דערציילונגענ אונ פֿלעגנ אימ מעקאַנע זײַנ, וואָס ער האָט עס אַלצ געזעהנ מיט זײַנע אויגנ.

— דו האָסט זיי געזען, די פאשיסטנ? — האָבנ די קינדער זיכ פאנאנדערגעפרעגט. — זיי זײַנענ מאקע ארײַנ צו אײַכ אינ יִשעוו, די פאשיסטנ?

— ווענ איכ בינ דאָרט, פאָר איכ שוינ פונ דאָרט ניט אוועק, — פלעגט זיכ קעמיידער בארימענ וואסקע, א שווארצכיינעוודיק, דאר יאטל מיט א שארפ נעזל. — איכ וואָלט זיכ באהאלטנ, אונ ווענ ס'וואָלט ווערנ פינצטער, פינצטער, וואָלט איכ ארויסגעקראָכנ אונ אוועקגעלאָפנ אינ וואלד צו די פארטיזאנער.

— אונ איכ וואָלט געוואָרנ אנ אויסשפירער בא די פארטיזאנער, — האָט געמרוימט פעטקע, א קלײַנעדיק יאטל מיט בלויע לויפנדיקע אייגלעכ.

— אונ איכ וואָלט געקראָגנ א פלעשל מיט בענזינ, — האָט געטײַנעט קאָלקע, — אונ ווענ זייערע טאנקענ וואָלטנ געמענ גייג, וואָלט איכ זיי אונטערגעצונדנ.

א גאנצנ לימעד האָבנ די קינדער ניט אראָפגענומענ די אייגלעכ פונ יאָסקען. ווענ דער לימעד האָט זיכ געענדיקט, האָבנ זיי אימ ארומגעריגלט אונ גענומענ צו אימ ריידנ.

— ווילסט, יאָסקע, כ'וועל דיר העלפנ די לימודים מאכנ, — האָט דער ערשטער זיכ ארויסגעכאפט וואסקע.

— אונ איכ וועל דיר געבנ מײַנע גליטשערס אפ גליטשנ זיכ, — האָט אימ פעטקע איבערגעשלאָגנ.

— אונ איכ וועל זײַנ מיט דיר א כאווער, — האָט קאָלקע זיכ ארײַנגעמישט. — כ'וועל זיכ טיילנ מיט דיר ווי מיט א ברודער.

— אונ איכ וועל קומענ דײַנ מאמענ אינ שטוב העלפנ, זי זאָל קאָנענ אינ קאָלווירט ארבעטנ, — האָט זיכ אָפגערופנ סטעשקע פאָליי, א בלאָנד, בלוי-אויגיק מיידעלע.

— אונ איכ וועל איר אויכ העלפנ...

— אונ איכ אויכ...

— אונ איכ אויכ... —

האָבנ זיכ מיטאמאָל אָפגערופנ עטלעכע שטימענ.

— וואָס דארפ מענ אונדז עפעס העלפנ? — האָט יאָסקע פארוואונדערט א קוק געגעבנ אפ די כעוורע אונ געפרעגט, — וואָסי, כ'קענ אליינ די לימודים ניט מאכנ?

— פאָשעט אזוי, מיר ווילנ דיר העלפנ. — האָט וואסקע אפגיכ זיכ גענומענ פארענטפערנ. — דײַנ טאטע איז אפנ פראָנט, ווילנ מיר דיר העלפנ.

— פארוואָס דארפ מענ מיר גאָר העלפנ? אלעמענס טאטעס זײַנענ דאָכ אפנ פראָנט, — האָט זיכ יאָסקע נאָכ מער פארכידעשט.

— טאקע דערפאר דארפנ מיר אײַנע די אנדערע העלפנ, — האָט פעטקע אימ אפגיכ פארעדט, ער זאָל זיכ גאָרניט אָנשטויסנ.

נאָכ די לימודים זײַנענ די קינדער געגאנגענ באגלייטנ יאָסקענ. געגאנגענ איז מענ אלע אינ איינ ריי. יעדער האָט געוואָלט זײַנ נעענטער צו יאָסקענ, ארופלייגנ אפ אימ א האנט אונ ארומנעמענ אימ. לעבנ דער שטוב, ווו יאָסקע האָט געוווינט, האָבנ די כעוורע דערזענ גוריאנ דאָראָפייעווו. גוריאנ איז באלעבאטיש ארומגעגאנגענ ארומ אונ ארומ דער שטוב אונ באטראכט, צי די פענצטער זײַנענ ארומגעקיטעוועט אונ די טירנ — ארומגעקלאפט.

— פעטער גוריאנ, פעטער גוריאנ, — האָבנ די קינדער גענומענ רופנ דעמ פאָרזיצער, — מיר ווילנ יאָסקעס מאמענ צוהעלפנ אינ שטוב, זי זאָל קאָנענ גייג ארבעטנ.

— אוודע דארפ מענ איר העלפנ, — האָט גוריאנ צאַרט א גלעט געגעבנ די קינדער איבער די קעפלעכ אונ איז ארײַנ אינ שטוב.

אינ שטוב האָט גוריאנ א ווײַלע ארומגעזוכט שיינדלענ. דערזענ, אז קיינער איז ניטאָ, איז ער דערווײַל ארײַנגעקראָכנ אינ הרובע באטראכטנ, צי איז דאָרט אלצ אינ אָרדענונג.

— ס'רויכערט בא דיר ניט? — האָט ער, ארויסקריכנדיק פונ דער הרובע, געפרעגט בא שיינדלען, וואָס איז דערווײַל ארײַנ אינ שטוב.

— וואָס ביסטו א קוימענקערער געוואָרנ? — האָט שיינדל, דערזעענדיק דעמ פּאָרזיצער אָנ אויסגעשמירטנ אינ סאַזשע, א שמייכל געטאָנ.

— כ'ביג ארײַנ א קוק טאָנ, וואָס דו מאכסט, האָב איכ שוינ פארייגס א קוק געטאָנ, וואָס ס'טוט זיכ בא דיר אינ אויוונ, — האָט דאָראָפּייעוו זיכ ווי פארענט־פערט.

— אינ דער היימ האָב איכ אוואדע יעדעס פּיצעלע געוווסט, אי וואָס אינעמ אויוונ ס'טוט זיכ אי וואָס ס'טוט זיכ הינטערנ אויוונ. און דאָ, אינ דער פרעמד, — האָט שיינדל א זיפצ געטאָנ און דערלאנגט דאָראָפּייעוונ א בענקל. דאָראָפּייעוו האָט זיכ אוועקגעזעצט, פארלייגט א פוס אנ א פוס און זאָרגפעליק זיכ גענומענ פאנאנ־דערפרעגנ:

— ווי איז בא דיר מיט ברויט?.. די קינדער האָסטו וואָס צו געבנ עסנ?

— געווים קומט אוים א ביסל אָפּצוקומענ, — האָט זי זיכ גענומענ קלאָגנ, — נאָר פונ הונגער וועל איכ אוואדע ניט שטארבנ.

— דיר קומט דאָכ א ביסל ברויט פאר דײַנ ארבעט, — האָט גוריאנ זיכ באמיט זי איבערשלאָגנ, זי זאָל זיכ ניט דערמאָנענ אינעמ מאנ, — אויב ס'וועט דיר ניט קלעקנ, וועלנ מיר דיר געבנ נאָכ א פוד ברויט, א ביסל קארטאָפל און מילכ פאר די קינדער וועסטו באקומענ. שוכווארג האָבנ די קינדער?

— זיי האָבנ נאָכ דערווײַל, נאָר עס רײַסט זיכ שוינ, — האָט שיינדל, ארומנעמענ־דיק יאָסקען, א זאָג געטאָנ. — דער מאנ האָט זיי נאָכ פאראיאָרנ פארזאָרגט מיט שוכווארג.

— מאָרגנ וועל איכ אפ דער פארוואלטונג שטעלנ די פראגע, מע זאָל דיכ מיט אלצ באזאָרגנ, — האָט דאָראָפּייעוו, זעגנענדיק זיכ מיט איר, א זאָג געטאָנ. — קומ צו גייג מאָרגנ אפ דער זיצונג, מיר וועלנ אלע אינייִנעמ באטראכטנ ווי בעסער עס צו טאָנ.

— כ'וועל צוגייג, — האָט שיינדל א מאכ געגעבנ מיטנ קאָפ און האָט א פאר־דינגעטע באגלייט דאָראָפּייעוונ. — א דאנק וואָס איר זײַט ארײַנ. פארגעסט איר באַמש ניט אָנ מיר, אז א מענטש גייט ארײַנ, ווערט פאָרט פרייַלעכער.

* *
*

א גאנצע נאכט האָט שיינדל מיט קיינ אויג ניט צוגעמאכט. פאר די אויגנ איז איר די גאנצע צײַט געשטאנענ איר כאָנע. אינ קאָפּ זײַנענ געקראָכנ שווערע גע־דאנקענ.

גאנצפרי איז זי אופגעשטאנענ, צוגעקליבנ א ביסל אינ שטוב. ארומ האלבנ טאָג זײַנענ ארײַנגעקומענ צו איר א פאָר קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס — פאָרשטיי־ער פונ קאָלווירט.

— וואָס מאכסטו? ווי פילסטו זיכ? — האָבנ זיי זיכ גענומענ פאנאנדערפרעגנ און האָבנ אלצ געוואָלט דערגיינ, צי זי ווייסט עפּעס צי ניט.

— וואָס קאָנ איכ מאכנ? — האָט זי פארדײַנגעט געקוקט אפ די געסט און אינ הארצנ בא איר איז געוואקסנ א פײַנלעכער אומרו. — כ'וואָלט איצט וועלנ איינ זאכ — א בריוו פונ מײַנעמ.

— דו וועסט נאָכ קריגנ א בריוו אויכ, — האָבנ זי די געסט געפּרוּווט טרייסטנ. — פאל נאָר בא זיכ ניט אראָפּ, דער קאָלווירט וועט דיכ אויכ ניט לאָזנ פאלנ... די פארוואלטונג האָט באשלאָסנ העלפנ דיר מיט אלצ, אינ וואָס דו נייטיקסט זיכ נאָר.

— פארוואָס עפּעס האָבנ עס אלע מיטאמאָל גענומענ זאָרגנ וועגנ מיר — האָט זי זיכ גענומענ באומרויִקנ. — עפּשער ווייסט איר שוינ, אז מער האָב איכ ניט, וואָס איר זאָל וועגנ מיר זאָרגנ.

— דער קאָלווירט זאָרגט זיכ דענ וועגנ דיר אַליינ? — האָבנ זי די קאָלווירטניקעס געפרוווט אָפּווענדנ פונ די טרויעריקע געדאַנקענ. — אונ פאַר וועמענ שלאָגט ער זיכ דאָרטנ, דײַנער. ניט פאַר אונדז?

זי האָט זיכ אָפּ א ווײַלע באַרויִקט. ווי נאָר די קאָלווירטניקעס זײַנענ אַוועק, האָט זי זיכ אָבער ווײַטער קיינ אָרט ניט געקאָנט געפינענ.

אינ ווינקל אַפ דער וואַנט האָט הייזעריקלעכ, ווי מיט אַנ אונטערגעריסענעם קאָל, גערעדט די ראַדיאָ. שיינדל האָט וועג=ניט=וועג אויפגעכאַפּט, וואָס די ראַדיאָ האָט גערעדט. ווענ מע האָט דערמאָנט א העלדיש געפאַלענעם רויטאַרמייער, האָט זי טיפהאַרציק א זיפצ געטאָנ אונ אינ קאָפּ האָט איר א בליצ געגעבנ א געדאַנק וועגנ איר כאָנענ.

— עפשער איז ער עס געפאַלנ... עפשער פאַלט ער אינ דער רגע, ווענ איכ טראַכט וועגנ אימ.

פאַרנאַכט, אײַנגעהילט אינ טונקלקײַט, איז שיינדל א פאַרדײַגעטע לאַנג געשטאַנענ אונ זיכ אײַנגעהערט, וואָס די ראַדיאָ האָט דערציילט. מיטאַמאָל האָט איר א עפּעס א קלונג געגעבנ אינ אויער אַנ אייגנ נאָענטער נאָמענ אונ זי איז געבליבנ שטיינ ווי א פאַרקישעפטע. די אויגנ האָבנ איר גענומענ לויכטנ, דאָס פּאָנעם האָט זיכ צעפלאַקערט אונ דאָס האַרצ האָט אָנ אויפהער שטאַרק געקלאַפּט, אַז ס'האָט איר אַזש דעמ אָטעמ פאַרשלאָגנ.

— כאָנע! — האָט זי א געשריי געטאָנ ניט מיט איר קאָל. א צעראַשטע, האָט זי א כאַפּ געגעבנ יאָסקענ אונ מיטנ גאַנצנ קויעכ צוגעדריקט אימ צומ האַרצנ.. — דער טאַטע... הערסט... דער טאַטע...

אינדרויסנ האָט זיכ מיטאַמאָל דערהערט א קלאַפּערײַ פונ טירנ אונ פענצטער.

— די ראַדיאָ... הערסט, פונ דײַנעמ רעדט מענ, — האָבנ עטלעכע קולעס מיטאַמאָל גענומענ שרײַענ. שיינדל איז א ווײַלע א צעטומלטע אַרומגעלאָפנ איבערנ צימער אונ ניט געוווסט וואָס צו טאָנ. נאָכדעמ איז זי צוגעלאָפנ צו דער טיר אונ מיט ציטערנדיקע הענט גענומענ זי עפענענ.

— וואָס האָט מענ גערעדט? — האָט זי, קוימ כאַפּנדיק דעמ אָטעמ, א פרעג געגעבנ. — זאָגט מיר גיכער, וואָס האָט מענ גערעדט... איינ וואָרט זאָגט מיר... ער לעבט צי ניט?

— וואָס האָב איכ דיר געזאָגט? — איז האַסטיק אַרײַנגעלאָפנ, אָנשפּאַרנדיק זיכ אַפ דער קוליע גדאַליע. גלײַכ נאָכ אימ זײַנענ אינ שטוב אַרײַנגעפאַלנ נאָכ א פּאָר קאָלווירטניקעס אונ קאָלווירטניצעס. גדאַליע האָט פונ פרייד מיט ביידע הענט א כאַפּ געגעבנ יאָסקענ אונ א הייב געטאָנ אימ אַזש ביז דער סטעליע.

— דו ווייסט כאָטש, יונגאַטש, ס'אַרא טאַטנ דו האָסט?

יאָסקע האָט מיט מאָנענדיקע אייגלעכ געקוקט אַפ גדאַליענ אונ אַפ דער ראַדיאָ.

— איכ האָב א וואָרט ניט פאַרשטאַנענ, וואָס מע האָט גערעדט. — האָט שיינדל, ניט געפינענדיק זיכ קיינ אָרט, געטײַנעט צו גדאַליענ. — זאָג מיר, וואָס האָט מענ דאָרט דערציילט?

— זיי האָבנ דערציילט, ווי זיי וואָלטנ געווענ דערבײַ, — האָט גדאַליע אַנ אויפגערעגטער אָנגעהויבנ ריידנ, — אַלצ, האָבנ זיי דערציילט, וויאַזוי מע האָט אונדז אַרומגערינגלט, וויאַזוי מיר האָבנ זיכ דורכגעריסנ אונ וויאַזוי כאָנע איז איינער אַליינ געבליבנ קעגנ א גרופּע פאַשיסטנ, אונ דאָכ האָט ער זיי, לאָזט זיכ אויס, אַלע ביז איינעמ אַוועקגעלייגט... גיי ווייס, מיר האָבנ גאָר אַלע גערעכנט, אַז ער איז אומגעקומענ. איצטער ווייסטו שוינ, ווער דײַנ כאָנע איז?.. דו האָסט אַליינ מיסטאָמע ניט גערעכנט, אַז דײַנ כאָנע, א געוויינלעכער מענטש, א מענטש פונ א גאַנצ יאָר. קאָנ זײַנ אַזא העלד?..

——— ★✦★ ———

## ל. אָליצקי

# די ליד פונעם דאָנאָר

מײַנ הארצ — א רויטנ בעכער ווײַנ
כ' דערלאנג דיר, אומבאקאנטער קעמפער.
גענים, שטיל אײַנ דײַנ ווײ אונ פּײַנ.
איכ ווארט ניט אפ קיינ דאנק אונ ענטפער...

ווי נישטיק איז מײַנ מ ײַ געשאנק
ויע נ דײַנ געבענטשטנ קאָרב !—
דאָס זאג איכ דיר גאָר — ברודער, כ'דאנק!
ווײַל אנ דײַנ בלוט וואָלט מײַנס געשטאָרבנ...

ווי טראָפּנס פּורפּורדיקע שײַנ
מי ברײכע-רעגנ אינעם באָדנ,
זאל העל מײַנ בלוט אינ דיר ארײַנ,
מיט קרעפטנ פרישע דיכ באגנאָדנ...

איכ קאָנ ניט דיכ, דו קאָסט ניט מיכ,
דאָכ זײַנענ מיר אם זיכערע ברידער;
אינ יעדנ העלד דערזענ כ'וועל זיכ:
עס שפּילט מײַנ בלוט אינ זײַנע גלידער ...

עס שרײַט זײַנ בלוט צו מײַנעם: — הער,
דײַנ קלײנעמ הארצ-געשאנק כ'באוויליק!
כ'צעפלאקער זיכ אינ אײַנ באגער:
דעמ פײַנט באפאל אונ אימ פארטיליק!..

———— ★✦★ ————

## פּײַוול סיטאָ

# אוורהאַם הוקייִלעס געשיכטע

פאַר אונדז איז געזעסן אַ געפּאַקטער ייִד פון אַ יאָר פינף און פערציק מיט אַ קײַלעכדיק פּאָנעם און קליינע, רירעוודיקע, דורכגעטריבענע אויגלעך. באַ די ערשטע פּאָר ווערטער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך דורכגעוואָרפן, איידער ער איז צוגעטראָטן צו דער עצעם געשיכטע, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן און שטאַרק פאַרינטערעסירט איינע אַ באַוועגונג זײַנע מיט די הענט, וועלכע ער האָט אַלע ווײַלע איבערגעכאַזערט. איך האָב גלײַך דערקענט, אַז דאָס מוז זײַן אַ פּראָפעסיאָנעלער זשעסט. ווער זשע איז ער דער דאָזיקער מענטש? — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַ שנײַדער? — ניין. אַ שוסטער? — אויך ניט. אַ בעקער — אויך ניט קאָנטיק. נאָך לאַנג טראַכטן האָט מיר מײַן גאַסט ניט געלאָזט און האָט מיר גלײַך קלאָר געמאַכט די זאַך:

— אַליין בין איך אַ באַלעגאָלע...

מיך האָט אַפילע פאַרדראָסן, וואָס איך האָב אַליין ניט געטראָפן, נאָר מײַן גאַסט האָט מיר וועגן דעם אויך ניט געלאָזט לאַנג טראַכטן און גלײַך צוגעטראָטן צו זײַן געשיכטע, וואָס מיר גיבן דאָ אין קורצן איבער:

„אַ בינדיוזשניק בין איך. אַן אָדעסער. איך בין געקומען אַפן פראָנט, האָט מען מיך גלײַך דערקענט, מע האָט מיר געגעבן אין די הענט אַ פּאָר לייצעס: „פאָר!“ — בין איך געוואָרן אַ „טאָוואַרישטש יעזדאָוואָי“. און איצטער הערט אַ מעשׂה:

...געטראָפן האָט זיך עס לעבן דאָרף איוואַניקי, הינטער סמאָלענסק. אַרומדערום אַ היץ — כאָטש גיי אויס. איבערן קאָפּ פליִען זייערע שטינק־פויגלען, פון פאָרנט קנאַקט די אַרטילעריע און פון אַלע זײַטן וואָיען מינעס — מיט איין וואָרט — יענער גאַניידן! און אין האָט דער אָ איבערקערעניש גיט מען מיר אָפּ אַ באַפעל — איין קליינינקייט — „צושטעלן אַף דער פאָדערשטער ליניע צען קאַסטנס פּאַטראָנעס“. וואָס זשע דאַרף מען אַ ייִד אַ באַלעגאָלע, אַז ער איז אַ סאָלדאַט? שטעלט ער זיך אַוועק „פאַר קאָזיריאָק“, גיט אַ קנאַק אָפּ: „יעסט צושטעלן אַף דער פאָדערשטער ליניע צען קאַסטנס מיט פּאַטראָנעס“, דערלאַנגט אַ פאָר שמיץ די פערדלעך און פליט אין פײַער אַרײַן...

געבליבן סאַכאַקל קאַרגע פופציק שפּאַן ביז אונדזערע אָקאָפּעס, ווי איך הער, עמעצער שרײַט צו מיר: „בעהיימע! וווהין קריכסטו, באַהאַלט זיך אינדערגיך, ס'וועט ווערן פון דיר אַ מאַטשיניקע“. איך טו אַ קוק — זייער גערעכט. דער וועג איז אַן אָפענער, ניטאָ קיין איין קוסט, און וויפל דאַרף עס געדויערן, ס'זאָל ווערן אויס אוורהאַם הוקײַלע און אוורהאַם הוקײַלעס כאַוועלע זאָל בלײַבן אַ וויסטע אַלמאָנע? נאָר אַ פּײַן. אַנלייגן מיטן קאָפּ זאָל בעסער דער דײַטש. אוורהאַם הוקײַלע וויל נאָך לעבן!

האָב איך פאַרקערעוועט אין וועלדל און וואַרט, מע זאָל קומען נאָך די פּאַטראָנעס. זיץ איך מיר אַזוי אַף די קאַסטנס מיט די פּאַטראָנעס און אונטער די קאַסטנס, אין שטרוי, ליגט באַ מיר מײַן ביקס. נאָר עפּעס הער איך, אַז מע האָט אויפגעהערט שיסן. ס'הייסט שיסן שיסט מען יאָ, נאָר פריִער האָט מען געשאָסן פון פאָרנט און איצטער שיסט מען פון הינטן. איז מיר געוואָרן פרייילעך. דאָ, האָב איך מוירע, שמעקט, דאַכט זיך, מיט אַ שטיקל „אָקרוזשעניע“. איך טו אַ קוק — זיי זײַנען שוין דאָ. זיי שטייען שוין נעבן מיר, די צוויי דײַטשן מיט די לאַנגע בײַטשן. איינער אַ

גרויסער אזא. א ווערגעליעצ אונ דער צווייטער — א קליינער, א דריבנער, א שטשופּלער, א ניווזעניק... דער גרויסער איז א פּעלדפּעבל אונ דער קליינער איז א יעפרייטאָר. דער פּעלדפּעבל דרייט זיכ ארומ דעמ יעפרייטער ווי א וואָרעמ אונ רעדט מיט א פּישטשענדיק קעלכל, מיאוקעט ווי א קאצ: „רוס, קאפּוט!“

קריכ איכ, מעכילע, אראָפּ פונעמ וואָגנ. זיי באשמעקנ זאלבעצווייט, ווי די הינט, מיינ גוטס אונ דער ניווזעניק טוט א קווייטשע: „געווער?“. מאכ איכ זיכ געפּיינערט, איכ פּארשטיי ניט, וואָס ער מיינט. גייט צו צו מיר דער יעפרייטער אונ הייבט מיכ אָנ באזוכנ. ער שלעפּט ארויס פונ מיינ קעשענע מיינ קעמעלע אונ לייגט עס אריבער צו זיכ אינ קעשענע. ער פרעגט מיכ ווידער: „געווער?“ אונ ביכדיי איכ זאָל פּארשטיינ, וואָס ער מיינט, גיט ער מיר א ווייז אפּ זיינ אווטאָמאט. טו איכ א שאָקל מיטנ קאָפּ אפּ „ניינ“ אונ בינ זיכ מעיאשעוו אונ איכ גיב א כאפּ פונ דער ערד א צווייגל, צעברעכ עס אפּ א קני אונ זאָג אימ צוויי געציילטע ווערטער: „פּלענ“ אונ „הימלער“. ס'הייסט, אז איכ, אווראָמ הוקיילע, וויל, איכ שטארב, די נעשאָמע גייט מיר מאמעש אויס, אזוי וויל איכ צו הימלערנ אינ פּלענ ארייננ... איז זיי די מייסע אפּאָנעמ שטארק געפעלנ, אונ דאָס קליינע דייטשל טוט שוינ א ציי דאָס צוימל אונ קווייטשעט אויס: „פּארע!“.

דארפ מענ פּאָרנ.

זעצ איכ זיכ אפּנ פורל. איינ לייצע לאָז איכ נאָכ אונ די אנדערע שלעפּ איכ צו זיכ. איינ פערד טרייב איכ אונטער מיט דער בייטש — ס'זאָל לויפנ אונ דאָס צווייטע טשעפּע איכ ניט — זאָל עס גיינ פּאוואָליע. וואָס איז די איילעניש? האָט זיכ באקומענ, ווי זאָגט איר, גאלאָפּ אפּ איינ אָרט.

אָט אזוי אָ קריכ איכ מיר מיט מיינ פערד אונ וועגעלע אונ טראכט מיר: עפּשער וועלנ פּאָרט אונדזערע אונטערקומענ? אונ פּלוצימ דערזע איכ א בלאָטע. דערזענ די בלאָטע, טו איכ מיר ווידער א טראכט: ווענ כ'מאכט זיכ נאָכ, זי זאָל זיינ א טיפע, וואָלט דאָס גאָר געווענ דאָס גרויסע גליק. אונ גאָט האָט מיר געהאָלפנ — די בלאָטע איז גראָד געווענ אזא, אז מע קאָנ דאָרט א גאנצע מייע פּריצנ דערטרינקענ. גיב איכ מיר א יאָג מיינע פערדלעכ גלייכ אינ טינטער, אונ סטאָפּ. דער וואָגנ איז זייער לייטיש ארייננ אינ דער בלאָטע אונ מיר בלייבנ שטעקנ.

איכ טו א קוק אפּ מיינע פּאסאזשירנ. די רעציכע האָט זיכ אָנגעצונדנ אינ זיי. דאָס קליינע דייטשל האָט ארויסגעכאפּט בא מיר די לייצעס, שמייסט ווי א גאזלענ די פערד אונ דער גרויסער האָט אָנגעשטעלט אפּ מיר דעמ אווטאָמאט אונ טיינעט זיכ זיינס: רוס, קאפּוט אונ רוס, קאפּוט!

„א קאפּוט אפּ דיינ קאָפּ!“ — טראכט איכ מיר אונ גיב אימ מיט די הענט צו פּארשטיינ, אז וואָס בינ איכ שולדיק, אונ טייט, פּארשטייט זיכ, אפּ דער בלאָטע, ווי איינער רעדט: אָט צו וועמענ האָב טיינעס...

אָפּגעוואָזעט זיכ א פּערטל שאָ אינ דער בלאָטע, אונ אונדזער אויילעמ זעט מענ ניט... בינ איכ אראָפּגעקראָכנ, פונעמ וואָגנ, נעמ א קאסטנ אונ הייב אימ אָנ שלעפּנ אפּ א טרוקנ אָרט. אונ זיי דערקלער איכ, אפּ שטומלאָשנ געוויינלעכ, אז לאָמיר, הייסט עס, אריבערטראָגנ די קאסטנס, וועט מענ קאָנענ ארויס מיטנ וואָגנ, אניט וועלנ מיר דאָ בלייבנ שטעקנ ביז פּורימ... אונ אינ הארצנ טראכט איכ מיר: „זיי וועלנ זיכ לאָזנ אָנטפּייפנ אָדער ניט?

יאָ, טע גייט, דאכט זיכ, א גאנג. איכ זע, ווי דער גרויסער קריכט אראָפּ פונעמ וואָגנ, כאפּט א קאסטנ אונ טאסקעט נאָכ מיר. דאָס ניווזיקל הייבט אימ אויכ אָנ נאָכטאָנ. די בלאָטע דערגייט אימ ביזנ פּופּיק, נאָר ער האָרעוועט, שלעפּט ווי א געדונגענער, גייט אזש אָפּ מיט שווייס, נאָר ער שלעפּט.

טאסקענ מיר שוינ אינדרייענ. דערביי האָב איכ מיר מיט מיינ באלעגאָלישנ קייכל אויסגעמארקירט אזוי: ווענ איכ קער זיכ אומ מיט ליידיקע הענט צומ וואָגנ, זאָלנ זיי מיר גיינ אנטקעגנ מיט די קאסטנס. ווענ איכ שטיי שוינ באמ וואָגנ, זאָלנ זיי אויסקומענ צו מיר מיט דער פּלייצע.

ס'איז געקומענ צו די לעצטע דרײַ קאסטנס, נעמענ מײַנע צוויי אָרכים צו קאם=
טנ און איך, קומט אויס, דארפ נעמענ דעם דריטנ. בינ איך זיך מעיאשעוו און נעם
בעסער ארויס מײַנ ביקס און קנאַק דעם גרויסנ דײַטש אינ רוקנ — האָט ער זיך
א פליוכע געטאָנ מיט דער מאָרדע אינ דער בלאָטע, און א גוטנ טאָג מיט דער קא=
פּאָטע! דאָס קלײנע דײַטשל האָט באלד א וואָרפ געטאָנ דעם קאסטנ, האָט זיך אומ=
געקוקט און א כאפּ געטאָנ זיך פארנ אווטאָמאט — האָב איך דעם קלײנעם אויך
אוועקגעלייגט. בינ גלײַך צוגעלאָפנ צו מײַנע פאסאזשירנ, ארויסגעשלעפּט די דאָקו=
מענטנ זייערע, אָפּגענומענ, געווייִנלעכ, מײַנ קעמעלע. דערנאָכ האָב איך ארויסגע=
פירט דעם וואָגנ פונ דער בלאָטע, צוריק געבראכט צו טראָגנ אלע מײַנע צענ קאסטנס,
אויסגעקערעוועט דעם דישעל און זיך געלאָזט אהיים".
אווראָם הוקײַלע האָט כיטרע א ווינק געטאָנ, צורעכט געמאכט דעם מעדאל אפ
דער ברוסט און פארענדיקט זײַנ געשיכטע אזוי:
— דאָס האָט מיר שוינ דער קאָמאנדיר פונעם פּאָלק ארויסגעגעבנ דערנאָכדעם.
אָנגעטשעפּעט מיר פארנ גאנצנ סטרוי דעם מעדאל, קוועטשט מיר די האנט און
מאכט צו מיר: „א גרויסנ יאשערקויעכ אײַכ, כאווער יעזדאָוואָי אבראם הוקײַלאָ!".
פארשטייט זיכ, אז „יאשערקויעכ" האָט ער ניט געזאָגט. דאָס זאָג איך שוינ. ער
האָט מיר געזאָגט פּראָסט: מאָלאָדיעצ הוקײַלאָ!



## אווראָמ קאהאנ

# אונדזער בריק

איר פארשטייט דאָך אליינ, כאווער קאפיטאנ, אז אונדזער בריק ווערנ מיר ניט לאָזנ אופרייסנ. אזא בריק! מײַנ טאטע זאָגט, אז ניט איינ זונטיק האָט זייער פאבריק געשענקט דעם דאָזיקנ גרויסארטיקנ בריק. איבער דער גאנצער געגנט האָט ער געשעמט. טוריסטנ פלעגנ קומענ זיך כידעשנ אפ אים. מע האָט אים פאָטאָגראפירט, אונ די קארטלעך פארקויפט איבער אלע שטעט. איך בינ אנומלטנ געווענ אינ מאָסקווע מיטנ טאטנ אפ דער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג. איך טו א קוק — א קארטל מיט אונדזער בריק.

— טאטע, — זאָג איך, — זע נאָר, דער שטעטלדיקער בריק.

— וואָס דען, מאָטקע, האָסט געמיינט, אז אינ מאָסקווע ווייסט מענ ניט וועגנ אונדז? מע ווייסט אפילע סארא גוטע כאזיירים מיר כאָווענ אויס אינ אונדזערע פערמע.

אונ ווירקלעך, אינ פאווילאָנ פונ אונדזער רעפובליק הענגט די פאָטאָ פונעם שענסטנ כאזער — „וואסקע דעם פריילעכנ". ער שמייכלט מיט דער שטענדיק לוסטיקער מאָרדע, מיט די פארגאָסענע אויגנ — „וואסקע דער פריילעכער".

איז אָט, כאווער קאפיטאנ, וועל איך אײַך דערציילנ, וויאזוי ס'איז אלץ פאָרגעקומענ, פונ אָנהייב אָנ. גאנצפרי בינ איך מיט מישקע וואָראָביי געווענ ניט ווײַט פונעם בריק. דער וועג איז אונדז גוט באקאנט, ער פירט אינ שול ארײַנ. מיר זײַנענ געגאנגענ לעבנ קאָרנ, — הויכער קאָרנ הײַנטיקס יאָר. מישקע האָט מיך געוואָלט אוועקשלעפנ אינ וועלדל, איך האָב ניט געוואָלט. איך האָב ליב גאנצפרי ליגנ לעבנ קאָרנ אונ זיך צוהערנ צו זײַנ רויש. דערנאָך האָט מישע געוואָלט גיינ זיך באָדנ, אונ איך האָב ניט געוואָלט גיינ. האָבנ מיר זיך אָנגעהויבנ אפ קאָטאָוועס ראנגלענ, געקאדוטשעט איינער דעם צווייטנ אונ, ווי איך ליג אזוי מיטנ פאָנעם ארופ אונ אפ מיר זיצט מישקע וואָראָביי אונ קאדוטשעט מיך, דערזע איך פלוצעם איבערנ וועלדל אנ אעראָפלאנ, וואָס איז געבליבנ אפ א מינוט הענגענ, ווי פארגליווערט, אינ דער הייך.

— שטיי, מישקע! — טו איך א געשריי. — לאָז מיך גאָר אָפ.

— גיב זיך פריער אונטער, — ענטפערט מישקע אונ סאָפעט מיר ווי א פערד גלײַך אינ פאָנעם ארײַנ.

איך האָב אים א שטויס געטאָנ מיט אלע קויכעס, אופגעשפרונגענ אפ די פיס אונ געוויזנ מישקענ אפנ אעראָפלאנ.

— דו זעסט, וואָס סע טוט זיך דאָרטנ? — זאָג איך צו מײַנ כאווער.

— איך זע, — זאָגט ער.

אינ דער זעלביקער רעגע באמערקנ מיר, ווי פונעם אעראָפלאנ פאלנ ארויס צוויי פינטעלעך, וואָס ווערנ וואָס א רעגע גרעסער אונ גרעסער. פאר שרעק האָט מיך מישקע אָנגעכאפט פארנ ארבל אונ גענומענ ציענ צו זיך, גלײַך ער האָט זיך געוואָלט אויסבאהאלטנ.

— ציטער ניט! — האָב איך א געשריי געטאָנ אפ מישקענ, — ווי שעמסטו זיך ניט — א פיאָנער! האָסט פארגעסנ, אז א פיאָנער דארפ זײַנ דרייסט. וואָס, האָסט קיינ אעראָפלאנ ניט געזענ, האָסט קיינ פאראשוטיסטנ ניט געזענ אפ דײַנ לעבנ?

— יאָ, — מאכט מישקע, — געזענ אי דאָס אי יענץ, אָבער מאָטקע, דאָס זײַנענ דאָך געוויס ניט אונדזערע.

— שא, — טו איכ אַפ אים אַ טופּע אונ קוק זיכ ארום, — שטילער!

דערווײַל באַמערק איכ מיר, אַז די פּינטעלעכ זײַנענ שוינ געוואָרנ גרעסער, זיי האָבנ איצטער אויסגעזענ ווי קעפּלעכ פונ ציבעלעס. אָט דערנענטערנ זיי זיכ צו די קרוינענ פונ די ביימער. איכ טו אַ מעסט אָפּ מיטנ אויג, פונדאַנענ איז אַנ ערעכ אַ האַלבער קילאָמעטער, אונ ס׳ע פאַלט מיר אײַנ דורכקאָנטראָלירנ, וואָס זײַנענ דאָס פאַרא געסט. איכ נעמ אָנ מישקענ פאַר דער האַנט אונ מיר לאָזנ זיכ אַנטקעגנ די מאַלאַכימ פונעמ הימל. ווי נאָר מיר האָבנ זיכ דערנענטערט צום וועלדל, האָב איכ דערהערט: מע גייט. איכ האָב אומיסטנ אַ כאַפּ געטאָנ מישקענ אונ זיכ גענומענ ראַנגלענ מיט אים. מישקע האָט צוערשט ניט פאַרשטאַנענ מײַנ געדאַנק אונ אָפּדערעמעסנ זיכ אָנגעהויבנ ווערנ.

— הער אופ, — שעפּטשעט ער מיר אָפּנ אויער, — אַקוראַט איצט ליגט אימ אינ קאָפּ זיכ טויטשענ.

— נאַרעלע, — האָב איכ אַפּ אימ באַוויזנ אַ געשריי צו טאָנ אונ אימ אַ װוּנק געטאָנ מיט די אויגנ, ער זאָל זיכ לייגנ. אינ דער מינוט האָבנ צווישנ די ביימער זיכ באַוויזנ צוויי: אייגער אָנגעטאָנ ווי אַ מיליציאָנער, דער צווייטער — ווי אַנ אַרבעטער. דער מיליציאָנער איז געווענ אַ נידעריקער, אַ האַרער, אונ דער אַרבעטער אַ הויכער, אַ דיקער, מיט ברייטע אַקסלענ. איכ מיט מישקענ זײַנענ געבליבנ שטיינ קעגנ די פאַרשווינענ. איכ האָב געזענ לויט מישקעס אויגנ, אַז ער וויל עפּעס אויסשרײַענ. בינ איכ אימ פאַרלאָפנ דעמ וועג אונ געפרעגט:

— פעטער מיליציאָנער, — מאַכ איכ, — זאָגט מישקענ, ער זאָל זיכ אופהערנ טשעפּענ צו מיר אונ מיכ טויטשענ.

דער „מיליציאָנער“ האָט אונדז ביידע אָפּגעמאָסטנ מיט די אויגנ, צוגעשטעלט מישקענ צו מײַנ אַקסל אונ געזאָגט אַפּ רוסיש:

— טאַקאָי באָלשאָי אי אימעיעט סטראַכ טאַקאָי מאַלענקי מאַלטשיק.

זאָג איכ צום מיליציאָנער:

— אָט זײַט איר דאָכ אויכ ווי אַ מאַלטשיק-פּאַלטשיק אַנטקעגנ דעמ אַרבעטער, וואָס איר פירט.

ענטפערט דער מיליציאָנער:

— ער האָט זיכ אָנגעשיקערט אונ כוליגאַנעוועט.

דער „אַרבעטער“ שטייט קלוימערשט קוימ אײַנ אַפּ די פיס. איכ קוק זיכ אײַנ אינ „אַרבעטער“ אונ באַמערק: ער איז צופיל אויסגעשמירט. מײַנ טאַטע פלעגט ניט קומענ פונ דער אַרבעט אַזוי אויסגעשמירט. ס׳איז ניטאָ אַזאַ אַרבעט, מע זאָל ווערנ אַזוי אויסגעוואַרזגעט.

דער מיליציאָנער ווענדט זיכ צו מיר:

— זאָג, מאַלטשיק, קיינ סקאַרליוּוקע איז נעענטער דורכנ בריק, צי מיטנ טײַכל?

— גענוי ווייס איכ ניט, — זאָג איכ, — ס׳איז געווענדט פינקטלעכ, וואָס איר דאַרפט אינ סקאַרליוּוקע? אויב צו דער פערמע, איז גייט מיטנ בריק אונ ניט מיטנ טײַכל, נאָר אויב אינ ראַיאָנ-מיליציע, דאַרפט איר גאָר מיט אַנ אַנדער וועג. זאָלט איר זיכ לאָזנ מיטנ וועלדל, האַרפט איר פרעגנ בא דער מיליטערישער וואַכ, וואָס שטייט באַמ אָנהייב פונעמ וועלדל. דער „מיליציאָנער“ מיטנ „אַרבעטער“ האָבנ זיכ איבערגעקוקט אַזוי, מיר זאָלנ ניט כאַפּנ זייער בליק. איכ האָב דערמלט אומיסטנ מישקענ דערלאַנגט אַ זעצ אינ פּאָנעמ, סע שטייענ אימ נאָכ ביז איצטער די פינגער, ער האָט ניט פאַרשוויגנ, געענטפערט מיט אַ פּאַטש, איכ אימ ווידעראַמאָל. כ׳האָב אימ אַוועקגעוואַלגערט אַפּ דער ערד אונ באַוויזנ ביימ-מײַסע אימ אײַנרוימענ אַפּנ אויער, ער זאָל לויפנ זאָגנ, וועמענ מע דאַרפ, אונ אַליינ האָב איכ בא זיכ געפּויעלט, אַז איכ זאָל זיי ניט אַרויסלאָזנ פונ אויג. מישקע האָט פאַרשטאַנענ, וואָס איכ מיינ, זיכ אַרויסגעריסנ פונ מײַנע הענט אונ שוואַליאָמ זיכ געלאָזנ לויפנ. איכ האָב אופגעהויבנ אַ גוואַלד, געמאַכט עטלעכע טריט, געכאַפּט שישקעס אונ אימ נאָכגעוואָרפנ, זיכ געבייזערט אונ געקריצט מיט די ציינ.

— טפֿו, — מאַכט צו מיר דער „מיליציאָנער“, — אַ יונגל זאָל זײַן אַזוי ניט דערצויגן. אָט פֿאַרנעם איך דיך אין ראַיאָן.

— פֿירט מיך טאַקע אין ראַיאָן, וועל איך אים ווײַזן, דעם מישקען. — און כ'האָב אויפֿגעהויבן אַ גרויסע שישקע און מיט קאָם זי אַ שלײַדער געטאָן אַהין, וווּהין מישקע איז אַנטלאָפֿן.

דער „אַרבעטער“ האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ דיק הייזעריקלעך קאָל:

— מאָלאָדיעץ פּאַרען.

דער „מיליציאָנער“ האָט געזאָגט:

— לויף און דעריאָג אים און ברענג אים צו מיר, וועל איך אים אָנלערנען.

איך האָב ניט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון זיי. דער „מיליציאָנער“ האָט זיך געבייזערט אויף מיר. און ווען איך האָב דערזען, אַז ער ציט אויס די הענט צו דער קעשענע, וואָס איז בײַ אים געווען אָנגעשטאָפּט, האָב איך זיך שנעל אויסגעדרייט, אַ פֿײַף געטאָן און פֿאַרשוווּנדן הינטער די ביימער, און גיי כאַפּ מיך.

זיך באַפֿרײַט פֿון אונדז ביידן — פֿון מיר מיט מישקען — האָבן די צוויי „גוטע פֿאַרשוויגענע“ זיך געלאָזט צום בריק. איך האָב געזען, ווי זיי האָבן זיך אוועקגעלייגט אויף די בײַכער און אָנגעהויבן פֿויזען איבערן טיפֿן גראָז. איך — נאָך זיי. אָט באַמערק איך, ווי זיי גיבן עפּעס איבער איינער דעם צווייטן. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר. צי איז מישקע שוין האָרטן, ווו מע דאַרף? אין די אויגן שווינדלט מיר, עס דאַכט זיך מיר אויס, איך'ל זיי פֿאַרלירן, די „פֿייגל פֿונעם הימל“. אין קאָפּ פּיקט אײַן געדאַנק: צי איז מישקע שוין דערגאַנגען? די „פֿייגל“ רוקן זיך אַלץ נעענטער און נעענטער צו אונדזער בריק. אָט זײַנען זיי שוין נאָענט בײַ די שטיינערנע ביקעס, ווו סע שטייט די וואַך. נאָר פֿאַרוואָס זע איך ניט דעם רויטאַרמייער, וואָס שטייט דאָרטן שטענדיק? די „פֿייגל“ פֿאָרען זיך עפּעס בײַ די ביקעס. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, אַ זוך געטאָן מיט די אויגן דעם רויטאַרמייער אויף זײַן פּאָסטן, אים ניט געפֿונען, האָב איך אַ געשריי געטאָן מיט אַלע קויכעס:

— קאַראַול! — און נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. ס'האָט זיך דערהערט אַ שאָס. ס'האָט מיך אַ ברי געטאָן אין אַקסל. איך האָב פֿאַרשטשימעט די ציין און מיט נאָך מער קויעך זיך צעשריגן. אין דער מינוט האָב איך דערזען מישקען מיט עטלעכע אַנדערע. איך בין שוין קוים געשטאַנען אויף די פֿיס. מיט איין האַנט האָב איך באַוויזן: — אָט אַהין גייט, אָט דאָרטן זײַנען זיי! — און בין אומגעפֿאַלן.

באַוועך קאַפּיטאַן, מישקע איז טאַקע אַ מאָלאָדיעץ, ווען ניט ער, וואָלט אונדזער בריק... איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל, אַז מישקע איז אַ מאָלאָדיעץ. ווו איז ער איצט? ער איז אויך פֿאַרוווּנדעט? ס'קאָן ניט זײַן. איך האָב דאָך אים אַליין געזען פֿאָרויס די רויטאַרמייער. ווי־אַזוי זשע קאָן ער זײַן פֿאַרוווּנדעט? איך וויל שלאָפֿן, באַוועך קאַפּיטאַן. זאָל מישקע אַרײַנקומען אַהער, גוט? איך וואַרט אויף אים...



## מ. גערשענזאָן

# פאָן־וואנצ
(א מאָשל)

אין דײַטשלאנד פאָרגעקומען איז אזא מין פאל:
אין איינעם אן אנשטאלט,
וואָס היט די ריינקײַט אָפּ פון ראסן
(דערציילט האָט מיר א מענטש, וואָס האָט ניט ליב צו שפּאסן),
געקומען איז צו גיין אין פולן גלאנצ
א וואנצ.
— וואָס ווערט איר זאָגן, וואנצ? — האָט מען בא איר געפרעגט.
— איך וויל, — האָט זי געזאָגט מיט ווירדע און רעספּעקט, —
דאָ אײַנשטעלן בא אײַך מײַן ייִכעסדיקן סלופּ:
געבוירן בין איך אין אן עכטער דײַטשער שטוב
און אָנגעזאָפּט בין איך מיט ריין אריִיש בלוט.
דאָס גיט מיר רעכט און מוט
זיך שטעלן אויבן-אָן
און פאָדערן פאר זיך דעם טיטל „פאָן".

---

פון דעמלט אָן
איז צווישן וואנצן דאָ א גרויסע מאסע,
וואָס געהערן צו דער דײַטשער ראסע.

---

# כײַעס
(א מאָשל)

פיר כײַעס אין א ווילדן וואלד:
א וואָלף, א הונט, א מאלפּע, א שאקאל,
פארזאמלט האָבן זיך אף דעם —
דעם קלוגן מענטש ארײַנעמען אין קלעם.
דאָס ערשטע וואָרט גענומען האָט דער וואָלף:
— א כײַע איז דער מענטש אפילע גאָר א שוואכע,
נאָר אז ער האָט א בוך, וואָס קענסטו מיט אים מאכן?
מע וואָלט באדארפט א טראכט טאָן, ווי מע וואָלט געקאָנט
דעם בוך ארויסרײַסן פון זײַנע שוואכע הענט!..—
אף דעם דערווידערט האָט דער הונט:

— איכ קאָנ אימ שוינ געזונט,
דאָס מענטשעלע דאָס שוואכע,
רײַס ארויס בא אימ דעמ בוכ,
וועט ער א צווייטנ מאכנ.
מע דארפ זײַנ בעסער גרייט... —

נאָר דאָ איז אימ ארײַנ די מאלפּע אינ די רייד:
— עפּשער בעסער פּרוּוונ נאָכקרימענ דעמ מענטשנ?
אָנטאָנ זיכ אינ קליידער, זיכ פירנ קולטורעל,
וועט עפּשער גאָט דער אייבערשטער אונדז, כײַעס, אויכעט בענטשנ,
מיר זאָלנ הערשנ איבער גאָר דער וועלט! —
— ניינ!.. —
האָט זיכ צערעוועט דער שאקאל. —
„קולטור-שמולטור”, סע קערט די גאל.
דעריבער דארפנ מיר באשליסנ
אויסלערנענ זיכ שיסנ!
דאָס איבעריקע ז'ווערט א שפּײַ.
די וועלט באהערשנ קאָנ מענ נאָר מיט בלײַ!.. —

---

געלויבט האָבנ די כײַעס דעמ גליקלעכנ פּארטראכט
אונ פּאר א פּיורער האָט מענ דעמ שאקאל געמאכט.



Редактор *П. Маркиш* Обложка — художника *Гефтера*

Подписано к печати 10/VIII 1943 г., Л59983 10 1/2 п/л, 12 уч.-изд. листов.
Тираж 7000. Зак. 2087.

17-ая типография национальной книги ОГИЗ'а РСФСР, треста „Полиграфкнига"
Москва, Шлюзовая набер., 10.

## СОДЕРЖАНИЕ — אינהאלט



